שלמה זיטנער



# די משפחה און אנדערע דערציילונגען

מיט פאַרערונג און יראת־הכבוד פאַר מיין פאָטער, ר׳ משה ז״ל,

דער תלמיד־חכם, בעל מידות־טובות און ירא־שמים, וואָס איז אומגעקומען אין ביאַליסטאָקער געטאָ;

און פאַר דער גאַנצער משפחה, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצישע מערדער —

זאָל דאָס בוך זיין ווי אַ מצבה, נאָך זייער הייליקן אָנדענק.

# אינהאַלט:

# קאָנפליקטן בקול דממה דקה

שלמה זיטנער איז אַ שטילער מענטש און אַ שטילער דער־ציילער, אַ קלאָרער און אַ ציכטיקער. דאָס לשון אָפּגעהיט; דער סיפור המעשה פאַרטראַכט, אויסגעבויט און כמעט תמיד מיט אַ מוסר השכל, אַ יידישן, אַ מענטשלעכן בכלל. ווי דאָס זיינען די שילדערונגען אין בוך „דער גראַנגל״, וואָס איז דערשינען אין אורוגוויי.

פונקט ווי ער שטעלט פאַר אונדז אויף דאָס פאַרגאַנגענע לעבן פון פאַרשניטענעם שטעטל אין קורצע דערציילונגען וואָס זענען שטייגעריש און פלאַסטיש און פאַרמאָגן שפּאַנונג און שטאָף פאַר גאַנצע ראָמאַנען, אַזוי מאָלט ער בילדער פון דעם יידישן יחיד אין דער נייער וועלט, דער דרום־אַמעריקאַנער, וווּ ער האָט געלעבט לאַנגע יאָרן, און פון דעם יחיד בכלל אין דעם נייעם אַרום. ער איז פילבאַר און האָט פאַרשטענדעניש פאַר יחידישע איבערלעבונגען בכלל, די סאַמע טיפּסטע און אינ־דיווידועלסטע. ער איז רעאַליסטיש, שלמה זיטנער, און ארץ ישראל, וווּ ער איז היינט אַ תושב, רייסט זיך אַריין טיף און מיט איר טאָגטעגלעכקייט און דערהויבנקייט אין דעם לעבן פון זיינע העלדן, מיט ליבשאַפט, אַרויסרוף און בענקשאַפט.

פאַראַן ביי שלמה זיטנערן אַן אינטערעסאַנטער פּאַראַדאָקס וואָס איז אייגנטלעך דער אינדיקאַטאָר פון זיין שרייבערישער פערזענלעכקייט. ער איז למעשה אַזוי ווי מיר האָבן אים

דערקענט אין מאָנטעווידעאָ, אַ דערציילער וואָס דאָס לעבן רופט אין אים אַרויס דעם דראַנג צו פאַרצייכענען. און ער פאַר־צייכנט זאַכן ביים ראַנד פון לעבן, און פאַרצייכנט זיי שטיל און געלאַסן, געוויגן און געמאָסטן. בדרך כלל דוכט זיך דיר אַז אַלץ איז על מי מנוחות — אָבער אין דער אמתן איז אַלץ שפּאַנונג, קאָנפליקט, געראַנגל, קאַמף. דוכט זיך דיר: זעסט פאַר זיך אַ שטילן, רואיקן, געמאָסטענעם מענטש; אין דער אמתן אַ שרייבער מיט אַ טיפן בליק וואָס דערזעט די ניואַנסן פון די מינדעסטע קאָנפליקטן, דערשפּירט דעם נשמה־געראַנגל פון יעדן ווען, האָט האַרץ פאַרן יחיד און האַרץ פאַרן כלל, איז טיף מענטשלעך און וויברירט מיט יעדנס ליידן.

שטייט איצט שלמה זיטנער פאַר אַ גוואַלדיקן אוצר פון יחידישן און ציבורדיקן געראַנגל, פון „יידן צווישן יידן" און יידן וואָס זיינען אַרומגערינגלט מיט אַ נייער סביבה און שאַפן אַ נייע סביבה. עס איז די ישראלדיקעווירקלעכקייט פון קאָנ־פליקטן, פון געראַנגלען: עדות, מענטאַליטעטן, קולטורן, שפּאַ־נונגען — און אינמיטן אַ י ח י ד וואָס איז נישט אַבסטראַקט, וואָס איז פון בלוט און פלייש, וואָס שאַפט אַ נייעם שטייגער און האָט אויסער חלומות און אויפטרייסלונגען, אַלע אַלטע „קליינע" דאגות: קינדער, קראַנקייטן, ירידות און עליות, געראַנגל צווישן אָרעם און רייך, אַרויפגעאַרבעטן און נייעם עולה, עם הארץ און תלמיד חכם. אַ נייער קאַליידאָסקאָפּ — וואָס קען זיך נישט באַפרייען פון אַלטע קאָנפליקטן און זאָרגן. אונדזער מחבר זוכט אָבער דאָס אינטימע און פנימיותדיקע. ווינטשן מיר אים אַז זיין אהבת ישראל זאָל זיין אַ קוואַל פון נייער אינספּיראַציע. און אַזוי שטיל, רואיק און האַרציק ווי מיר האָבן אים דערקענט אין ווייטן אורוגווייִ זאָל ער דאָ ווייטער אויף אונדזער א ייג ע נ ע ם באָדן בויען זיינע דערציילערישע „פּאַלאַצן". און אפשר זאָל ער אָנהויבן מיטן „דאָרט". פונדער־

ווייטן וועט די פערספעקטיוו זיין אַן אַנדערע — פונקט ווי מיר זעען דאָ אַנדערש די יידן וואָס זיינען געקומען פון דאָרט. פאַר־אייביקן דעם אַנאָנים איז זיין שטייגער. אין מדינת ישראל וואַרטן אַ סך אַנאָנימע יחידים אויף זייער גאולה — ווען אַפילו דורך אַ דערציילונג.

**יצחק הרכבי**

# די משפחה

דאָס נידעריקע שטיבל מיט די קליינע פענצטערלעך שטייט ווי איינ־געבויגן, פון די ווענט קוקן אַרויס רויטע אָפּגעקרישלטע ציגל, וואָס זעען אויס פון ווייטן ווי רויע אויפגעריסענע ווונדן וואָס פאַרשאַפן יסורים. דאָס שטיבל פילט זיך געפאַלן קעגן די אַרומיקע בנינים און געביידעס, שעמט זיך מיט די באַלעבאַטים, קאָן נישט פאַרטראָגן וואָס די משפחה וואָס וווינט אינעווייניק לעבט נישט בשלום, האַלטן זיך אין איין אַרומ־קריגן, יאַדען און עסן איינער דעם אַנדערן און מאַכן די היים פאַר אַ שטענדיקן גיהנום.

ביי דער זייט איז פאַראַן אַ הילצערנע טיר מיט עטלעכע טרעפּלעך אַרויפצוגיין, דאָס איז דער אַריינגאַנג צו דער קראָם פון וואָס די משפחה ציט חיונה. אַ הילצערנער טאמבאַנק מיט האַלב ליידיקע פּאָליצעס, אויף וועלכע ס'שטייען גלעזערנע סלאָיעס באַשפּריינקלטע מיט פליגן־קויט און שטויב. פאַרטריקנטע פלעצלעך וואָס דער באַלעבאָס אַליין באַקט דאָס צום פאַרקויפן ליגן אויסגעלייגט אויפן טאָמבאַנק, וואַרטן אויף קונים. אַן אומעט שפּרייט זיך פון די ליידיקע פּאָליצעס, פון דעם פאַרחושכטן געוועלבל, פון די הילצערנע פּעסער, וואָס שטייען ביים אַריינגאַנג האַלב־צוגעדעקט, ווי זיי זאָלן וועלן פאַרשטעלן זייער ליידיקייט...

דער באַלעבאָס ישראל משה קאָן נישט איינשטיין הינטערן טאָמבאַנק וואַרטן אויף אַ קונה. ער שפּאַצירט אַרום איבערן געוועלבל, מיט די הענט פאַרלייגט אויף הינטן, מעשה באַלעבאָס, און זינגט, ברומט זיך צו אַ ניגונדל וואָס ער האָט געהערט צו שלוש־סעודות אין שטיבל. ער איז אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ קליין קאָזע־בערדל און קינדיש פאַרזשמורעטע אייגעלעך. צוליב זיין שוואַכער ראיה זעט אויס, אַז ער באַמערקט קיינעם נישט און ס'גייט אים קיין זאַך נישט אָן — די משפחה, דאָס ווייב, די קינדער, דאָס געוועלבל האָט קיין שום שייכות נישט צו אים. ער איז דאָ ווי

אַ פרעמדער, אַ זייטיקער. ער גייט אַ סך מאָל אַרום פאַרטראָגן, פאַר־טראַכט.

דאָס ווייב הויבט אָן באַלד אין פרימאָרגן אויסגיסן איר ביטער האַרץ אויף אים, דעם שלים־מזל, דעם שמעגדע, וואָס ווייסט נישט פון דאַנעט אַהין, זעט נישט אַז ס׳זאָל אַריינפאַלן מער פדיון אין קראָם און האָט זיך גאָר צעזונגען אויפן ניכטערן האַרצן.

ישראל־משה פאַרזשמורעט נאָך מער זיינע קליינע קינדערשע אויגן. די זומער־שפּרענקעלעך אויף זיין פּנים ווערן אָנגעגאָסן מיט אַ קופּערנער רויטקייט, וואָס דאָס ווייב איז אים מבזה, מאַכט אים מיט דער בלאָטע צוגלייך, האָט נישט קיין בושה פאַר פרעמדע מענטשן, פאַר שכנים, נשים דעתן קלות, טראַכט ער, אַן אשה האָט לאַנגע האָר און ווייניק שכל. ער ענטפערט איר נישט, ברומט ווייטער פאַר זיך אַ ניגונדל, ווי נישט אים מיינט מען.

בריינע־ביילע, דאָס ווייב, ווערט נאָך מער פאַרביטערט. ס׳פאַרדריסט איר וואָס ער ענטפערט אַפילו נישט, איז זי אינגאַנצן מבטל. דאָס נישט אויסגעשלאָפענע פּנים אירס ווערט בלאַס, דורכזיכטיק, אירע אויגן באַקר־מען אַ גרינלעכן בליאַסק. דאָס ברייטע מויל פאַרקרימט זיך אין אַ זייט. זי פאַרלייגטביידע הענט אויף די באָקעס און צעלאָזט זיך מיט איר מענה־לשון.

— גיטץ נאָר אַ קוק דעם קאַלטן לונג—און—לעבער, זינגט זיך אונטער ווי נישט אים מיינט מען. וואָס גייט אים אָן דעם פרנסה־געבער? ס׳ווייב מיט די קינדער ס׳דעכּניען און גייען אייַן פון טאָג צו טאָג און אים זאָל דאָס אָנהויבן צו אַרן. ביי לייטן אַ מאַנסביל, מ׳זעט ס׳געוועלב גייט נישט, זוכט מען אונטער דער ערד, נישט מ׳נעמט אָן אַלץ פאַר ליב.

און אַז אירע קולות הערן נישט אויף, קאָן ער מער נישט אויס־האַלטן. ער שאַרט זיך שטיל אַרויס און אַנטלויפט פון שטוב. דאָס גייט ער צו זיין חבר שמחה־בונעם דער בתים־מאַכער, וואָס איז אויך געדריקט אין פרנסה און האָט שטענדיק צייט. שמחה־בונעם נעמט אים אויף בסבר פּנים יפות. זיי גייען אַריין אין אַ באַזונדערן צימערל, מ׳שמועסט דברי תורה, מ׳דערציילט זיך מעשיות פון רבין און מ׳פאַרגעסט אין אַלץ.

און אַז ער לאָזט זי שטיין, פילט זי זיך געקרענקט וואָס ער האָט זי נישט געלאָזט זיך אויסריידן דאָס האַרץ. איר בלאַס דורכזיכטיק פּנים

ווערט באַדעקט מיט רויטע פּליאַמעס פון אויפרעגונג. איר ברייט מויל קוקט אַראָפּ מיט פאַרדרוס. זי דערזעט די טאָכטער גוטקע, וואָס איז נישט לאַנג אויפגעשטאַנען פון שלאָף און קייט מיט הנאה. גוטקע איז אַ ברייטע צעוואַקסענע מויד מיט רויטע באַקן און לאַכנדיקע חוצפּהדיקע אויגן. ישראל־משה רופט זי די חצופה.

בריינע־ביילע הויבט אָן אויסלאָזן איר פאַרביטערט האַרץ צו איר. זי קאָן נישט זען ווי זי רייסט שטיקער פון לאַבן ברויט וואָס ליגט אויפן טיש, מאַכט אַפילו נישט קיין ברכה נאָר קייט ווי אַ בהמה.

— גיטס נאָר אַ קוק אַ מויד׳טשיסקו. ס׳האָט נאָך די אויגן נישט געעפנט און האָט זיך שוין צוגעכאַפּט צום פרעס, רייסט שטיקער און גריזשעט ווי אַ חיה. אַנדערע אין דיין עלטער ברענגען שוין אַריין די גאַנצע פּרנסה אין שטוב און דאָ וויל דאָס נאָר גיין פאַרברענגען, אַרומ־לויפן מיט יונגען גאַנצע נעכט און טאַטע־מאַמע זאָל דאַרן דער מח, זאָלן אָנלייגן מיטן קאָפּ, ווו איז דאָס געהערט געוואָרן?

גוטקע ענטפערט נישט. דאָס פרישע ברויט קנאַקט אונטער אירע ציין און אירע אויגן קוקן חוצפּהדיק לאַכנדיק.

בריינע־ביילע הויבט אָן שילטן מיט אַלערליי קללות. באַוויינט איר פינצטער לעבן, איר דאָליע, אַז ס׳איז איר מזל אָפּצומוטשען זיך די ביסל יאָרן מיט אַזאַ מאַן און אַזעלכע טייערע קינדער.

גוטקע הערט אויף צו קייען. די לאַכעדיקע אויגן ווערן בייז און פאַרשפּיצט. זי גיט אַ טופּע מיטן פוס, אַז ס׳דוכט זיך אַז דאָס גאַנצע שטיבל גיט אַ ציטער.

— מאַמע! הערסט אויף מיט דיינע קללות, אַניט גיי איך גלייך אַוועק פון שטוב! — און בריינע־ביילע בלייבט באַלד שטיל.

מנחם, דער זון, איז אַ פּאָר יאָר יינגער פון דער שוועסטער. ער איז אַ נידעריקער, אַ בלאַסער, מיט אַ ווייסער, דורכזיכטיקער הויט און איינגעפאַלן געזיכט און אומעטיקע פאַרוויינטע אויגן. דאָס וואָס גיט אים צו אַ ביסל חן זיינען די געלע געקרויזלטע האָר, וואָס קריכן אים אַרויס פון היטערן טוכענעם היטל, די לאַנגע געדרייטע פּיאות און דאָס געל בערדל וואָס ווארפט אַ רויטלעכן אָפּשיין אויף זיין אומעטיק בלאַס פּנים.

מנחם גרייט זיך איצט גיין אין בית־המדרש, דאָרטן לערנט ער פאַר זיך. די ישיבה האָט ער שוין געענדיקט, פילט ער זיך דערהויבענער. ער קאָן

שוין אַליין זיך פּילפּולען אין די שווערע פּאַרוויקלטע סוגיאָס פון דער גמרא, פרעגן און פאַרענטפערן. ער איז פונקט דער קעגנזאַץ פון דער שוועסטער גוטקע. ער איז אַ שטילער, אַ שעמעוודיקער, גייט מיט געלאַ־סענע בנעימותדיקע טריט און אַז ער זאָגט עפּעס, ווערט זיין פּנים פאַר־גאָסן מיט אַ פייערדיקער רויטקייט ביז איבער די אויערן. ער קוקט צו דער שוועסטער וואָס מאַכט אָן אַ טומל, רעדט אויף אַ הויכן קול און ענטפערט דער מאַמען אַנטקעגן. ער קאָן דאָס נישט פאַרטראָגן. זי גייט אָנגעטאָן אין אַ קורץ קליידל ווי אַ קליין מיידעלע און די גאַנצע שטוב איז מיט איר פול... אַז זי איז דאָ, געפינט ער זיך קיין אָרט נישט. זי לאַכט און חוזקט פון אים, רופט אים רביל, כניאָק, און האַלט אים אין איין באַליידיקן. ער קרענקט אָפּ פון דעם, קאָן אַ לאַנגע צייט נישט קומען צו זיך...

אַז ס׳קומט ערב פּסח, ווערט דאָס גאַנצע שטיבל אויפגעלעבט. אַלע קריגערייען און ערגענישן פאַרשווינדן, מ׳הערט מער נישט די צאַנקערייען און מחלוקתן, ס׳זעט אויס ווי דאָס שטיבל וואַרט מיט אומגעדולד ס׳זאָל זיך אָנהויבן דער טומל און גערודער ביים באַקן די מצות. פון פאַרחושכטן קוימען שלענגלט זיך אַ וואַרעמער רויך מיט גדלות. דאָס כשרט מען דעם אויוון מ׳זאָל קאָנען באַקן מצות. די גאַנצע משפּחה וואַרפט זיך אַריין אין דער אַרבעט. ס׳ווערן גערייניקט די צימערן, די פענצטער, די פּאָדלאָגעס — אַלץ בליאַסקעט און שימערירט. אַלע זאַכן פון שטוב ווערן אַרויסגעטראָגן אין דרויסן. דערנאָך שטעלט מען אַוועק הילצערנע געשטעלן, אויף זיי לייגט מען אַרויף נייע געהובליעוועטע ברעטער אויף צו וועלגערן די מצות. נעבן אויוון שטייען גרייט נייע געפלאָכטענע קוישן, אין זיי ווערן פאַרפּאַקט די פאַרטיקע מצות.

שפּעטער הויבן אָן קומען אָנגעלאָדענע וועגענער מיט זעקלעך מעל, וואָס ווערן אָפּגעלייגט אין אַ באַזונדער צימערל וואָס ווערט פאַרשלאָסן, אָפּגעהיט, קיינער טאָר נישט אַריינגיין אינעווייניק.

דערנאָך ווערט די אַרבעט צעטיילט. ישראל־משה פאַרנעמט דעם פּלאַץ נעבן אויוון — ער איז דער „שיבער". ביי דער זייט האַלט ער גרייט אַ שפּיזל מיט אַ לאָפּעטע, דער הילצערנער שפּיזל בוצט אים אַרויפ־צונעמען אויף זיי די מצות און אויסלייגן זיי גלייך אין הייסן אויוון, די לאָפּעטע — אַרויסצונעמען די פאַרטיקע, אַרויסכאַפּן זיי זאָלן נישט

פֿאַרברענט ווערן. צוליב דער היץ פֿון אויוון איז זיין פּנים פֿאַררויטיקט, צעפֿלאַמט. פֿון די געלע זומער־שפּרענקעלעך שלאָגט אָפּ אַ צונטער־רויטער שיין. די טראָפּנס שווייס אויף זיין שטערן לייכטן מיט אַ פֿייער־דיקן גלאַנץ. ער איז רירעוודיק, איילט זיך און טאָמער ס׳דויערט לענגער ביי די וועלגערקעס, אָדער ביים רעדלער, הויבט ער אָן קלאַפּן מיט די שפּיזלען אין בלעך און שרייען אויף אַ הויכן קול: מצות! מצות! ס׳שטייט אַ ליידיקער אויוון! ס׳טוט אים הנאה וואָס ער קאָן זיי אונטעריאָגן און אַדאַנק אים אַרבעטן זיי שנעלער.

ברײַנע־ביילע איז פֿאַרנומען מיטן קנעטן די מיירעס. זי פֿאַרגעסט אין אַלע דאגות און עגמת־נפשן. זי לייגט אַריין איר גאַנצע קענטעניש אין קנעטן. די מיירע קומט אַרויס נישט צו לויז און נישט צו האַרט, שטענדיק אין דער זעלבער מאָס. די וועלגערקעס קאָנען זיך נישט אָפּלויבן, ס׳גייט ביי זיי ווי געשמירט. נישט ס׳קלעפּט זיך צו צום ברעט און נישט מ׳דאַרף קיין סך האָרעווען ביים וועלגערן. זי אַליין, ברײַנע־ביילע, זעט איצט קיינעם נישט. זי איז אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין קנעטן, אין דער־לאַנגען די אויסגעפּאַרטיקטע מיירעס. דאָס ברייטע מויל אירס, וואָס איז שטענדיק האַלב אָפֿן, פֿאַרקרימט, פֿול מיט גריזשעניש און פֿאַרדראָס, איז איצט צוגעמאַכט, פֿאַרנומען, קוקט אַראָפּ מיט שווייגנדיקער ערנסט־קייט, פֿאַרטיפֿט אין דער אַרבעט.

צווישן די וועלגערקעס שטייט גוטקע אויבן־אָן. אירע גראָבע פּיס זיינען ווי צוגעוואַקסן צו דער פּאָדלאָגע, נאָר איר הויכער בוזעם מיט די אַרויסשטאַרצנדיקע היפּטן באַוועגן זיך האַסטיק געשווינד, טרייסלען זיך כסדר. זי וועלגערט שנעל, יאָגט זיך, קלאַפּט מיטן וואַלגער־האָלץ אויף די געהובליעוועטע ברעטער ביז דאָס טייג ווערט גאַנץ דין, כמעט דורכזיכטיק און כמעט שטענדיק דערלאַנגט זי די ערשטע מצה צום רעדלער. דאָס וויל זי ווייזן די איבעריקע וועלגערקעס, אַז מ׳מוז זיך צואיילן, מ׳קאָן נישט לאָזן שטיין ליידיק די רעדלערס, וועלכע נעמען צו די מצות, רעדלען זיי אָפּ און גיבן דאָס דערנאָך איבער דעם „שיבער״. די אַרבעט ביי גוטקען ברענט אונטער אירע הענט.

די וועלגערקעס איילן זיך, וועלגערן שנעלער די מצות, זייערע קער־פּערס שאָקלען און באַוועגן זיך און ס׳זעט אויס ווי מיט זייערע באַוועגו־

דיקע קערפּערס וואָלטן זיי אויסגעטאַנצט עפּעס אַ מאָדנעם משונהדיקן טאַנץ...

גוטקע, ווי די אָנפּירערין, האַלט אויף אַלעמען אַן אויג. אירע לאַכנ־דיקע אויגן קוקן איצט ערנסט און אָנגעשטרענגט. זי כאַפּט אויף אַלעמאָל די מיירע וואָס דער וואַסער־גיסער דערלאַנגט איר, גיט עס אַ לייג אויס אויפן טיש, צעשניידט עס אויף טייגלעך און צעטיילט דאָס צו די וועל־גערקעס.

די ערגסטע אַרבעט איז אויסגעפאַלן אויף מנחמען. אַז ס׳זאַמלען זיך אָן אַ סך מצות אויפן טיש, מוז ער צולייגן אַ האַנט, צוהעלפן דעם רעדלער, וואָס קאָן זיך אַליין נישט צערייסן. מנחם שטייט איינגעבויגן, פאַרטיפט, האַלט די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד און רעדלט די מצות. און אַז ער ענדיקט, לייגט ער אַרויף די מצות אויף אַ שפּיזל און טראָגט זיי אונטער הכנעהדיק דעם טאַטן, ס׳זאָל אים זיין גרינגער. ער קאָן נישט זען ווי דער טאַטע אַרבעט אַזוי שווער, שטייט אַ גאַנצן טאָג נעבן ברענענדיקן אויוון און טייכן שווייס גיסן זיך פון אים.

און אַז די קוישן ווערן פול און מ׳דאַרף זיי אָפּשיקן צו די קונים — ווער פירט עס אָפּ? מנחם! ס׳איז געוועזן ווי אַ באַשטימטע זאַך. ווער דען וועט עס טאָן? מ׳וועט האָבן צו טאָן מיט פרעמדע טרעגערס, ווילדע יונגען, אַוועקגעבן זיי דעם גאַנצן פאַרדינסט? מנחם האָט זיך אַפילו נישט קעגנגעשטעלט. מיט אַ גראָבן שטריק בינדט ער פריער איין דעם קויש, נעמט אים אַרויף אויף די אַקסלען און מיטן זעלבן שטריק וויקלט ער אַרום די אָרעמס, און שטיל, הכנעהדיק גייט ער אַוועק מיטן אָנגע־פילטן קויש מצות, האַלטנדיק די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד...

צוריק קומט ער אַ מידער, אַ פאַרמאַטערטער. ער האַלט אין איין ווישן זיך דעם שווייס וואָס רינט אים פון האַלדז, פון פּנים. ער האָט אַ פאַרלאַנג זיך אַוועקצוזעצן, זיך אָפּרוען אַ ווײַלע, נאָר אינעווייניק אין דער בעקערייַ איז אַ רעש, אַ טומל, קיינער באַמערקט אים אַפילו נישט. אַלע זיינען איצט פאַרטאָן, פאַרנומען. ער שעמט זיך אַוועקצוזעצן, גיין זיך אָפּרוען. ער שטעלט אַוועק דעם ליידיקן קויש, די מידע אָרעמס ווילן אים נישט פאָלגן. דערנאָך ווערט אים לייכטער. ער וויל נישט אָפּשטיין, אַלע האָרעוועו דאָ איבער די כוחות — די מאַמע, דער טאַטע, אַפילו די שוועסטער גוטקע איז אויך אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן

אין דער אַרבעט. וועט ער אַליין זיך גיין איצט פּיעשטשען? און אַז אַ קויש ווערט ווידער אָנגעפּילט מיט מצות, גיט ער דאָס אַ הויב אין דער הויך, ווי ער זאָל אַלעמען ווייזן אַז ס׳איז ביי אים אַ שפּילעכל. ער פאַרוואַרפט די שטריק אַרום די אָרעמס און באַמיט זיך צו שפּרייזן מיט פעסטע טריט...

שפּעט אין אָוונט, אַז מ׳ענדיקט די אַרבעט, איז דאָ אין שטוב פון כל טוב. איצט קאָן מען זיך פאַרגינען... זאָגט ברײַנע־ביילע מיט אַ מיט־פילנדיק ווייך קול: נאָך אַזאַ האָרעוואַניע דאַרף מען זיך גוט דערנערן... אַ קליייניקייט, האָרעווען פון באַגינען ביז שפּעט ביינאַכט. זי באַקלאָגט זיך נישט, נאָר זי הויבט אַלע ווײַלע די הענט אין דער הויך, ווי זי זאָל וועלן אַרויסציען דעם ווייטיק פון קנעטן אַ גאַנצן טאָג די מײַרעס...

ישראל־משה זיצט אַ מידער, אַן אויסגעשעפּטער, קאָן זיך נישט רירן. זיינע פאַרזשמורעטע אויגן קלעפּן זיך נאָכאַנאַנד. זיין גאַנצער קערפּער גאַרט נאָך רו, נאָר ער שטאַרקט איבער דעם שלאָף. ס׳איז אים אַזוי גוט און אָנגענעם צו זיצן צוזאַמען מיט זיינע בני־בית. די פרוי קוקט איצט צו אים מילד, גוטמוטיק. מ׳הערט נישט איר שטענדיקן מענה־לשון, אירע טענות. פאַרקערט, זי זעט אים צו, טראָגט אים אַלעמאָל צו אַן אַנדער מאכל צו דערכאַפּן דאָס האַרץ. — עס, ישראל־משה — זאָגט זי מיט איבערגעבנקייט. — דו האָרעוועסט אַזויפיל, דער אויוון ציט אַרויס דעם קליאַק פון די ביינער.

מנחם זיצט אָנגעשפּאַרט אין טיש. ער קאָן קוים עפּעס טועם זיין. ער פילט ווי ס׳ברעכן אים די אַקסלען, די אָרעמס און ער איז צופרידן אַז ער קאָן זיצן און רוען, זיך איינהערן צום געמיטלעכן שמועס וואָס טאַטע־מאַמע פירן צווישן זיך.

די איינציקע וואָס באַקלאָגט זיך איז גוטקע. זי ווייזט אירע געשוואָ־לענע הענט, די אויפגעלאָפענע קישעלעך אויף אירע דלאָניעס. זי זאָגט, אַז פון שטיין אַ גאַנצן טאָג זיינען איר די פיס ווי אָפּגענומען, פאַר־הילצערט. אַז זי וויל זיך נישט אַוועקהרגענען... און זי האָט די גאַנצע בעקעריי אין דר׳ערד...

ישראל־משה וויל פאַרציען דעם שמועס. ער דערציילט, אַז זיינע מצות האָבן אַ שם אין שטאָט. ס׳גייט קיין עין־הרע מיט הצלחה. פרנסה איז דאָ בשפע, פון אומעטום קומען אָן באַשטעלונגען, די מצות ווערן געלויבט,

און אַז אויף מאָרגן האָט ער שוין אַ באַשטעלונג פון זיינע חסידים פון „שטיבל״ ווו ער דאַווגט, אַז זיי וועלן קומען באַלד פון באַגינען בייזיין בשעת מ׳באַקט זייערע מצות.

מנחם ווערט באַדעקט מיט אַ צונטערדיקער רויטקייט, ווי זיין בלאַס געזיכט וואָלט פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ רויטן פלאַם. פון איין זייט איז ער צופרידן וואָס די חסידים פון זייער שטיבל וועלן קומען באַקן צו זיי מצות, האָבן צוטרוי וועגן כשרות. אַז ער דערמאָנט זיך אָבער, אַז דערנאָך וועט ער דאַרפן צעטראָגן די פולע אָנגעפּאַקטע קוישן, פלאַמט זיין פּנים פון בושה... ער בלייבט זיצן דערדריקט. ער טראַכט, אַז פּרנסה איז מלחמה און מ׳דאַרף מקבל באהבה זיין...

אויף צומאָרגנס באַלד פון באַגינען זיינען שוין אַלע וואַך. צוערשט שטייט־אויף ישראל־משה, דאַוונט אָפּ שנעל ביחידות, גיט עפּעס אַ קיי בחיפּזון און לויפט באַלד אַריין אין בעקעריי.

נאָך אים קומט אַריין ברײַנע־ביילע. זי קלאָגט זיך אַז זי פילט נישט די הענט, ווי דאָס בלוט וואָלט איר געווען פאַרגליווערט אינעווייניק. זי רייבט אַ ווײַלע איין האַנט אין דער אַנדערער ביז ס׳ווערט איר לייכטער. דערנאָך אַז זי הויבט אָן קנעטן, גייט עס איר פאַנאַנדער, זאָגט זי צום מאַן אים צו באַרויקן, זעענדיק ווי ער קוקט צו איר מיט זאָרג.

דערנאָך שטייט אויף מנחם. ער איילט זיך נישט, טוט זיך אָן לאַנגזאַם. פון רעדלען און שלעפּן די קוישן אַ גאַנצן טאָג דרייען אים די הענט, ווי מ׳וואָלט אַריינגעזעצט אין זיי אייזערנע שרויפן וואָס בויערן נאָכאַנאַנד. צו דער פּלייצע קאָן ער זיך נישט צורירן, ווי ס׳וואָלט געווען אינגאַנצן מיט וווּנדן. ער זאָגט קיינעם גאָרנישט, ער וויל נישט פאַרשאַפן קיין צער, היינט אַוודאי נישט. היינט קומען די חסידים פון „שטיבל״ ביי זיי באַקן מצות, וועט ער גיין זיך איצט באַקלאָגן?

די לעצטע אויפצושטיין איז גוטקע. זי קאָן מען נישט דעררייסן. ברײַנע־ביילע דאַרף זי כּסדר וועקן, דערמאָנען אַז אַלע וואַרטן שוין אויף איר. און אַז דאָס העלפט אויך נישט, גייט זי צו צום בעט און רייסט פון איר אַראָפּ די קאָלדרע. גוטקע עפנט די אויגן דערשראָקן, ניורעט זיך איין ווי אַ חיהלע וואָס דערשפּירט אַ געפאַר און שרייט אַרויס מיט כּעס, — אַז אַלע מעגן וואַרטן פון היינט ביז מאָרגן וועט זי אין פּעקאַרניע נישט אַריינשמעקן. די חסידים וועלן היינט מיט זייערע

מצות געבן אַלעמען די גאָל אין די הענט. ברײנע־ביילע שטייט נישט אָפּ, הויבט זי אָן טרייסלען און וואַרפן ביז די מויד נעמט אַרויסקריכן פון בעט. זי וואָרטשעט אַז מ׳לאָזט זי נישט אויסרוען זיך. זי ציט זיך מיט די הענט אין דער הויך, ווי זי זאָל וועלן אַרויסציען פון זיך די מידקייט און פאַרמאַטערטקייט פון גאַנצן קערפּער. די מוטער דערלאַנגט איר דאָס עסן, זי קייט אָן חשק, טוט דערנאָך אָן דעם וויסן שירץ און גייט אַריין מיט שאַרנדיקע טריט און האַלב פאַרשלאָפענע אויגן אין דער בעקעריי.

די חסידים האָבן זיך מקדים געווען, געקומען גלייך פון באַגינען אין דער בעקעריי און אָנגעהויבן בודק זיין אומעטום. די עלטערע חסידים זיינען געקומען גלייך פון מקווה, ווו זיי האָבן זיך עטלעכע מאָל געטובלט, געקומען מיט צעפלאָמטע פנימער און נאַסע צעפלאָשעטע פיאות, געקומען מקיים זיין די מצווה פון באַקן מצות.

צו ישראל־משהן האָבן זיי געהאַט צוטרוי. אָן אייגענער מענטש, אַ חסיד פון זייער שטיבל. אויף די איבעריקע פון דער בעקעריי האָבן זיי געהאַלטן אַן אויג. אַנדערע האָבן אַכטונג געגעבן ווי מ׳קנעט די מיירעס, באַטראַכט דעם בעקן צי ס׳איז נישטאָ קיין שטשערבעלע, ס׳זאָל חלילה וחס דאָרטן נישט אַריינפאַלן אַ שמץ חמץ; געהאָלפן אַריינשיטן די מעל, אַריינגיסן וואַסער, זיך נישט פאַרלאָזן אויפן שטענדיקן מעל־שיטער און וואַסער־גיסער; אַרויסגעכאַפּט די מיירע און געשווינד עס איבערגעגעבן צום טיש צום וועלגערן; בודק געווען די בלעך ווו מ׳רעדלט די מצה, די כלים און איבערהויפּט האָבן זיי אַכטונג געגעבן אויף די וועלגערקעס, יונגע מיידלעך און ווייבלעך וואָס האָבן ביי די חסידים נישט אַרויסגערופן קיין גרויסן צוטרוי... קודם כל האָבן זיי אַליין מיט שטיקלעך גלאָז געשאָבן די ברעטער, געקוקט ס׳זאָל חלילה נישט פאַרבלייבן אַ שטיקל טייג אין די שפּעלטעלעך און אַז אייניקע האָבן פאַרענדיקט, האָבן אַנדערע איבער־געקוקט, נאָכגעקאָנטראָלירט. דערנאָך האָבן זיי געבעטן די וואַלגער־האָלצן און ווידער אָנגעהויבן שאָבן און סקראָבען, בשעת מעשה געהאַלטן אַראָפּגעלאָזן די אויגן פאַרטיפט אין דער אַרבעט, ווי זיי וואָלטן קיין זאַך נישט געזען אַרום זיך...

דאָס באַקן די מצות איז פאָרגעקומען שנעלער ווי שטענדיק. איינער האָט אונטערגעאיילט דעם צווייטן. די חסידים האָבן געהאָלפן דערלאַנגען

די אויסגעקנעטענע מיירעס צום טיש, אַרויסגעכאַפּט ביי וועלגערקעס די אויסגעוועלגערטע מצות, זיי איבערגעגעבן צום רעדלער, און אַז ישראל־משה האָט אַרויפגעכאַפּט די מצות אויפן שפּיזל, זיינען זיי שוין געווען רואיק. דאָ זיינען זיי שוין געווען זיכער... שפּעטער, אַז די קוישן זיינען געוואָרן פול, האָבן זיי אַרויסגענומען ווייסע בלאַנקנדיקע טישטעכער וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט און פאַרזיכטיק איבערגעדעקט און געוואַרט אַז מנחם זאָל דאָס אָפּטראָגן אַהיים.

מנחם האָט געטראָגן די קוישן, געהאַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, אויסגעמיטן זיך צו באַגעגענען מיט די אַלע באַקאַנטע פּנימער פון „שטיבל" און נאָכגעגאַנגען שווייגנדיק די קונים. דער פאַרוויקלטער שטריק אַרום זיינע אָרעמס האָט זיך ווי איינגעגעסן אין זיין לייב. ער האָט נישט געשפּירט קיין ווייטיק, נאָר זיין בלאַס געזיכט איז איצט געווען שטאַרק פאַררויטיקט, ווי דאָס גאַנצע בלוט זיינס וואָלט אים געקומען אין פּנים אַריין. ער האָט נישט געקענט פאַרנעמען דאָס פריילעך סקרוכען פון די פרישע מצות. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ס'הילכט אים אָפּ אין די אויערן אַ ירגזונדיק בייזערדיק קול, וואָס באַליידיקט און דער־נידעריקט אים... ער פילט זיך געפאַלן, דערדריקט אַנטקעגן אַלעמען.

עטלעכע טעג פאַר פּסח האָט מען געענדיקט באַקן די מצות. דער גאַנצער קאָך און גערודער איז מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט געוואָרן. אין שטיבל איז אַנטשטאַנען אַ דערדריקנדיקע שטילקייט, וואָס האָט אַלעמען געשראָקן, אַרויסגערופן זאָרג און באַטריבטקייט.

מנחם ליגט אין בעט קראַנק פאַרביי, קאָן זיך נישט רירן. דער גאַנצער קערפּער איז אים ווי אויפגעלאָפן, אויפגעבלאָזן ווי אַ פּענכער וואָס האַלט ביים פּלאַצן. ער ליגט צונויפגעקאָרטשעט, איינגעניורעט אין זיך. ער וויל פאַרנעמען וואָס ווייניקער פּלאַץ... ער קאָן נישט פאַרטראָגן וואָס ער פאַלט אַלעמען צו לאַסט. זיין אָפּגעצערט פּנים זעט אויס נעבעכדיק, פול מיט צער. זיין בלאַסע הויט איז איצט העל און דורכזיכטיק, ווי ס'וואָלט געווען באַשטראַלט מיט אַן אָפּשיין פון אַ ברענענדיק ליכט. אַלע אין שטוב גייען אַרום אויף די שפּיץ פינגער, ריידן שטיל, איינגעהאַלטן, אים נישט צו שטערן דעם שלאָף. אָבער מנחם אַליין שלאָפט נישט, די ווייטיקן לאָזן אים נישט אָפּ, שרייען אַרויס פון אַלע זיינע גלידער מיט אַ יאָמערדיק פאַרקלעמט קול. ער האַלט נאָר די אויגן אַראָפּגעלאָזן צו דער ערד און

פילט זיך מאָדנע שולדיק, באַדויערט זיך אַליין, וואָס אַלע דאַרפן אים באַדינען, ציטערן אויסצורעדן אַ הויך וואָרט, קוקן אויף אים און פאַרברעכן די הענט. ס׳מאַטערט אים דער געדאַנק, אַז צוליב אים וועט דער פריי־לעכער טיש צום סדר נישט קאָנען געפייערט ווערן ווי אַלע יאָר. צוליב זיין קראַנקייט וועט די משפחה האָבן אַ פאַרשטערטן יום־טוב, כאָטש פרנסה איז דאָ בשפע.

דאָס שטיבל, וואָס איז פאַר דער צייט פון באַקן די מצות ווי אויפ־געריכט געוואָרן, געווען פול מיט טומל און גערודער, שטייט ווידער איינגעבויגן, פאַרחושכט. אין דער בעקעריי איז שטיל און אומהיימלעך, אַן אָנגעצויגענע געשפּאַנטע שטילקייט וואָס וואַרפט אָן אַ פחד... ווי דער הויך פון אַ לעבעדיק וועזן וואָלט דאָ געאָטעמט נישט לאַנג, געסאָפּעט מיטן גאַנצן כח און איז מיטאַמאָל פאַרשטאַרט און פאַרגליווערט געוואָרן, און איר טונקעלער שאָטן וואָלט געבליבן ליגן אונטער די ליידיקע אויס־געצויגענע ברעטער, קוקט אַרויס דורכן פינצטערן חלל פון אויסגעלאָשענעם קאַלטן אויוון...

מנחם קאָן נישט פאַרטראָגן וואָס אַלע גייען אַרום איבערן שטוב מיט שטילע פאָרזיכטיקע טריט, באַמיען זיך נישט צו מאַכן קיין שום גערויש. די אָנגעצויגענע שטילקייט פון אַרום דריקט אים ווי אַ שווערע משא און פאַרגרעסערט נאָך מער זיינע ווייטיקן...

ער הויבט אויף די אויגן און באַמערקט די ליידיקע קוישן וואָס שטייען אויפן אויוון פאַררוקט אין אַ ווינקל, און אין וועלכע ער האָט איבערגעטראָגן די גאַנצע מצות אויף זיינע אַקסלען. די ליידיקע קוישן שטייען נאָענט איינער נעבן אַנדערן, ווי זיי וואָלטן זיך געטוליעט אין זייער איינזאַמקייט און פאַרלאָזנקייט, פילן זיך שולדיק אין זיין שווערן מצב... אין די בזיונות וואָס ער איז אויסגעשטאַנען די גאַנצע צייט... די ליידיקע קוישן קוקן איצט צו אים מיט מיטלייד און באַדויערן...

# די צוויי גאָרנדיקע ווילִיע

מענדל ברוקמאַן איז אַ מגושמדיקער טיפּ. אַ הויכער, אַ צעוואַקסענער, מיט אַ פלאַטשיק אויסדרוקלאָז פּנים, וואָס ווערט נישט נתפּעל פון קיין זאַך, און קליינע הינערשע אויגעלעך וואָס זשמורען נאָכאַנאַנד, ווי זיי וואָלטן זיך פילן פרעמד אין דעם גרויסן צעוואַקסענעם קערפּער. זיין הויט איז טונקל, שלאָגט אַריין אין אַ ברוינלעך וויאָלעטן קאָליר, זעט אויס ווי אָפּגעסמאַליעט. דאָס קומט אים פון אַרומפּאָרן שטענדיק איבער די „טשאַקרעס" אויפקויפנדיק פעלן, וואָס ער פאַרקויפט זיי דערנאָך צו די גרויסע פעלץ־הענדלער וואָס מאַכן פון דעם לוקסוסדיקע פוטער־מאַנטלען.

ער גייט שטענדיק אַרום פאַרשמאָדערט, אָפּגעלאָזן, ער איז דורכגענומען מיט ריחות פון אַלערליי סאָרטן פעלן. די פאַרדומפּענע ריחות באַגלייטן אים שטענדיק, טראָגן זיך פאָרויס, גיבן צו וויסן, אַז ער מענדל ברוקמאַן האַנדלט מיט פעלן און איז פון דעם נתעשר געוואָרן. ווי אַן עדות איז דער ברילִיאַנטענער רינג וואָס ער טראָגט אויף זיין האַנט און שפּיזלט אין אַלע זייטן מיט אַ שטראַלנדיק בלישטשענדיקן שיין. דער שימערירנדיקער גלאַנץ באַמיט זיך אָפּשטויסן, דערווייטערן די איבלדיקע פעל־ריחות וואָס טראָגן זיך פון אים...

מענדל ברוקמאַנס פרוי איז אינגאַנצן אַנדערש פון אים. זי איז קליין, רונד, מיט אַ ווייס־ראָזלעכער הויט און צאַרטע איידעלע שטריכן. אירע גלאַטע פּוכקע הענט גיבן צו וויסן, אַז זי פאַרשמעקט נישט אין קיך אַריין. זי זאָגט, אַז די קיך־ריחות מאַכן זי קראַנק, אַז יעדע פיזישע אַרבעט פאַרשאַט איר. זי בייט אַלע ווײַלע אירע טואַלעטן. איז כסדר פאַרנומען מיטן גיין צו די מאָדיסטקעס פּאַסן זיך די קליידער, קאָסטיומען און מאַנטלען, און אַז ס׳גייט אַרויס פון דער מאָדע אָדער זי וואַרפט אַן אומחן, שענקט זי זיי אַוועק די דינסטן וואָס זי האַלט אין איין בייטן.

מענדל ברוקמאַן איז אַ גאַנצע וואָך אונטערוועגנס, פאַרנומען מיטן

אויפקויפן די פעלן, מיטן פּאַקן, סאָרטירן, און אָפּשיקן דאָס דורך דער באַן, מיט די חשבונות, מיט די וועקסלען און צאָלונגען. ענדע וואָך פאָרט ער אַהיים, ער וויל זיך אָפּרוען פאַר דער גאַנצער וואָך זיין נע־ונד, וואַלגערן זיך אין דער פרעמד. און ווי ער עפנט נאָר די טיר פון זיין שטוב, ווערט אַ שמחה: די פרוי, די טעכטער כאַפּן אים אַרום, דריקן אויס זייער פרייד מיט זיין קומען. זיין צעוואָקסענער גוף, די דומפּיקע פעל־ריחות וואָס ער ברענגט מיט מיט זיך פילן אָן די גאַנצע שטוב, דערמאָנען זיינע בני־בית, אַז ער איז אַ גאַנצע וואָך ווייט פון דער היים, פלאָגט זיך, קומט אָפּ כדי ס׳זאָל זיי קיין זאַך נישט פעלן. די פרוי איז אויסגעפּוצט יום־טובדיק, ער פילט די באַרירונגען פון אירע פּוכקע הענט, די אויפגעלאָפּענע קישעלעך פון די שפּיץ־פינגער, איר ווייס־ראָזלעכע הויט בלענדט אים אין פּנים און אַ הייסער שטראָם צעגיסט זיך אין זיין גאַנצן קערפּער, הויבט אָן יערן און ברויזן, זיין פלאַטשיק אויסדרוקלאָז פּנים ווערט אויפגערודערט, צעוועקט, זיינע קליינע אויגעלעך פאַרזשמורען זיך פון געגאַרטן תענוג און געניוס, ער פילט די געמיטלעכקייט און דאָס גליק פון זיין היים.

דאָס וואָס פאַרשאַפט אים זאָרג, זיינען די אונטערגעוואָקסענע טעכטער זיינע, וואָס זיינען אַלע געראָטן אין אים. אַלע זיינען זיי אַזעלכע מגושמ־דיקע, צעוואַקסענע, מיט הויכע געשטעלן, גייען אַרום מיט שווערע, האַמעט־נע טריט, ריידן אויפן הויכן קול און די גאַנצע שטוב איז מיט זיי פול. ער טראַכט, אַז מ׳דאַרף עפּעס זען וועגן אַ תכלית.

מענדל ברוקמאַן איז איינמאָל געקומען אַ צעשמייכלטער, דערציילט אַז ס׳מאַכט זיך אים צו קויפן אַ „טשאַלעט״ הינטערן שטאָט, מיט אַ גרויסן גאָרטן און אַלע באַקוועמלעכקייטן. די וואָך איז ער שוין נישט געפאָרן אויפקויפן קיין פעלן. דער 2־גאָרנדיקער טשאַלעט האָט אים פאַרכאַפּט. ער האָט געהאַלטן אין איין נאָכלויפן דעם אייגנטימער, געוואָלט ער זאָל אים נאָכלאָזן פון פּרייז. נאָר אַז יענער האָט זיך פאַרעקשנט, האָט ער גלייך איינגעצאָלט אַן אויפגאָב און געבעטן מ׳זאָל צואיילן מיטן איבער־שרייבן, ער וויל זיך גלייך איבערציען.

דאָס ווייב, די טעכטער, האָבן אָנגעהויבן זיך קרימען — וואָס הייסט מ׳וועט נעמען כאַפּ־לאַפּ זיך איבערציען. מ׳וועט אַריינגיין אין אַזאַ לוקסוס־

דיקן „טשאַלעט״ מיט אַלטמאָדישע מעבל, מיט אַלטע, אָפּגעקראָכענע טראַנ־
טעס, ס׳איז דאָך אַ חרפה פאַר מענטשן.

מענדל ברוקמאַן האָט נאָכגעגעבן. זיך געפילט הינטערשטעליק, צוריק־
געשטאַנען אַנטקעגן ווייב און די טעכטער, געגעבן זיי גערעכט. געטראַכט
אַז דאָס קומט אים מסתמא ווייל ער איז שטענדיק אינטערוועגנס און ער
פאַרמאָגט נישט זייער גרויסשטאָטישן געשמאַק.

אין דער ווילע האָבן אָנגעהויבן קומען מאַלערס, צייכענערס, אַרכי־
טעקטן, וואָס האָבן באַטראַכט, געקוקט, געמאָסטן די צימערן, געצייכנט,
גערעכנט, פאַרשריבן, אָוועקגעגאַנגען פאַרטיפטע ווי זיי וואָלטן מיט־
גענומען דעם פּלאַן פון דער ווילע מיט זיך.

שפּעטער אַז דער גאַנצער „טשאַלעט״ איז שוין געווען לוקסוסדיק
אויסגעשטאַט, האָט די פרוי געגעבן איר צושטימונג אַז מ׳קען זיך איבער־
ציען.

מענדל ברוקמאַן איז געשטאַנען אין געררוימען עס־זאַל, אַרויסגעקוקט
דורך די גרויסע פענצטער צו דער גאַס און אָנגעקוואָלן פון תענוג. דאָס
גלאַנציק־שפּיגלדיקע מעבל, די אויסגעשפּרייטע טעפּיכער אויף די דילן,
וואָס האָבן אַריינגענומען אין זיך זיינע שווערע טריט, די בילדער אויף
די ווענט פון כינעזישע לאַנדשאַפטן און מאָטיוון, האָבן אָנגעפילט דעם
געררוימען זאַל מיט איינוויגנדיקער רו און געמיטלעכקייט. ער האָט נישט
געקענט אָפּרייסן זיינע אויגן פון „באַר״, וואָס האָט זיך געפונען אין
„ליווינג״ און איז געווען אויסגעשטאַט מיט אַלערליי סאָרטן געטראַנקען.
ער האָט געהאַט אַ געוואַלדיקע הנאה אַרויפצושטייגן אויף די געוועקסטע
טרעפּ וואָס האָבן געפירט צום אויבערשטן גאָרן. די טרעפּ זיינען געווען
געמאַכט פון אַ רויטלעכן טונקעלן האָלץ, וואָס האָט אַריינגעשלאָגן אין
אַ וויין־קאָליר און ווען ער האָט אָנגעהויבן אַרויפגיין אויפן רויטן טעפּיך
וואָס איז געווען אויסגעלייגט אינמיטן, איז זיין פלאַך תמעוואַטע פּנים
געוואָרן אָנזיכטיק, ערנסט, געקוקט מיט חשיבות אַרום זיך...

אויפן צווייטן גאָרן זיינען געווען די שלאָף־צימערן, פון דאָרטן האָבן
ווידער געפירט טרעפּ צו אַ טעראַסע וואָס האָט זיך פאַרענדיקט אין דער
הויך מיט אַ רונדן קופּאָל, וואָס האָט זיך אָנגעהאַלטן אויף פיר רונדע
זיילן, באַפּוצט מיט גיפּסענע געזימסן. די טעראַסע איז געווען אָפן פון
אַלע זייטן. ער איז אַרויף אין דער הויך, זיך אָוועקגעזעצט אין דעם

אייזערנעם האַמאַק, זיך אויסגעצויגן מיט רחבות, זיך אָנגעהויבן וויגן און באַטראַכטן די פּאַנאָראַמע, אַלע אַרומיקע הייזקעס „ראַנטשאָס" האָבן אים אויסגעזען קליין, אָרעם, נישטיק. פון דער טעראַסע האָט ער געקענט זען די גלעזערנע דעכער פון די אַרומיקע בנינים, די פאַרצויגענע דראָטן מיט הענגענדיקע וועש וואָס די פרויען האָבן אַלע טאָג געוואַשן, באָרוועסע און האַלב־נאַקעטע קינדערלעך האָבן זיך געשפּילט אויפן גאַס, אין שטויב, אין בלאָטע. מענער מיט לייכטע בגדים זיינען געזעסן פאַר די טירן און געצויגן אַ „ביטערע", זיך אָפּגערוט פון אַ שווערן טאָג אַרבעט. זייערע פּנימער האָבן אויסגעזען מיד און פאַרמאַטערט.

מענדל ברוקמאַן האָט זיך געפילט פריש, מונטערדיק. אַ קיל ווינטעלע האָט אַרומגעשפּאַצירט איבער דער טעראַסע, אים געגלעט, געלאַסטשעט, ווי פּעכערס וואָלטן געווייעט אויף אים פון אַלע זייטן. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און געטראַכט, אַז דאָס קויפן די ווילע איז געווען אַ גוטער איינפאַל, ער ווערט מער געשעצט און געאַכט פון אַלעמען און די ווילע וועט אויך העלפן ער זאָל קענען קומען צו אַ תכלית מיט זיינע טעכטער...

מענדל ברוקמאַן האָט אָנגעהויבן איינלאַדן געסט צו זיך אין דער ווילע, געוויזן דאָס שיינע מאָדערנע מעבל, די געשמאַקפולע אויסשטאַטונג, דעם „באַר" און דערנאָך פאַרגעשטעלט די טעכטער, שפּעטער אַרויפגעפירט די געסט אויף דער טעראַסע, זיי געהייסן קוקן אויף דער פּאַנאָראַמע, אויף דער גאַנצער געגנט, ווי ער זאָל זיי ווייזן דעם קאָנטראַסט.

אויף די אויפנאַמעס זיינען די מיידן אַרומגעגאַנגען מיט פולע אָנגעשטעלטע טאַצן, דערלאַנגט כיבוד די געסט. אַלע זיינען זיי געווען אויסגעפוצט, אויסגעסטראָנצלט, מיט ענג־געפּאַסטע קליידער און שמאָלע איינגעצויגענע טאַליעס. די אַרויסגעשטעלטע ברוזעמס האָבן געערופן, זייערע וויגנדיקע היפּטנס האָבן געוווּנקען, די קלעצלדיקע פיס האָבן זיך געהוידעט אויף די דינע קנאַפּעלעך.

מענדל ברוקמאַן האָט אויפגענומען די געסט מיט אַ צעגאָסענעם שמייכל, בשעת מעשה געטראַכט פון די טעכטער, וואָס אַלע זיינען געראָטן אין אים, האָבן זיין געשטעל, זיין פיגור. קיין איינע פון זיי איז נישט ענלעך צו דער מאַמען. אַלע ריידן זיי הויך אויפן קול, גייען מיט פעסטע מאַנסבילשע טריט, האָבן נישט דער מאַמעס געשמאַק זיך שיין אָנצוטאָן און קיינער קלעפּט זיך נישט צו צו זיי.

ער האָט נישט געקענט שלאָפֿן קיין נעכט. צו וואָס טויג זיין גאַנצע האָרעוואַניע? די ווילע אין וועלכער ער האָט אַריינגעלייגט אַן אוצר מיט געלט, די עלטסטע טאָכטער איז שוין אַריבער די צוואַנציק און ס׳וואַקסן אונטער די איבעריקע. ס׳איז אים קיין זאַך נישט איינגעגאַנגען. ער פלעגט אויפשטיין גאַנץ פרי און זיך אַרומדרייען איבער די צימערן, אַנמאַכן אַ גערויש מיט זיינע שווערע טריט, ווי ער זאָל וועלן בכיוון אַלעמען אויפוועקן, זיי זאָלן אים מיטפילן. די פרוי נעמט זיך איינגאַנצן נישט צום האַרצן פון דעם, איר ליגט נאָר אין זינען איר פיגור און איר גאַרדעראָבע. זי איז כסדר פאַרנומען מיט די מאָדעס, און זאָגט אים אַז מ׳דאַרף אַלץ לאָזן מיט דער נאַטור.

אין אָוונט ווען די קינדער שלאָפֿן, טענהט ער איין מיט דער פרוי זיי זאָלן גיין צו אַ שדכנטע, אויסזוכן אַ פּאַסיקן שידוך פאַר דער עלטערער טאָכטער. ער מוז עפּעס טאָן ווען נישט קען ער נישט אַרויספאָרן וועגן זיינע מסחרים, גיט ער איר צו דערקלערן.

אויפן צווייטן טאָג זיינען ביידע געזעסן אין אַ ליכטיקן אויפנאַם־צימער און גערעדט מיט אַן עלטערער פרוי וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט שידוכים. קודם כל האָט זי אויפגעעפנט אַ רעגיסטער ווו זי האָט געהאַט פאַרצייכנט פאַרשיידענע נעמען פון כלה־מיידלעך, אונטערגע־שטראָכן די יאָרן, זייער יחוס, דעם נדן, און קאַנדידאַטן חתנים, זייערע פּראָפעסיעס, טיטולן, די יאָרן און וויפל זיי פאַרלאַנגען. זי האָט באַלד געבעטן אַ געוויסע סומע פאַרן איינשרייבן אין רעגיסטער אירן, זיך פאַרטיפט אין דער רשימה און גלייך זיי געזאָגט, אַז זי האָט אַ פּאַסיקן קאַנדידאַט, אַ יונגערמאַן וואָס האָט נישט לאַנג געענדיקט, אַ פּראָפעסיאָנאַל מיט אַ טיטול, אָבער זיינע עלטערן פאַרלאַנגען אַ גרויסן נדן מיט אַלע חתונה־הוצאות.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז אין דער ווילע פון מענדל ברוקמאַן געווען שטאַרק ליכטיק. אַ בלענדנדיק ליכט האָט אַרויסגעשיינט אין גאַס. די פאַראַלן אין גאָרטן זיינען געווען אַלע אָנגעצונדן, געשפּרייט אַרום זיך אַ טונקעלן שיין, געמאַכט אַז די ווילע זאָל אויסזען סודותדיק־מיסטעריעז. די געסט, די עלטערן און זייער זון, זיינען געזעסן אויבנאָן. דער שמועס איז געווען אַ ליבנסווירדיקער, אַ צוגעלאָזטער. מ׳האָט זיך געמאַכט קאָמ־פּלימענטן איינער דעם אַנדערן, זיך באַמיט צו געפעלן.

מענדל ברוקמאַן איז געזעסן און עס האָט אים געהויבן פון אָרט. ער האָט געוואַרט פאַרצושטעלן די עלטערע טאָכטער און דאָ, ווי אויף צו להכעיס, האָט זי זיך פאַרהאַקט ביי זיך אין צימער און וויל נישט אַרויסגיין, וויל זיך נישט ווייזן. וויפל מ׳האָט זיך ביי איר געבעטן מיט גוטן און מיט בייזן, ס׳האָט קיין זאַך ניט געהאָלפן, זיך פאַרעקשנט ווי אַ נאַרישע קאָבילע. ער איז געווען צעטראָגן, אויפגערעגט, אַלע ווײַלע געקוקט צו דער טיר אפשר וועט זי זיך באַווייזן. אַ צעיוירענער שמייכל האָט זיך צעגאָסן איבער זיין גאַנץ פנים. מיטן שמייכל האָט ער געוואָלט פאַרשטעלן זיין צעטראָגנקייט. ער האָט זיך געפילט געטראָפן וואָס די טאָכטער פאַרשעמט אים פאַר פרעמדע מענטשן. ער האָט זיך אַנטשולדיקט, זיך אויפגעהויבן פון זיין פלאַץ, צוגעגאַנגען צו דער טאָכטערס צימער און אַריינגערעדט מיט אַ שטיל קול, די געסט זאָלן נישט הערן, זיך געבעטן ביי איר מיט גוטן:

— זי שטעלט אים בחרפה פאַר די געסט. אַלע וואַרטן אויף איר, מ׳וויל זי פאַרשטעלן און דאָס איז פאַר איר טובה וועגן.

אַן אָפּוואַרטנדיקע שטילקייט.

מיטאַמאָל האָבן זיך דערהערט טריט און אַ פאַרעקשנטער קול האָט אַרויסגעשריגן פון אינעווייניק מיט פאַרביסנקייט.

— פּאַפּאַ! כ׳וועל נישט אַרויסגיין! דיינע געסט מעגן וואַרטן פון היינט ביז מאָרגן, און פייניקט מיך מער נישט! ס׳עקלט מיר פון דעם! אַלץ וואָס זיי זיינען אויסן איז נאָר דאָס געלט, דעם נדן. זיי ווילן פאַרהאַנדלען אַ טיטול, זאָלן זיי זיך האַלטן מיט אים.

מענדל ברוקמאַן האָט זיך צוריקגעקערט צו די געסט. זיין פנים איז געווען בלאַס צעפלעקט מיט רויטע פליאַמעס פון פאַרדרוס און אויפ־רעגונג. ער האָט זיך געפילט פאַרלוירן, געשטאַמלט, נישט געוווסט ווי אַזוי זיך צו פאַרענטפערן, פאַרוואָס די טאָכטער איז נישט אַרויסגעקומען.

און אַז די געסט זיינען אַוועק, האָט ער זיך האַסטיק אויפגעהויבן פון זיין פלאַץ, צוגעלאָפן צו דער טיר פון דער טאָכטערס צימער, אָנגעהויבן קלאַפּן און זעצן מיט די פויסטן, אַריינשרייענדיק אינעווייניק.

— די מינוט זאָלסטו מיר עפענען די טיר און גלייך אַרויסגיין, דו הערסט?! ווען נישט מאַך איך פון אַלץ אַש און פאָרך! איך וועל אייך ווייזן צו מאַכן פון מיר לייטיש געלעכטער, פאַרשעמען טאַטע־מאַמע,

באַליידיקן פרעמדע מענטשן. אַזוי באַצאָלט איר מיר פאַר אַלץ וואָס איך טו פאַר אייך, כ'זע אייך אַלץ צו באַזאָרגן, ס'זאָל אייך קיין זאַך נישט פעלן, איצט דאַנקט איר מיר אָפּ!.. — האָט ער געזאָגט מיט פאַרביטערונג.

ס'האָט געדויערט אַ ווײַלע און מ'האָט געהערט שאַרנדיקע טריט, דאָס אויפשליסן פון שלאָס, די טיר האָט זיך האַלב אויפגעעפנט. די טאָכטער מיט צעפּאַטלטע האָר און פאַרוויינטע אויגן האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ, געשטעלט עטלעכע נישט זיכערע טריט, זי האָט אָנגענומען דעם פאָטער פאַרן האַנט און געזאָגט מיט געבעט:

— הער מיך אויס, פּאַפּאַ: כ'וויל דיר נישט פאַרשאַפן קיין קרענקונג, כ'וויל נישט דו זאָלסט ליידן צוליב מיר, אָבער איך קען נישט אַנדערש, כ'קען זיך נישט פאַרבינדן מיט אַ מענטשן וואָס איז נאָר אויסן דאָס געלט. דאָס איז אַ דערנידערונג פאַר מיר, פאַר מיינע געפילן. דאָס באַליידיקט מיך און שטויסט אָפּ. איך אַליין וויל געפעלן ווערן, נישט דאָס געלט זאָל אים צוציען, נאָר מיין פּערזאָן, מיין האַרץ, מיינע געפילן...

מענדל ברוקמאַן האָט מאַכטלאָז אַראָפּגעלאָזן זיינע צונויפגעדריקטע הענט. דער טאָכטערס רייד, אירע פאַרוויינטע אויגן, איר צעשויבערטקייט האָבן אַרויסגערופן רחמנות, מיטלייד, געטאַמעוועט זיין כעס וואָס ער האָט געוואָלט אויסלאָזן צו איר. ער האָט איר גאָרנישט געקענט ענטפערן, ער האָט נאָר געטראַכט אַז אַלץ וואָס ער האָט געטאָן, געהאָרעוועט די גאַנצע יאָרן, געוואַלגערט זיך גאַנצע וואָכן אין דער פרעמד, זיך געפּלאָגט און געמאַרנעוועט צו פאַרזאָרגן די טעכטער, איז אַלץ געווען אומזיסט, בוֹצלאָז. ווי מ'וואָלט אים אַלץ געשמיצט אין פּנים אַריין... דאָס ווייב קימערט זיך בכלל וועגן גאָרנישט. זי ווייס אַז ער דאַרף איר אַלץ באַזאָרגן און ווייטער גייט איר קיין זאַך נישט אָן, און די טעכטער וואָס ער האָט שטענדיק געזאָרגט וועגן זיי, טראַכטן אינגאַנצן אַנדערש, ריידן אַנדערע דיבורים, האַלטן אים פאַר אַ צוריקגעשטאַנענעם... וואַרפן אים צוריק זיין גאַנצע מי און האָרעוואַניע...

ער איז אַרויס אין גאָרטן, ס'פּנים האָט אים געפייערט, די באַקן האָבן אים געפּלאַמט. אַ קיל ווינטעלע האָט אים דורכגענומען. ער האָט דער־שפּירט אַ קעלט, ער האָט אָנגעהויבן ציטערן און פאַרשנעלערט זיינע טריט. ער האָט געקוקט אויף די אָנגעצונדענע פאַראַלן וואָס האָבן אַרויס־געגעבן אַ קופּערנעם שיין, ווי אַ מוטנע פליסיקייט וואָלט געשטראָמט

אויף אים פון אַלע זייטן. ער האָט אַרומגעשפּאַצירט איבער די טונקעלע אַלייען, אַרויפגעקוקט צו דער ווילּיע וועלכע איז שוין געווען האַלב פינצטער, די שטאָרן אַראָפּגעלאָזן, די לאָמפּן אויסגעלאָשן. אַן אומהיימ־לעכע שטילקייט האָט זיך געטראָגן פון אינעווייניק. די ווילּיע האָט איצט אויסגעזען ווי אַן אַלט פּאַרלאָזן הויז וואָס קיינער וווינט שוין נישט יאָרן־לאַנג, און וואַרפט אַן אַ פּחד אויף די דורכגייער.

ער האָט אַרויפגעקוקט צו דער טעראַסע מיט דעם קיילעכדיקן קופּאָל, וווּ ער האָט שטענדיק ליב געהאַט זיך אויסציען אין דעם אייזערנעם האַמאַק, זיך וויגן. איצט איז דאָרט געווען אַ געדיכטע פינצטערניש. דער קופּאָל, זעט אים אויס, הענגט אין דער לופטן, דריקט מיט זיין גאַנצן כוח פון זיין שווערער משא, וויל פאַרטרייבן די אָנגעקליבענע פינצטערניש פון דער טעראַסע און קען נישט, ס׳קלייבן זיך אַלץ מער טונקעלע שאָטנס, וו׳אָס וויגן און הוידען זיך אין דעם אייזערנעם האַמאַק, טאַנצן אַרום און פרייען זיך, לאַכן און כיכיקען מיט שפּאָט און חוזק פון זיין צוויי־גאָרנדיקער ווילּיע, וואָס ער האָט זיך אַזוי געגרויסט מיט איר, און פון זיין אָנגעהויפנטער פּראַצע פון אַזויפיל יאָרן וואָס נוצט אים צו גאָרנישט, זיינע אייגענע קינדער שמיצן אים צוריק אין פּנים אַריין...

# דער אַקוואַריום

דאָס קליינע שטעטעלע, ווו מאַטילדע האָט געוווינט, איז באַשטאַנען פון עטלעכע שמאָלע גאַסן, נידעריקע איינשטאָקיקע שטיבלעך. אין שטע־טעלע האָט שטענדיק געהערשט אַ רואיקע שטילקייט. פון צייט צו צייט איז די שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן, ס'האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ גרילצנדיקער קלאַנג פון פאַרזשאַווערטע קייטן, וואָס האָט מאָדנע אָפּגע־הילכט איבערן גאַנצן שטעטל. דאָס האָט עמיצער אַרויסגעצויגן וואַסער פון אַ ברונעם, אָדער ווען אַ „גאַאוטש" איז דורכגעגאַנגען קלאַפּנדיק מיט די שפּאָרן — דאַן איז די פאַרגליווערטע שטילקייט פון שטעטל איבערגעריסן געוואָרן.

די „פּלאַסע", וואָס האָט זיך געפונען אין סאַמע צענטער און איז באַשטאַנען פון עטלעכע שטיינערנע בענק און פּאַלמען־ביימער, וואָס האָבן געשאַפן אַרום זיך אַ רונדן שאָטנדיקן קרייז, ווי זיי זאָלן רופן די מענטשן זיי זאָלן זיך קומען אָפּרוען אין זייער קילן שאָטן, דאָס איז געווען דאָס אָרט, ווו דאָס יונגוואַרג פלעגט זיך טרעפן אין די זונטיקן אָדער אין די יום־טובים.

די מיידלעך אויסגעפּוצטע, אויסגעגלאַנצטע מיט ראַשיקע קליידער, האָבן שפּאַצירט גרופּעסווייז אַרומגענומענע, צוגעטוליעטע און שושקענדיק זיך איינע מיט די אַנדערע, האָבן זיי אויסגעזען ווי זיי גרייטן זיך צו פאַרטיידיקן אויב מ'וועט זיי אָנגרייפן. די אַראָפּגעלאָזטע ווייעס האָבן כלומרשט אַראָפּגעקוקט צו דר'ערד, ווי זיי באַמערקן גאָרנישט. זיי האָבן אָבער גערן אויפגעכאַפּט די אַריינגעזאָגטע קאָמפּלימענטן ווען מ'האָט זיי נאָכגעקוקט, נאָכגעגאַנגען.

אַז די מיידלעך האָבן זיך באַוויזן אויף דער „פּלאַסע", האָט דאָס שטעטל אויפגעלעבט. אַרום און אַרום האָבן זיך אַרומגעשטעלט יונגעלייט, אַז אַ מיידל איז זיי געפעלן, האָבן זיי אויסגעדריקט זייער התפּעלות און באַוואונדערונג מיט אַ לאַנגן פייף מיט די ליפּן, דערנאָך זיינען זיי איר

כסדר נאָכגעגאַנגען. ס׳האָבן זיך געבילדעט פּאָרלעך וואָס האָבן שפּאַצירט געמיטלעך אַרום דער „פּלאַסע״, ער האָט זיך דערלויבט אַרויפלייגן זיין האַנט אויף איר אַקסל, וואָס האָט אַרויסגערופן קנאה ביי די איבעריקע, דערנאָך האָט ער געבעטן אַ דערלויבעניש זי אָפּפירן אַהיים און מ׳איז דערנאָך געוואָרן אָפיציעלע חתן־כלה.

מאַטילדע, אַן אַכצן יאָריק מיידל, האָט געהאַט ווייניק באַגריפן וועגן לעבן, וועגן מענטשן, וועגן דער וועלט. אַלץ האָט זיך ביי איר אָפּגע־גרענעצט מיט איר קליינעם פאַמיליען־קרייז, מיט די עטלעכע חברטעס וואָס זי האָט זיך געטראָפן מיט זיי אויף דער „פּלאַסע״, זונטיק אין קלויסטער, אָדער אויף אַ געבורטסטאָג יום־טוב.

איר שטוב, איר היים, האָט איר ווייניק וואָס פאַרשאַפט פרייד און פאַרגעניגן. דער טאַטע, אַ צוריקגעצויגענער באַאַמטער, איז געלעגן קראַנק פּאַראַליזירט, זיך נישט געקענט רירן. יאָרן לאַנג האָט ער געהאָפט זיך צוריקציען פון זיין אַרבעט אַלס באַאַמטער. ס׳איז אים געוואָרן דערעסן דאָס זוכן און נישטערן שטענדיק צווישן די אַלטע אַרכיוון, בלעטערנדיק די פאַרשטויבטע און פאַרגעלטע פּאַפּירן, און ווען ער האָט שוין געהאַלטן ביים באַקומען זיין פּענסיע, איז ער געוואָרן געליימט, ווי עמיצער וואָלט זיך אָפּגערעכנט מיט אים, צעשטערט זיינע האָפענונגען, זיין שטענדיקער חלום פון אַזויפיל יאָרן — זיך צוריקציען פון דער אַרבעט און אָנהויבן געניסן פון לעבן.

דעם טאַטנס קראַנקייט האָט פאַרוואַנדלט די שטוב אין אַ תפיסה. זיי האָבן נישט געקענט אַרויסגיין אין ערגעץ. זיי האָבן כסדר געדאַרפט אַרומגיין אַרום אים ווי אַרום אַ קליין קינד, העלפן אים אָנטאָן, אויסטאָן, אים געבן עסן, בייטאָג אים אַרויספירן אויפן באַוועגלעכן שטול צו נעמען זון, ס׳איז געווען אַ געפייניקט לעבן סיי פאַר דער מוטער און סיי פאַר מאַטילדען. זיי האָבן סטאָיש אַלץ איבערגעטראָגן מיט אַן איבערמענטשלעכן געדולד. פון דער מאָגערער פּענסיע וואָס ער האָט באַקומען, איז דער גרעסטער טייל אַוועק אויף דאָקטוירים און רפואות און זיי האָבן קוים געהאַט אויסצוקומען מיט דער הוצאה.

מאַטילדעס טאַטע איז געווען אַליידנשאַפטלעכער פיש־כאַפּער. בשעת ער איז געווען געזונט, איז ווי נאָר ער האָט געהאַט אַ פרייע צייט, איז ער אַוועק צום טייך, געזעסן שעהן לאַנג מיט דער פאַרצויגענער ווענדקע

קאָנצענטרירט און פאַרטיפט, און אַז ער האָט אַרויסגעצויגן אַ צאַפּלדיק פישעלע האָבן זיך אים צעגלאַנצט די אויגן. אַ צופרידן שמייכעלע האָט אַראָפּגעשיינט פון זיין פנים, ווי ער וואָלט געפונען אַ ווערטפולע זאַך. ער פלעגט דערנאָך קומען אַהיים אַ פאַררויטיקטער, אַן אָפּגעברענטער פון דער זון, פון דער פרישער לופט, זיך גלייך געזעצט צום טיש. ער האָט געגעסן מיט אַ געוואַלדיקן אַפּעטיט און ביים עסן דערציילט מיט אַלע פּרטים ווי אַזוי ס׳איז אים צוגעגאַנגען דער פישפאַנג. נאָכן אָפּזיצן שעהען לאַנג אַ שווייגנדיקער ביים טייך, האָט ער איצט געפילט אַ דראַנג צו ריידן, זיך טיילן מיט זיינע איינדרוקן.

ווען ער איז קראַנק געוואָרן, האָט ער שטאַרק געליטן וואָס זיין איינציקער פאַרגעניגן, דאָס גיין כאַפּן פיש, איז געבליבן ביי אים ווי אַ ווייטע דערינערונג.

מאַטילדע האָט מיטגעפילט דעם טאַטן, מיטגעפילט דער מאַמען, וואָס גייט אין ערגעץ נישט אַרויס, זעט נישט אַן די ליכטיקע שיין און די היים זייערע איז פול מיט אומעט און זאָרג.

— פאַרוואָס זאָלן מיר נישט איינאָרדענען אַן אַקוואַריום? — האָט זי איינמאָל געזאָגט דער מאַמען. — דעם טאַטן וועט דאָס געוויס פאַר־אינטערעסירן, דאָס וועט זיין פאַר אים אַ צייט־פאַרטרייב און ער וועט זיך נישט לאַנגווייליקן.

די מוטער האָט זי אַרומגענומען, איר אַ קוש געטאָן אין קאָפּ. זי איז אַ געטרייע טאָכטער, ס׳איז אַ גוטער איינפאַל, זי טראַכט נאָר וועגן קראַנקן טאַטן און פון דער היים. אָבער זי דאַרף אויך טראַכטן וועגן זיך... וועגן איר צוקונפט... זי איז אַ פרוי און טאָר זיך נישט פאַרנאַכלעסיקן, זיך נישט אָפּלאָזן.

מאַטילדע שמייכלט פאַרלאָרן, ווי מ׳וואָלט איר דערמאָנט אין אַ וויכ־טיקע זאַך וואָס איז איר אַרויס פון געדאַנק. די לעצטע יאָרן איז זי געווען אַזוי איבערגענומען מיטן טאַטנס קראַנקייט, מיט דער היים, אַז זי האָט גאָר פאַרגעסן אין זיך...

דער אַקוואַריום, וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן נעבן טאַטן, נאָענט פון זיין בעטל, האָט אויך אויפגעלעבט די גאַנצע שטוב. פאַר דער צייט וואָס דער קראַנקער ליגט גאַנצע טעג אומבאַוועגלעך אויפן שטול, האָט זיך צעלייגט איבער דער גאַנצער שטוב אַ פאַרגליווערטע שטילקייט,

מיט אַלערליי ריחות פון רפואות טוכלעקייט און פאַרדומפּנקייט, ווי די געליימטקייט פון קראַנקן וואָלט דורכגענומען דעם גאַנצן אַרום. פון זיין פּנים קוקט אַראָפּ אַ פאַרוויאַנעטע געלקייט, ווי פון אַ צעטריקנט בלאַט וואָס אַ ליאַדע ריר קאָן עס פאַרוואַנדלען אין שטויב. זיינע בלאַסע אָדערדיקע הענט וואָס ליגן מאַכטלאָז אויפן שטול זעען אויס ווי אויס־געטריקנטע צווייגן וואָס האָבן נישט פון וואַנעט צו ציען זייער יניקה, ליגן זיי אומבאַוועגלעך ווי נוצלאָזע קעגנשטאַנדן וואָס טויגן צו גאָר־נישט.

די איינציקע אַטראַקציע איז פאַר אים דער אַקוואַריום. ער זיצט שעהן לאַנג און ווערט נישט מיד צו באַטראַכטן די גאָלדענע פישעלעך וואָס שווימען כסדר אַרום, שפּילן זיך, שטיפן, יאָגן זיך אַרום איינע נאָך די אַנדערע ווי קליינע קינדער. ער קאָן זיי די פישעלעך, זייערע אייגנ־שאַפטן און קאַפּריזן, אַז מ׳ברענגט פאַר זיי עסן צעשטיפן זיי זיך, הויבן זיך אָן אַרומקריגן, דזשובען איינער דעם אַנדערן. ער קווועלט אָן פון דעם, זיין בלאַס פאַרגעלט פּנים באַקומט אַ ראָזלעך העלן קאָליר, ער שמייכלט צופרידן. ס׳דוכט זיך אים ער זיצט נעבן טייך, האַלט פאַרוואָרפן די ווענדקע, פישעלעך שווימען אַרום, לאָזן זיך נישט פאַנגען אין זיין נעץ.

פאַרנאַכט בין־השמשות, ווען ס׳הויבט אָן ווערן טונקל אין צימער, לייכטן אַרויס די פישעלעך פון אַקוואַריום מיט אַ גאָלדענעם שיין, דער גאַנצער אַרום ווערט אויפגעלעבט, באַקומט אַ ליכטיקן אָפּגלאַנץ. ס׳זעט אויס ווי דער אָפּשיין פון באַגינען וואָלט אַריינגעשיינט אין צימער, זיך אויסגעשפּרייט אויף די ווענט, נעמט צו די פאַרגליווערטקייט און שטילקייט און גיט צו האָפענונג און טרייסט...

מיטן איינשאַפן פאַרן קראַנקן דעם אַקוואַריום איז מאַטילדע געוואָרן פרייער, זי הויבט אָן טראַכטן, אַז די יאָרן גייען און זי איז אַזוי צוגע־בונדן צו דער שטוב אַז זי פאַרגעסט אין זיך אַליין...

ביינאַכט, דער קראַנקער שלאָפט, מאַמע און טאָכטער זיצן אַרום טיש און רוען זיך אָפּ נאָך אַ שווערן טאָג פון אַרומגיין אַרום קראַנקן. מאַטילדע איז פאַרטיפט אין לייענען. די מאַמע שטריקט. פון צייט צו צייט הויבט זי אויף די אויגן און גיט אַ קוק אויף דער טאָכטער און זיפצט שטיל אָפּ. מאַטילדע ווייסט פאַרוואָס די מוטער איז אַזוי פאַרזאָרגט, זי איז אָבער אַזוי פאַרטיפט אין לייענען, אַז זי קאָן זיך נישט אָפּרייסן פון ביכל. די העלדן,

יונגע, פאַרליבטע, האָבן אויסצושטיין אַ לאַנגן שווערן קאַמף, נאָר ענדלעך טריומפירן זיי און דערגרייכן זייער ציל, זייַנען גליקלעך און צופרידן, לעבן אין שטענדיקער האַרמאָניע, זייַנען גרייט אַלץ אַוועקצוגעבן, זייַנען זיך מקריב פאַר זייערע אויסדערוויילטע, זייַנען געטריי און איבערגעגעבן דעם גאַנצן לעבן.

שפּעט אין אָוונט, אַז זיי גייען שלאָפן, בלייבט זי אַ צייט וואַך אויף איר געלעגער, זי קאָן נישט איינשלאָפן, זי חלומט וועגן איר צוקונפטיקן באַשערטן, ווי וועט ער אויסזען? ווי אַזוי וועט ער זיך איר דערקלערן? וועט זי זיין גליקלעך? וועט ער איר זיין געטריי איבערגעגעבן ווי די העלדן פון די ביכלעך? אָדער איר איז באַשערט צו ליידן דאָס גאַנצע לעבן, ווי איר טאַטע־מאַמע?



שוין אַ לאַנגע צייט ווי מאַטילדע באַמערקט, אַז ווען זי קומט אַריין אין גרויסן געשעפט פון „דאָן לאָרענסאָ", וואָס געפינט זיך אויף דער „פּלאַסע" אין סאַמע צענטער, וואָס פאַרמאָגט פון די קלענסטע צודאַטן פאַר נייטאָרינס ביז די טייערסטע שטאָפן — ווי ס'ווערט איר צוגעטיילט אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט. דער באַלעבאָס אַליין, אַן עלטערער בחור מיט אַ געלבלעך פאַרמעטענער הויט און מיט אַ גלאַנציק בכבודיקן פּליך, וואָס מאַכט אים אַ סך עלטער פון זיינע יאָרן — באַהאַנדלט זי מיט אַ באַזונדערער העפלעכקייט, פרעגט זיך נאָך אויפן טאַטן, ווי ער זאָל אַרויסווייזן זיין מיטפילקייט, און שמועסט מיט איר לענגער ווי מיט אַנדערע קונים וואָס קומען אַריין אין זיין געשעפט.

מאַטילדע ענטפערט אים נישט גערן. זי פאַרשטייט צו וואָס ער צילט... זי געזעגנט זיך מיט אים קאַלט, דאַנקט אַפילו נישט פאַר די גרויסן וואָס ער שיקט פאַר טאַטע־מאַמע, מיידט אויס זיך צו באַגעגענען מיט זיינע בליקן, וואָס זייַנען אַזוי צודרינגלעך, זיכער אין זיך, — אַז זי דאַרף זיך פילן גליקלעך צו געבן איר צושטימונג צו ווערן די פרוי פון „דאָן לאָרענסאָ".

מיטאַמאָל איז דער אַלטער בחור מיטן געלן פאַרמעטענעם פנים געוואָרן אַן אָפטער אַריינגייער צו זיי אין שטוב, אָנגעהויבן איר אָפט ברענגען

מתנות, געבליבן שעהן לאַנג, געשמועסט מיטן טאַטן, ווייזט אַרויס פאַר־אינטערעסירונג אין שטוב־ענינים, גיט עצות דער מאַמען.

מאַטילדע האָט אים נישט פאַרטראָגן. ס'האָט זי אָפּגעשטויסן זיין פאַרמעטענער פּנים, זיין אָפּגעלעבטקייט, זיינע רייד וואָס האָבן זיך אַלץ געדרייט אַרום מסחר און געשעפטן, ווי ער וואָלט פון קיין אַנדער טעמע נישט געוווּסט צו ריידן, און אַז ער פלעגט אַוועקגיין איז זי אַרומגעגאַנגען אַ צערודערטע, זיך אַליין באַשולדיקט פאַרוואָס זי נעמט צו זיינע מתנות, ער ווערט אַן אָפּטער אַריינגייער אין שטוב און דאָס גאַנצע שטעטל רעדט שוין, אַז ער איז איר חתן און אַ סך חברטעס אירע זיינען זי גאָר מקנא...

גאַנצע נעכט בלייבט זי וואַך אויף איר געלעגער. די רעיונות מאַטערן זי, איז ער איר באַשערטער? וועט זי זיין מיט אים גליקלעך? איר האַרץ, אירע געפילן זיינען ווייט פון אים. מעג זי זיך מיט אים פאַרבינדן? וועט ער זיין איר פריינד? איר באַשיצער? שווער איז איר אָנגעקומען אַרויס־טראָגן אַן אורטייל. זי האָט זיך געפילט שוואַך זיך קעגנצושטעלן, אים צוריקקערן אַלע מתנות און איינמאָל פאַר אַלעמאָל מיט אים איבעררייסן. דער טאַטע איז קראַנק, פון דער קליינער פּענסיע וואָס ער באַקומט גייט אַוועק דער גרעסטער טייל אויף דאָקטוירים און רעצעפּטן. זיי בלייבן כסדר הינטערשטעליק, אַלץ מער פאַרבאָדן אין חובות. וואָס פאַראַ אויסזיכטן האָט זי? און דער קראַנקער טאַטע אַז ער רעדט מיט אים ענדערט זיך אינגאַנצן. זיין בלאַס פאַרוועלקט פּנים שמייכלט צופרידן, ער קוקט אויף זיי ווי אויף אַ גליקלעכער פּאָר.

די מוטער באַציט זיך צו איר אינגאַנצן אַנדערש, ווי זי וואָלט פאַר־שטאַנען דעם קאַמף און געראַנגל וואָס קומט פאָר אין איר... זי זאָגט איר גאָרנישט, נישט יאָ, נישט ניין, ווי זי זאָל לאָזן פאַר איר אַליין צו באַשליסן. זי קאָן זיך אָבער נישט דעצידירן. אפשר, טראַכט זי, דאַרף זי אים נישט אָפּשטויסן. זי דאַרף אויסנוצן די געלעגנהייט צו בייטן איר לעבן, בויען איר אייגענע היים. ער שטרעקט איר אויס זיין האַנט — דאַרף זי געבן איר צושטימונג. און מיטאַמאָל קומט איר אַן אַנדער געדאַנק, דאָס האַרץ ציט איר אַזוי נישט צו אים, מעג זי גיין זיך פאַרבינדן מיט אַ מענטש, צו וועמען זי האָט נישט קיין ליבע־געפילן, קיין שום סענטימענטן? נישט

אַזוי האָט זי זיך פאַרגעשטעלט איר באַשערטן. נישט דאָס איז געווען איר חלום פון אַזויפיל יאָרן, און זי צווייפלט צי זי וועט זיין מיט אים גליקלעך...

מיטאַמאָל קומט איר אַן אַנדער געדאַנק, אפשר דאַרף זי פאַרשאַפן אַ ביסל פרייד דעם קראַנקן טאַטן, דער געטרייער מאַמען וואָס ליידט אַזויפיל. זי קוקט אַ סך מאָל אויף דער מוטער און ס׳טוט איר ווי דאָס האַרץ, ווי זי איז געוואָרן פאַרעלטערט זינט דער טאַטע איז קראַנק געוואָרן, ווי זי היט אים אָפּ, גיט אַכטונג אויף אים. אפשר, אַז זי וועט מיט אים חתונה האָבן, וועט דער מאַמען אויך ווערן גרינגער, זי וועט זיך נישט דאַרפן ברעכן דעם קאָפּ ווי אַזוי אויסצוקומען מיט זיין קליינער פענסיע.

פון טאַטן איז דאָך אָפּגערעדט. אַז ער דערזעט אים, לעבט ער אויף, ער קוקט אויף זיי מיט אַ פאָטערלעכן נחת־רוח, פרייט זיך וואָס זיין טאָכטער גייט זיך פאַרבינדן מיט איינעם פון די רייכסטע און אָנגעזעענסטע מענטשן פון שטעטל.



מאַטילדע פאַרשטייט אַליין נישט ווי אַזוי ס׳איז פאָרגעקומען. זי האָט מיט אים חתונה געהאַט און באַלד האָט זי זיך אַרומגעזען, אַז אירע געפילן האָבן זי נישט אָפּגענאַרט. זי האָט זיך געשפּירט ווי אַריינגענאַרט אין אַ פאַסטקע פון וואַנעט ס׳איז נישט מעגלעך צו אַנטלויפן.

דעם גאַנצן טאָג איז „דאָן לאָרענסאָ" פאַרנומען אין געשעפט. פאַר אַלעמען איז ער ליבנסווירדיק, אויפגעלייגט, טראָגט אונטער אַלעמען אַ פריינדלעך שמייכעלע וואָס מאַכט אויפלעבן זיין געל פאַרמעטן פנים. פאַר איר איז ער קאַלט, אויסגערעכנט, ברוטאַל, ווייזט איר נישט אַרויס קיין ליבשאַפט ווי צו אַן אייגענער פרוי, נאָר ווי זי זאָל זיין זיין דינסט. ער קומט שפּעט אין אָוונט פון געשעפט, ברענגט מיט מיט זיך אַ פּאַק חשבונות, פּאַפּירן, פאַרצייכענונגען און נאָכדעם, ווי ער עסט אָפּ אָוונט־ברויט, זעצט ער זיך אָוועק שרייבן, רעכנט, קאָנטראָלירט, רעדט נישט אויס מיט איר קיין וואָרט.

מאַטילדע האָט געליטן און געשוויגן. אָט די פילבאַרע סענסיטיווע נשמה איז געווען טיף באַליידיקט פון זיין אויפפירן זיך קעגן איר, זיך געפילט דערנידעריקט פון זיין באַציאונג. אָבער ווען האָט זי געקענט באַשול־

דיקן? דעם קראַנקן טאַטן? דער מאַמען? און זי וועט אַוודאי נישט גיין פאַר זיי אויסגיסן איר האַרץ, פאַרשאַפן זיי ליידן, קרענקונג.

מאַטילדע האָט נישט געזען קיין אויסוועג.

ס'איז איר שווער געווען צו זיין מיט דעם מענטש, וואָס קאָן נישט ליב האָבן, פאַרמאָגט נישט קיין סענטימענטן, וואָס לעבט נאָר מיט זיין געשעפט, מיט די חשבונות, טוט אַלץ מיט סוחרישער אויסרעכענונג און באַציט זיך צו איר מיט גרינגשעצונג, ווי דאָס חתונה האָבן מיט איר וואָלט געווען אַ סוחרישע טראַנזאַקציע וואָס איז פאַר אים אַזוי פיל וויכטיק וויפיל נוצן ער קאָן פון דעם האָבן.

ס'הויבן זי אָן מאַטערן חרטה־געפילן אויף דעם פאַטאַלן שריט וואָס זי איז באַגאַנגען. זי באַשולדיקט זיך אַליין אין אירע ליידן, אין איר גורל. אַז זי דערמאָנט זיך אָבער איר היים, דעם קראַנקן טאַטן, גייען אַוועק פון איר אַלע רעיונות. זי טראַכט, אַז זי טאָר נישט פאַרשאַפן אירע עלטערן קיין צער און עגמת־נפש, וואָס זיינען שוין גענוג געשלאָגן פון גורל...

זי פאַרשטיקט אירע ליידן. אַז ער קומט צוגיין טראָגט זי אים אונטער דאָס עסן, מיט פאַרלאָפענע אויגן גרייט זי צו דאָס בעט, שווייגנדיקערהייט גיט זי זיך אים אָפּ, זי פילט נישט דערביי קיין שום געניוס, ווי אַלע אירע געפילן וואָלטן געוואָרן אָפּגעטעמפּט, גלייכגילטיק צו אַלץ. זיין באַאָנטקייט רופט ביי איר אַרויס אַ ווידער־געפיל, זיין פאַרמעטענע הויט שטויסט איר אָפּ, ווי זי וואָלט אָנגערירט אַן איבלדיקע זאַך. אויף דעם אַנדערן טאָג גייט זי דערנאָך אַרום מיט קאָפּ־ווייטיק, זי פילט ווייטיקן אין גאַנצן קערפּער, קאָפּ־שווינדל און זי געפינט זיך קיין אָרט נישט.

מאַטילדע איז איינגעגאַנגען פון טאָג צו טאָג. דאָס פּנים — דאַר איינ־געצויגן, די אויגן איינגעגראָבן, ווי זיי וואָלטן וועלן איינזינקען, אַנטלויפן פון דעם אַרום, פון דער וועלט...

אַז זי קומט צו טאַטע־מאַמע, זעט זי ווי ווייט מעגלעך סימולירן אירע געפילן. זי באַמיט זיך צו זיין פריילעך, אויפגעלייגט, שמייכלט צום טאַטן, צעקושט זיך מיט דער מאַמען, נעמט זי האַרציק אַרום, טוליעט זיך צו איר. זי דערמאָנט זיך ווען זי איז געווען אַ קינד און האָט זיך געפילט אומבאַהאָלפן איז זי אויך געקומען זוכן שוץ ביי דער מאַמען...

די מוטער קוקט איר אַריין טיף אין די אויגן, ווי זי זאָל עפּעס פאָרשן ביי איר... מאַטילדע מיידט אויס זיך צו טרעפן מיט אירע בליקן, גייט צו

צום טאַטן און פּאַרקוקט זיך כּלומרשט אויפן אַקוואַריום וואָס שטייט נעבן זיין בעט און איז ביי אים דאָס גרעסטע פאַרגעניגן.

זי גייט צו גאָר נאָענט אַז זי דערשפּירט אויף איר פּנים די קאַלטקייט פון גלאָז. זי פילט אַ שוידער אין גאַנצן קערפּער און ציטערט אויף. זי קוקט זיך איין צו די פישעלעך וואָס שווימען אַרום און טראַכט פון איר איצטיק לעבן, פון איר פאַרגאַנגענהייט, פון איר היים, פון אירע מיידלשע חלומות וואָס זיינען אַלע צערונען געוואָרן... איצט איז זי די פרוי פון „דאָן לאָרענסאָ" דעם רייכסטן מענטש פון שטעטל, וואָס אַלע רעספּעקטירן אַזוי. אָבער אין דער היים איז ער אַ קאַלטער מענטש, אָן געפילן, פאַרמאָגט נישט קיין קאַפּ צערטלעכקייט צו איר, ווייזט נישט אַרויס קיין שום ליבשאַפט, זאָגט איר קיינמאָל נישט קיין גוט וואָרט. דער גאַנצער אינטערעס זיינער איז נאָר דאָס געשעפט, די חשבונות, די סחורות. ווי באַליידיקט און אומגליקלעך זי שפּירט זיך כאָטש אַנדערע זיינען זי אפשר מקנא... זי שפּירט אָבער אַ גלייכגילטיקייט צו אַלץ און צו אַלעמען, ווי זי וואָלט פאַרלאָרן דעם אינטערעס אין לעבן. איר רייכע היים און אַלץ וואָס רינגלט זי אַרום איז ווייט און פרעמד פאַר איר.

קוקנדיק אויף די פישעלעך, פאַלט איר איין צו מאַכן אַ פאַרגלייך, אַז זי איז אויך פונקט ווי אַ פישעלע, וואָס איז אַריינגענומען געוואָרן אין קלעם, צו פאַרשאַפן גענוס און פאַרגעניגן אַנדערע, מ׳זאָל באַוווּנדערן איר שיינקייט, אירע גאָלד־קאָלירן, שווימט דאָס אַרום אינעווייניק, קלאַפּט זיך אַלע ווײַלע אָן אין די גלעזערנע ווענטלעך, ווייסט אַז ס׳איז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, ס׳איז פאַרשטעלט אַרום און אַרום און ס׳איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט צו אַנטלויפן. שווימט דאָס אָן אַ ציל און אָן אַ זין, ווייל ס׳האָט נישט קיין אַנדער אויסוועג...

# כתר־תורה און כתר־מלכות

מר יצחק הרכבי — געווידמעט

דער ישראל־פּאַרשטייער האָט אויפגענומען די באַזוכער מיט האַרציקער פריינדלעכקייט. זיין גוטמוטיקער בליק, זיין איידעלע באַנעמונג, זיינע מילדע שמייכלענדיקע אויגן האָט אַלעמען דערנענטערט צו אים ווי צו אַן אַלטן גוטן פריינד.

ער איז געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט, אויפנאַמעס, קאָנפערענצן, באַראַטונגען, אויפקלערונגען און פאָרטראַגן וואָס ער האָט געגעבן אין פאַרשידענע געזעלשאַפטן. ער האָט מיט צופרידנקייט אָנגענומען אַלע אָנבאָטן. זיין וואָרט איז שטענדיק געווען וואָגיק און קלאָר. זיינע לעקציעס, פול מיט תורה און וויסן, האָבן שטענדיק צוגעצויגן אַ גרויסן עולם, און דערצו האָט מען כסדר געדאַרפט שטיין אויף דער וואַך, פון אומעטום האָבן שונאים געלויערט אויף דער מדינה, געפלאָכטן אינטריגעס, פאַרשפרייט בילבולים און מ׳האָט געדאַרפט אָפּלייקענען די פאַלשע קלאַנגען און אויסטראַכטענישן, אָפּשלאָגן די בייזע דראָונגען, געבן אויפקלערונגען.

איצט האָט ער זיך געגרייט אויפצונעמען דעם געראַטעוועטן דיכטער, זיין יוגנט־פריינד וואָס ער האָט נאָך געקענט פון דער אַלטער היים. ביידע זיינען געווען חברים, האָבן צוזאַמען געלערנט אין חדר, דערנאָך אין דער ישיבה זיך געפּילפּולט ביי דער גמרא, געבנדיק איינער דעם אַנדערן צו פאַרשטיין די שווערע פארפלאָנטערטע סוגיא׳ס. אַ סך מאָל געלערנט תורה ביזן באַגינען, דאָס האָט געהייסן „המשמור״. זיי האָבן זיך געפילט פון דעם דערהויבן, ווי זיי וואָלטן דערגרייכט אַ העכערע מדרגה, ווייל נישט אַלע תלמידים פון דער ישיבה האָבן צו דעם זוכה געווען.

און דערנאָך צעשיידן זיי זיך. ער פאָרט אַוועק אין אַן אַנדער שטאָט, הויבט אָן לערנען, שטודירן, גייט דערנאָך אַריין אין אוניווערסיטעט, און דער חבר זיינער פאַרלאָזט אויך די ישיבה, הויבט אָן שרייבן, באַקומט אָנערקענונג, ווערט אַ באַרימטער דיכטער. שפּעטער ברעכט אויס די וועלט־מלחמה, אַלץ ווערט אָפּגעשניטן און ס׳גייט אַריבער אַ לאַנגע צייט און

ער האָט נישט פון אים קיין שום ידיעה. איצט נאָך אַזויפיל יאָרן וועלן זיי זיך ווידער באַגעגענען — ער אַלס פאָרשטייער פון דער מדינה, און דער חבר זיינער וואָס ברענגט זיין מונטערדיק וואָרט צו אַלע יידישע יישובים.



דער ישראל־אַמבאַסאַדאָר איז געשטאַנען אין גרויסן ליכטיקן זאַל, ווו אַ גאָלדענע מנורה האָט אַראָפּגעשיינט פון וואַנט און געוואַרט אויפצונעמען דעם חשובן גאַסט. דער געגאַרטער מאָמענט זיך צו טרעפן מיט זיין יוגנט־חבר דעם געראַטעוועטן דיכטער האָט אים געמאַכט אומגעדולדיק, גע־שפּאַנט. דער פאַרבעטענער עולם וואָס איז געקומען צו דער אויפנאַמע, איז מערסטנטייל באַשטאַנען פון שרייבער, לערער און קולטור־טוער. ס'האָבן זיך געשאַפן רעדלעך, געזעמלעך וואָס האָבן פאַרטיפט געשמועסט און דיסקוטירט צווישן זיך, אָבער אַלץ האָט זיך געדרייט וועגן גאַסט. און ווי נאָר ער איז איבערגעטראָטן די שוועל פון דער געזאַנדשאַפט איז מיטאַמאָל געוואָרן שטיל. אַלע שמועסן זיינען ווי איבערגעהאַקט געוואָרן. אין זאַל איז אָנגעלאָפן אַן אָפּוואַרטנדיקע שטילקייט.

דער אַמבאַסאַדאָר האָט אים אָפּגעגעבן שלום. ביידע האָבן זיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט, ווי זיי וואָלטן זיך אין דעם אויגנבליק דערמאָנט די יוגנט־צייט, אַלץ וואָס איז פאַרלאָפן אין די פאַרגאַנגענע יאָרן וואָס האָטביידן שטאַרק פאַרעלטערט. ביידע האָבן זיך האַרציק אַרומגענומען און איינער פאַרן צווייטן האָט געפילט צוגלייך מיט דער אויפגעוואַכטער פריינדשאַפט אַ טיפן יראת־הכבוד.

דער אַמבאַסאַדאָר האָט אים אָנגענומען פאַרן אָרעם און אים אַרויפ־געפירט אויבן־אָן. און אַז דער דיכטער האָט זיך געשטעלט מיטן פּנים צום פאַרזאַמלטן עולם, געמאַכט אַ באַוועגונג מיט דער האַנט ווי ער זאָל אַלעמען באַגריסן, האָט דער ישראל־פאַרטרעטער זיך פאַרטראַכט און זיך געוואונדערט — זיין פריינד, דער דיכטער, האָט צוגעזען אַזויפיל גרויל און פּיין, מענטשלעכע פאַרפאָלגונג און דערנידערונג אין די אַלע לאַגערן וואָס ער איז אויסגעווען, און דאָך נישט צוזאַמענגעבראָכן... אויסגעהאַלטן ביזן סוף און אַרויס גאַנץ און אומבאַשעדיקט, ווי אַ פעסט איינגעוואָרצלטער בוים וואָס קיין שטורעם־ווינט קאָן אים נישט רירן... ער קוקט אויף אים

און גלויבט זיך אַליין נישט, ווי גיך ער איז געקומען צו זיך. זיין פעסט געבויטער קערפּער האָט זיך גאָרנישט געענדערט. די קלוגע דורכדרינגלעכע אויגן קוקן מיטן זעלבן יוגנטלעכן גלאַנץ. זיין קול איז פעסט און זיכער. אַפילו די גרוילעכע האָר האָבן אים נישט פאַרעלטערט, נאָר גיבן אים צו חשיבות. ער האָט געפילט פאַר אים אַ טיפן רעספּעקט און דרך־ארץ.

דעם דיכטערס קול האָט צום אָנהויב געציטערט. ער איז געווען געריירט פון דער פייערלעכער אויפנאַמע. דער פאַרזאַמלטער עולם האָט אים אַרומ־געריגגלט. ס׳איז געוואָרן אַ געדרענג, הענט האָבן זיך געשטרעקט צו אים פון אַלע זייטן, אים צו באַגריסן, אויסדריקן זייער פאַרערונג און באַ־ווּנדערונג גלייכצייטיק.

מיטאַמאָל איז אים טונקל געוואָרן פאַר די אויגן. אַ ציטער איז אים דורכגעלאָפן איבער גאַנצן קערפּער, ער האָט אויפגעשוידערט. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דער גאַנצער עולם, וואָס שטייט נעבן אים, טרעט אָפּ הינטערווײַלעכץ, אַלץ ווערט צעשוווּמען, מטושטש און פון דער טונקלקייט הייבן אָן פאַרביישוועבן פאַר אים שאָטנס פון מענטשלעכע געשטאַלטן. ער פאַרנעמט אַ מאָדנעם ציטערדיקן גערויש, ווי דאָס פלאַטערן און פאָכען פון פליגל איבער אים... די שאָטנס, לאַנגע, אויסגעצויגענע ווי ביינערדיקע סקעלעטן, ציען זיך אין אַ לאַנגער קייט אַרום אים, ריגגלען אים אַרום. ער הערט פאַרצווייפלטע אויסגעשרייען, הילפס־רופן און יאָמער־לעכע געוויינען פון פאַרפּייניקטע מענטשלעכע גופים — — —

דעם דיכטערס געשטאַלט איז געוואָרן ווי פאַרשטאַרט. זיין בליק פאַר־גליווערט. ער האָט געקוקט אויף איין פונקט ווי ער וואָלט גאָרנישט געזען אַרום זיך. ער האָט געפילט אַ שוואַכקייט אין גאַנצן קערפּער, די פיס האָבן זיך אים געוואַקלט ווי ער וואָלט געהאַלטן ביים אומפאַלן. ער באַמיט זיך צו שטאַרקן, לייגט אַרויף די האַנט אויף די אויגן און דריקט מיטן גאַנצן כח, ווי ער זאָל וועלן אַרויסציען פון זיין דמיון די דערשיטערנדיקע איבערלעבונגען... ער בלייבט אַ ווײַלע פאַרטראַכט, ציט אָפּ דעם אָטעם און פילט אַ דערלייכטערונג. די אימהדיקע שאָטנס פאַרשווינדן. ווידער איז ער אַרומגערינגלט מיטן פאַרזאַמלטן עולם וואָס איז געקומען אים באַגריסן. ער וואַרט אַ ווײַלע, ווי ער זאָל וועלן קומען צו זיך פון דעם פּיינלעכן איינדרוק פון די פאַרגאַנגענע איבערלעבונגען וואָס טויכן אויף

פון דער טיפעניש פון זיין נשמה אַזוי בולט רעאַל... דאָס קומט ביי אים פאַר ווען ער לעבט דורך אַ שטאַרקע עמאָציע...

— איך האָב זוכה געווען צו קומען צו אייך און אויפגענומען צו ווערן פון מיין יוגנט־פריינד און חבר דעם ווירדיקן ישראל־פאָרשטייער. איך טרעט אויף אַ קליין שטיקל פלאַץ וואָס געהער צו דער מדינה. איך שפּרייז דאָ, ווי איך וואָלט געשפּרייזט אויף דער הייליקער ערד וואָס איז פול מיט קדושה... פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ כבוד, אַזאַ דערהויבונג? אין ווּעמענס זכות? אפשר איז דאָס צוליב דעם כבוד און אָנדענק פון די וואָס זיינען דורכגעגאַנגען אַלע עינויים און אומגעקומען על קידוש־השם? צוליב זיי וואָס האָבן נישט זוכה געווען צו זיין מיט אונדז? זיך מיטפרייען מיט אונדז?

זיין קול האָט געציטערט, געקלונגען מיט התנצלות, ווי ער זאָל שפּירן אַ הייליקן ציטער, אַ טיפע אויפרודערונג אין דער נשמה ביים דערמאָנען די קדושים... ער האָט זיך באַמיט איבערצושטאַרקן. די פאַרנעפּלטע פאַר־טרערטע אויגן האָבן אָנגעהויבן בלאָנדזשען איבערן זאַל, ווי ער זאָל וועלן אויסמיידן די בליקן פון פאַרזאַמלטן עולם...

ער האָט מיטאַמאָל דערזען אַנטקעגן זיך די גאָלדענע מנורה, וואָס איז געווען איינגעמויערט אין וואַנט. אַן אָפּגלאַנץ פון אַ בין השמשותדיקן שיין איז געפאַלן אויף איר און ס׳האָט אויסגעזען ווי די מנורה וואָלט געברענט, שיינט מיט אַן אויסטערליש ליכט... די פלעמלעך ציטערן, ציען זיך פאַר־דבקהט אין דער הויך. ער האָט זיך פאַרקוקט אויף דער ברענענדיקער מנורה און אויסשטרעקנדיק זיין האַנט האָט ער אויסגערופן מיט אַ פלאַטער־דיק קול:

— דאָס איז דער נר־תמיד, אַן אָנדענק פאַר די נשמות פון די קדושים, וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם!...

אַלע פאַרזאַמלטע אין זאַל האָבן זיך אויסגעדרייט, זיך איינגעקוקט מיט חידוש אויף דער מנורה. די שטילקייט אין זאַל איז געוואָרן אָנגעצויגן, אומהיימלעך געשפּאַנט.

דער ישראל־אַמבאַסאַדאָר האָט חבריש אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויפן דיכטערס אַקסל און געזאָגט,—אַז ער איז טיף גערירט פון זיינע איינדרוקס־פולע רייד. ער, ווי אַ פאָרשטייער פון דער מדינה, טראָגט מיט חשיבות דעם כתר המלכות... זיין חבר, דער דיכטער וואָס קומט צו אונדז מיט

אַ מיסיע, טראָגט דעם כתר התורה, וואָס איז אייביק און שטייגט איבער דעם כתר המלכות, ווייל מלכות אַליין איז נאָר אַ שטאַפּל צו קאָנען גיין ווייטער. נאָר צוזאַמען, פאַראייניקט מיט כתר התורה וועלן אונדזערע שטרע־בונגען האָבן אַ זין... און מיר וועלן דערגרייכן אונדזערע צילן פון מלכות ישראל צו קדושת ישראל, צו ווערן אַן עם קדוש...

אַנטקעגן אויף דער וואַנט האָבן די ליכט פון דער מנורה זיך געבויגן איינע צו די אַנדערע, זיך אַלץ מער דערנענטערט, ווי זיי זאָלן זיך באַהעפטן אין אַ טיפער אומצושיידבאַרער פריינדשאַפט פון כתר־תורה מיט כתר־מלכות...

# דער חנוכת הבית

גאַנץ *פרי האָט שוין שולקין נישט געקענט שלאָפן. דער געדאַנק, אַז ער פייערט היינט אַ יום־טוב, דעם חנוכת הבית פון זיין נייער צען־שטאָקיקער געביידע, אַז ער האָט איינגעלאַדן אַזויפיל געסט, האָט אים נישט געלאָזט איינליגן רואיק.

ער איז האַסטיק אַראָפּ פון בעט, אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ זיידענעם געבלומטן כאַלאַט, זיך אַרומגעגאַרטלט מיט אַ געפלאָכטענעם זילבערנעם שנור־גאַרטל מיט נאָכהענגענדיקע באַזילבערטע קוטאַסן און האָט אָנגעהויבן אַרומגיין מיט חשיבותדיקע געלאַסענע טריט איבערן געוועקסטן פּאַרקעט. מיט יעדן טראָט זיינעם האָט דער גלאַנציקער פּאַרקעט אַרויסגעגעבן אַ דינעם, פריילעכן סקריפּ, וואָס האָט אָפּגעקלונגען איבערן צימער, ווי אַ פויגלשער צוויטשער. סאַמועל שולקין האָט אַרומגעשפּרייזט מיטן צעכראַשטשעטן כאַלאַט איבערן צימער און געשפּירט אַ פריילעכקייט אין זיין געמיט, אַן אויפגעלייגטקייט, וואָס האָט אַרויסגעלויכטן פון זיין גוטמוטיקן בליק, פון זיין זאָרגלאָז צופרידן פּנים. אין דעם מאָמענט איז ער גרייט געווען יעדן איינעם, וואָס וואָלט זיך נאָר געווענדט צו אים, אונטערקומען מיט הילף, אַרויסווייזן זיין גרויסמוטיקייט, זיין מיטפילנדיק האַרץ, זיין אָפענע האַנט...

אין דעם זיידענעם מאַנטל מיט די נאָכהענגענדיקע קוטאַסן, וואָס האָבן זיך נאָכגעבאָמבלט ביי יעדן טראָט, מיט זיין האַלב־פאַרשלאָפענעם אויסזען, האָט ער אויסגעזען ווי אַן אינדישער פּרינץ, וואָס האָט צופעליק פאַר־בלאָנדזשעט דאָ אויף דעם העכסטן גאָרן פון דער לוקסוס־געביידע אין סאַמע צענטער שטאָט.

ער איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, פאַרצויגן דעם פאָרהאַנג, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ צאַרטן געשאָרך, ווי אַ שטילער שעפּטשענדיקער געפליסטער, און אַראָפּגעקוקט צו דער שטאָט, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט פאַר זיינע אויגן, ווי אַ פאַנטאַסטישער געמעל פון פאַרשיידענע קאָנטראַסטן. מאָדערנע געביידעס מיט אָפענע טעראַסעס, באַלקאָנען און פּראָנט־באַפּוצונגען פון

גלאַנציק־געשליפענעם גראַניט, מאַרמאָר און מאָנאָליטיק, האָבן זיך געגרויסט, געיחסנט, געבלינצלט מיט זייער געשליפענעם גלאָז פון זייערע טירן און פענצטער, ווי זיי וואָלטן געחוזקט, אַראָפּגעקוקט מיט שפּאָס צו די אַלט־מאָדישע האַלב־איינגעפאַלענע געביידעס מיט גלעזערנע דעכער, וואָס הייַנט־מאָרגן וועלן זיי ווערן אַראָפּגעוואָרפן און וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ באַרג גרוז. הויכע קוימענס פון פאַבריק־געביידעס האָבן מיט צאָרנדיקער רוגזה געקוקט פאַרביסן אין הימל אַריין, ווי זיי וואָלטן וועלן אויסמיידן די פּרעכטיקע מאָדערנע בנינים און לוקסוסדיקע ווילִיעס ביים ברעג ים. סאַמועל שולקין האָט אַראָפּגעקוקט צו דער שטאָט און האָט אומעטום געזען מענטש־לעכן פּראָגרעס און דערגרייכונג. די מאַסיווע בנינים פון בעטאָן און אייזן, די לוקסוסדיקע ווילִיעס ביים ברעג ים, האָבן אים דערמאָנט אין איינ־געפונדעוועטקייט, אַמביציע פון מענטשלעכן ווילן, און אַז ער איז איצט אויך פון די וואָס האָבן דערגרייכט אַ פעסטע עקאָנאָמישע פּאָזיציע.

זיין בליק, וואָס איז פריער געווען האַלב־פאַרשלאָפן, מטושטש און צעפלאָסן, איז געוואָרן שאַרף, קלאָר, געלויכטן, געשטראַלט פון גליקלעכער צופרידנקייט. — וואָס פאַרא מהלך! — האָט ער געטראַכט. — ווי לאַנג איז אַז ער האָט אָפּגעקויפט דאָס אַלטע הויז מיטן גלעזערנעם דאַך און געלע אָפּגעבליאַקעוועטע ווענט, וואָס יעדעס מאָל ווען ער איז אַריין אינע־ווייניק, פלעגט אים אָנכאַפּן אַזאַ איבלדיקייט פון די שווערע טוכלע ריחות, וואָס פלעגן זעצן פון די נאַסע ווענט און האַלב־איינגעפאַלענעם דאַך. די אַלטע חורבה, וואָס האָט אים פאַרשאַפט אַזויפיל שלאָפלאָזע נעכט פון טראַכטן און איבערקלערן, און דאָס ווייב האָט אים געהאַלטן אין איין יאָדען — צו וואָס האָט ער געדאַרפט אַזאַ אַלטע שאַראַגוידע, — האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט איינגעהאַנדלט אַ מציאה. מעקלערס האָבן אים אָנגעהויבן אָפּהאַקן די שוועלן, אים אָנגעבאָטן ריוח, געוואָלט אַרויס־קריגן ביי אים אַ וואָרט, אַ צושטימונג.

סאַמועל שולקין האָט זיך אָנגעהויבן פילן האָפערדיקער, געהויבענער. די פריערדיקע ספיקות און גריזשעניש, דאָס ווייבס יאָדען און אויפוואַרפן אים, צו וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט אַזאַ וויסטע שאַראַגוידע, האָט אים אויסגעזען נאַריש און לעכערלעך. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס שטייט אים פאָר צו פאַרדינען אַ היפּשע סומע געלט, ער זאָל דאָס אַפילו פאַרקויפן פון האַנט צו האַנט.

סאַמועל שולקין האָט באַשלאָסן דאָס אַלטע הויז אַראָפּוואַרפן און אויפ־שטעלן אַ נייע מאָדערנע געביידע פון אַפּאַרטאַמענטן וואָס זאָלן פאַרמאָגן אַלע באַקוועמלעכקייטן און איינריכטונגען, מיטן גאַנצן קאָמפאָרט און לוקסוס. די געביידע זאָל קענען קאָנקורירן מיט די שענסטע בנינים פון שטאָט. אויפן סאַמע העכסטן גאָרן האָט סעניאָר שולקין באַשטימט — זאָל זיין זיין וווינונג. ער זאָל קענען אַראָפּקוקן און זען די גאַנצע שטאָט פאַר זיך...

די געביידע האָט זיך אַרויסגעענדיקט שנעל. ער האָט אָפּגעמאַכט מיטן אַרכיטעקט, אַריינגעשטעלט אַ פּונקט אין קאָנטראַקט, אַז צו אַ באַשטימטן טערמין מוז דער בנין זיין אַרויסגעענדיקט. און אַלץ איז געגאַנגען כשורה. איצט שטייט ער אויפן העכסטן גאָרן פון זיין אייגן הויז און קוקט אַראָפּ צו דער גאַנצער שטאָט, באַוווּנדערט, ווי אַלץ וואָס ער זעט וואָלט געווען זיינס, זיין אייגנס, זיין פאַרמעגן...

אין דער שטילקייט פון פרימאָרגן איז צו אים דערגאַנגען דער דינער גערויש פון דער ווינדע, וואָס האָט זיך געהויבן מיט אַ שווינדלדיקער שנעל־קייט איבער די עטאַזשן. דער שטילער גערויש פון דער ווינדע האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי לייכטע און פריילעכע אַריינפיר־טענער צו אַ טריאומף־מאַרש, וואָס דאַרף באַלד אויפגעשפּילט ווערן.

מיט אַמאָל האָט דאָס עלעקטרישע גלעקל זיך צעקלונגען, געזשומעט מיט ירגזון נאָכאַנאַנד, צודרינגלעך. ער איז צוגעגאַנגען מיט גיכע טריט צו דער טיר, געוואָרן אומגעדולדיק־נערוועז, בייגעריק, — ווער קען עס זיין גלייך אין פרימאָרגן? — און אַז ער האָט אויפגעעפנט די טיר, האָט די נערוועזע אומגעדולדיקייט נאָכגעלאָזן. אַ העפלעך נאָכגיביקער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיין פּנים. אַ שיק־ייִנגל, אין אַ שטייף־געפּאַסטן אוניפאָרם־אָנצוג מיט באַגילדעטע קנעפּ, האָט אים הכנעהדיק דערלאַנגט אַ קויש בלומען. אינמיטן איז געווען צוגעבונדן אַ וויזיט־קאַרטעלע — „פאַר פאַמיליע שולקין — צו דער באַנייאונג פון זייער אייגן הויז — פון אַרכיטעקט״. דאָס איז געווען דער ערשטער אָנזאָג און באַגריסונג פון די געסט, וואָס וועלן קומען היינט אין אָוונט זיך מיטפרייען מיטן יום־טוב פון חנוכת־הבית.

אַ גאַנצן טאָג האָט שוין דאָס גלעקל נישט גערוט. כסדר געזשומעט מיט זיין צודרינגלעכן גערויש. די טיר האָט זיך כסדר געעפנט און פאַרמאַכט. טעלעגראַמעס, באַגריסונגען, ווינטשערייען, מתנות, קוישן בלומען, וואָס זיינען דערנאָך אויסגעשטעלט געוואָרן אין גרויסן עס־זאַל, אין דעם גערוימען

פאַרפוצטן „ליווינג”. די קוישן בלומען האָבן אויפגעלעבט דעם גרויסן עס־זאַל, אָנגעפּילט דעם חלל מיט ווונדערלעכע שמעקעדיקע ריחות און כלערליי פאַרבן, וואָס האָבן געגלעט דאָס אויג, באַרואיקט דאָס געמיט, געשאַפן אַ יום־טובדיקע שטימונג...

דעם סאַמע אויבן־אָן פון טיש האָט סאַמועל שולקין אָפּגעגעבן פאַרן אַרכיטעקט. דאָרטן האָט ער אַוועקגעשטעלט דעם קויש בלומען מיט זיין וויזיט־קאַרטע, וועלכע האָט יחסניש־גאַווהדיק זיך געגרויסט אַנטקעגן די איבעריקע מתנות און קוישן בלומען, וואָס זיינען געשטאַנען דערנעבן, ווי דעם אַרכיטעקטס בלומען וואָלטן געגעבן אָנצוהערן, אַז דער סאַמע הויפּט־מחותן אויף דער היימישער שמחה, איז נאָר ער — דער אַרכיטעקט. דאָס האָט ער אַריינגעלייגט זיין גאַנצע מי, קענטעניש, וואַכזאַמקייט און אַרבעט, אַז די געביידע זאָל אַרויסגעענדיקט ווערן וואָס בעסער און שענער און אַז אַדאַנק אים ווערט געפּייערט דער הייבטיקער יום־טוב...

אין אָוונט איז דער גרויסער עסזאַל שוין געווען פול מיט פאַרבעטענע געסט. אַ בלענדנדיק ליכט האָט געשטראָמט פון די פיל לאָמפּן, באַגאָסן אַלעמען מיט אַ העלן יום־טובדיקן שיין.

סאַמועל שולקין איז אַרומגעגאַנגען אַ צעיאַכמערטער, אַ באַרוישטער, מיט לייכטע זינגענדיקע טריט אַנטקעגנגעגאַנגען די פריינד, געשטרעקט די הענט צו די אָנקומענדיקע געסט, מיט אַ דאַנקבאַרן בליק געענטפערט אויף די באַגריסונגען, ווינטשערייען. אַליין געבראַכט צו טראָגן אויפגע־קאָרקעוועטע פלעשער געטראַנקען, וואָס האָבן אָנגעפּילט די לופט מיט ריחות פון אויפגעשוימטער און אויפגעפּראַלטער פרייד. אָנגעפּילטע באַקאַלן האָבן זיך געשטרעקט צו אים פון אַלע זייטן. סאַמועל שולקין האָט געמוזט מיט אַלעמען מיטטרינקען, ענטפערן, דאַנקען, און ווען זיין בליק איז געפאַלן אויפן קויש בלומען — דעם אַרכיטעקטס מתנה, האָט זיין פּנים אויסגעדריקט פאַרוווּנדערונג, פאַרדאגהטקייט און זאָרג. דער אַרכיטעקט, וואָס האָט אים הייגט דער ערשטער אין זינען געהאַט צו באַגריסן, דעם וואָס ער האָט צו פאַרדאַנקען די נייע פּרעכטיקע געביידע, וואָס איז געבויט געוואָרן אונטער זיין אָנפירונג און קאָנטראָל. — זאָל זיין אַז ער וועט נישט קומען? ער האָט זיך נישט געוואָלט גלויבן. און אַז עס האָט זיך פּלוצלינג דערהערט אַ קלונג, איז ער דער ערשטער צוגעלאָפן צו דער טיר, אויפגעעפנט אין דער גאַנצער ברייט און אַז ער האָט דערזען דעם אַרכיטעקט, האָט זיין

דאַנקבאַרער בליק, פול מיט התפעלות, אים העפלעך אַריינגעבעטן אינעװייניק, אַנגענומען אים פריינדלעך פאַרן אָרעם און אַריינגעפירט אין זאַל, אים פאַרגעשטעלט מיט אַ טיפן רעספּעקט: — דער אַרכיטעקט, דירעקטאָר און אונטערנעמער, װאָס האָט אַריינגעלייגט זיין גאַנצע מי און קענטעניש אויפצובויען די צען־שטאָקיקע געביידע.

סאַמועל שולקין האָט זיך אינגאַנצן פאַרלוירן. פאַרגעסן אין אַלע געסט, װאָס זיינען געװען פאַרזאַמלט. אַלע זיינע חושים האָבן זיך קאָנצענטרירט אויף איין פּערזאָן — דעם אַרכיטעקט. ער האָט אים באַזעצט אויבן־אָן און איז אַליין געלאָפן און געבראַכט צו טראָגן פלעשער װיין, פלעשער שאַמפּאַן, אָנגעגאָסן אַלע מאָל אַן אַנדער געטראַנק און אים צוגעטראָגן, ער זאָל מיט אים טרינקען. — ער מוז מיט אים טרינקען — איז ער צוגעשטאַנען, ער מוז זיך מיט אים מיטפרייען...

סאַמועל שולקין האָט געפילט, אַז דער געדאַנק װערט אים פאַרטושט, פאַרנעפּלט. ער האָט איצט ניט געקענט פאַרנעמען דעם טומל און די גערײדערייען פון די געסט, דאָס בלענדנדיקע ליכט, די געלעכטערס און אויסגעשרייען, די פאַרשיידענע ריחות פון בלומען, פאַרפום און װיינען, זיינען אים געװאָרן דערװידער. אַלע פּנימער פון די געסט האָבן זיך צונויפגעמישט אין איין געשטאַלט, — דעם אַרכיטעקט, װאָס איז געזעסן אַנטקעגן אים און אַלע װיילע געדריקט אים די האַנט, געקלאַפּט אים גוט־ברודעריש איבער דער פּלייצע, װי אַן איבערגעגעבענער פריינד, װאָס װיל אויסדריקן זיין גרויסע פרייד און טיפע צופרידנקייט... ער האָט מיטאַמאָל אויפגעכאַפּט דעם אַרכיטעקטס פאַרגלעזערטן בליק, באַמערקט זיין צעפלאַמט פאַררויטלט פּנים און זיינע שעפּטשענדיקע ליפּן, פאַרשטאַנען, אַז ער װיל עפּעס זאָגן. ער האָט אויפגעהויבן די האַנט, געװאָלט געבן אַ צייכן — עס זאָל װערן שטיל. מיטאַמאָל זיינען אַלע גערײדערייען, געלעכטערס איבערגעריסן געװאָרן. איבערן זאַל איז אַנטשטאַנען אַן אָפּװאַרטנדיקע שטילקייט. אַלע פאַרזאַמלטע געסט האָבן אָנגעשטעלט מויל און אויערן, געװאַרט מיט נייגעריקייט אויפן אַרכיטעקטס װאָרט, אויף זיין באַגריסונג.

דער אַרכיטעקט, אַ יונגער גוטמוטיקער „קרעאַל“, װאָס האָט נישט לאַנג געענדיקט זיין שטודיום און באַקומען זיין דיפּלאָם, און איז געװען פאַרביטערט פאַרװאָס ער האָט אַריינגעלייגט אַזויפיל אַרבעט, אָנשטרענגונג און מי און דאָך איז אים װייניק־װאָס געבליבן. ער האָט עס אַפילו צוגעשריבן

צו זיין אומדערפאַרנקייט, אומגעניטקייט... וואָס דער אייגנטימער סאַמועל שולקין האָט אַבסאָלוט נישט די שולד, דאָך האָט די נישט־צופרידנקייט זיך געריסן מיט אַלע כוחות פון זיין פאַרנעפּלטן מטושטשדיקן מוח. ער האָט געקוקט צו די אַלע געסט, וואָס האָבן געוואַרט אויף זיין וואָרט, אויף סאַמועל שולקין, וואָס איז געשטאַנען מיט אַן אָפן מויל און אויסגעקוקט מיט אומגעדולדיקער שפּאַנונג אויף זיין באַגריסונג.

דער אַרכיטעקט האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ אין דער הויך, אָנגעהויבן מיט אַ פייערלעכן טאָן:

— איך באַגריס מיטן גאַנצן האַרצן דעם סעניאָר שולקין, וואָס האָט אַ דאַנק זיין אַרבעטזאַמקייט און פלייס דערגרייכט אַזאַ סאָלידע פּאָזיציע, האָט באַוויזן אויפצובויען אַזאַ שיינעם בנין אין סאַמע צענטער שטאָט, וואָס איז אַ שטאָלץ פאַר אים און אויך פאַר אונדז... — ער האָט זיך אָפּגערוט אַ פּאָר סעקונדן, ווי ער זאָל זיך אָננעמען מיט מוט. זיין פאַרנעפּלטער, צעשוווּמענער בליק איז מיטאַמאָל געוואָרן שאַרף, שפּיציק און דורכדרינגלעך. זיין האַלב־הייזעריקע שטימע האָט אָפּגעקלונגען דראָענדיק, טראָציק. ער האָט פאָרגעזעצט, — אָבער אַלס אויפריכטיקער פריינד, ווי אַן עכטער „קרעאָל", וואָס האָט קיינמאָל נישט מורא צו זאָגן דעם אמת אין די אויגן, מעג עס זיין דער בעסטער פריינד, ווייל איך זאָגן, אַז סעניאָר שולקין מעג זיין ווי שטאָלץ מיט זיין נייעם אויפגעבויטן בנין, וואָס געפינט זיך אויף אַזאַ אָנגעזעענעם פּלאַץ פון אונדזער שטאָט... די געביידע איז טאַקע זיינע. ער איז דער לעגאַלער אייגנטימער, אָבער דער באָדן, די ערד אויף וועלכער דער בנין איז אויפגעשטעלט געוואָרן, דאָס וועט קיינמאָל נישט געהערן צו אים. דאָס איז אונדזער אייגנטום און שטענדיק וועט עס זיין אונדזערס...



סאַמועל שולקין איז געבליבן ווי פאַריטשמעליעט, ניט געגלויבט די ווערטער, וואָס ער האָט איצט געהערט. אַ שווערע דערדריקנדיקע שטילקייט איז אַנטשטאַנען איבערן זאַל. אַלעמענס דערשטוינטע בליקן זיינען געווען געווענדט צום סעניאָר שולקין, וועלכער איז געשטאַנען אַ פאַרביטערער, אַ פאַרשעמטער, ניט קענענדיק אַרויסברענגען קיין וואָרט. אין זיך האָט ער

געפּרוּווט צונישט מאַכן דעם אַרכיטעקטס רייד, אַז דאָס האָט ער אַרויס־געזאָגט ווייל ער איז געווען אונטערן גלעזל האַלב־שיכור, און ס׳איז אים נישט געלונגען. דעם אַרכיטעקטס ווערטער האָבן אָפּגעהילכט מיט אַן עכאָ פון האָגלענדיקע קלעפּ וואָס רינגלען אים אַרום, האַמערן איבער אים, שטורכען אים אין פּנים, דראָען אים פון אַלע זייטן און וואָרענען קעגן אַן אָנקומענדיקער סכנה...

שפּעטער, אַז די געסט זיינען זיך צעגאַנגען, האָבן שטיל זיך אַרויס־געשאַרט פון זאַל, זיך איילנדיק מיט אים געזעגנט און ער איז געבליבן אַליין, איז ער מיט וואַקלדיקע טריט צוגעגאַנגען צום באַלקאָן, אויפגעעפנט די טירן און אַ שטראָם קילע ים־לופט האָט זיך אַריינגעריסן אינעווייניק, וואָס האָט אים אַ ביסל דערפרישט, אויסגעניכטערט.

ער האָט געזען די גאַנצע שטאָט פאַר זיך, וואָס האָט איצט אין די שפּעטע נאַכט־שעהן, געלאָקט און גערייצט מיט אַזויפיל שריייענדיקע ליכטער פון אַלע קאָלירן, געכישופט און געבלענדט מיט אַלערליי פאַרבן. ער האָט געמאַכט אַן אומצופרידענעם זשעסט. ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן איצט דאָס בלענדנדיקע ליכט, די שרייענדיק־רייצנדיקע פאַרבן. ס׳האָט אים אַבסאָלוט נישט צוגעצויגן, ווי דאָס אַלץ וואָלט געווען פאַר אים פרעמד און ווייט, אָפּשטויסנדיק און דערווידער...

ער האָט אַראָפּגעקוקט צו די זייטיקע טונקעלע גאַסן פון שטאָט, איינ־געהילטע אין חשכות. די געביידעס, בנינים, ווי אָנגעהויפנטע קעגנשטאַנדן, איינע איבער די אַנדערע, איינע נעבן די אַנדערע האָבן אין דער פינצטערער טונקלקייט אים אויסגעזען, ווי מחנות פאַרמלאָזע מאיומדיקע געשפּענסטער, וואָס שטייען פאַרטייעטע אין די פינצטערע גאַסן, לויערן און גרייטן זיך צו וואַרפן אויף זייער רויב... אומגעלומפּערטע, משונהדיקע געשטאַלטן האָבן זיך געשטויסן אין ווילדן געדרענג, זיך אַלץ מער דערנעענטערט צו אים...

ער האָט אַ ציטער געטאָן, דערפילט אַ שוידערנדיקע קעלט, וואָס האָט אים דורכגענומען אינגאַנצן. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין פּאַרענטש פון באַלקאָן, געקוקט צום ברעג ים, צו דער פינצטערער טונקלקייט פון האָרי־זאָנט, וואָס האָט אויסגעזען נאָך פינצטערער אַנטקעגן דעם ליכט, וואָס איז געקומען פון דער אַנדערער זייט שטאָט. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז

פון ווייטן טונקעלן האָריזאָנט דערנעענטערט זיך צו דער שטאָט אַ פינצטערע כמאַרע. שוואַרצע דראָענדיקע וואָלקנס זאַמלען זיך צונויף, ווי פאַר אַ שטורעם, מאַכן אַ קרייז, רינגלען אַרום די שטאָט פון אַלע זייטן און דערנעענטערן זיך אַלץ מער צו אים, צו זיין בייעם אויפגעבויטן 10־שטאָקיקן בנין...

# עלנטע מענטשן

מיר האָבן געוווינט בשכנות און איך האָב אים אַלע טאָג באַגעגנט, דעם ליבנסווירדיקן פּראָפעסאָר, ווען ער איז געגאַנגען צום אוניווערסיטעט האַלטן זיינע לעקציעס. ער האָט מיך שטענדיק באַגריסט מיט אַ צופרי־דענעם שמייכל, ווי אַ ברייטהאַרציקער מענטש. כ׳האָב אָבער באַמערקט, אַז פון זיינע טיפע אויגן קוקט אַרויס אַ פאַרבאַהאַלטענער טרויער, וואָס באַגלייט אים שטענדיק ווי אַ פינצטערער שאָטן, מאַטערט און פייניקט אים, לאָזט אים נישט צורו. ס׳האָט זיך מיר דעריבער אויסגעוויזן, אַז זיין ליבלעכער שמייכל איז נאָר צו סימולירן זיינע ליידן, וואָס ער האַלט פאַרבאָרגן טיף אין זיין האַרצן...

איך האָב אויך געוווּסט, אַז ער איז אַן אַסטמאַ־ליידנדיקער. אין אַ פייכטן וועטער איז פאַר אים אַ סכנה אַרויסצוגיין אין גאַס, ער בלייבט ליגן צו בעט און זיין איינציקע טאָכטער, אַן עלטער מיידל, גיט אַכטונג אויף אים, היט אים אָפּ.

ווען ס׳איז אַריבער מער ווי אַ וואָך צייט און כ׳האָב אים נישט באַגעגנט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער איז קראַנק. כ׳בין געגאַנגען אים מבקר חולה זיין. און כ׳האָב אים געטראָפן אין זייער אַ פיינלעכן צושטאַנד, וואָס האָט אויף מיר געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. ער האָט מיך קוים דערקענט. זיין איידל ליבלעך פּנים האָט איצט אויסגעזען געל, איינגעפאַלן און צעקרימט, זיינע אויגן זיינען געווען אַרויסגעסטאַר־טשעט, האָבן אויסגעקוקט ביסטרע, צעשראָקן, ווי זיי וואָלטן נישט געקענט איבערטראָגן די גרויסע יסורים און זוכן צו אַנטלויפן. ער האָט זיך געשטיקט מיטן אָטעם, זיין ברוסט־קאַסטן האָט זיך געהויבן האַסטיק און שווער ווי עמעצער וואָלט אַרויפגעלייגט אויף אים אַן אומגעהויערע משא און געדריקט מיטן גאַנצן כּוח. ער האָט אַלעמאָל פאַרקראַמפּט די פינגער, זיך געדרייט אויפן געלעגער, זיין רעגזשנדיקער אָטעם, ווי דאָס כאָרכלען פון אַ גוסס, האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן אַ פּחד.

די טאָכטער וואָס איז געזעסן לעבן זיין בעט, איז געווען זייער ענלעך צום פאָטער. כ׳האָב באַמערקט, אַז זי האָט זיך געוואַלדיק איבערגענומען פון זיין קראַנקייט. זי האָט עטלעכע מאָל געקלונגען צום דאָקטער, איר ציטערדיקע שטימע האָט אים איבערגעגעבן זיין מצב און געבעטן אָנווייזונגען וואָס זי דאַרף טאָן, וועלכע רפואות זי דאַרף אים געבן. זי איז כסדר אַרומגעלאָפן מיט גיכע נערוועזע טריט איבערן צימער, אַלעמאָל געבראַכט אַן אַנדערע זאַך איס צו פאַרגרינגערן, אַליין אים געגעבן די איינשפריצונגען.

נאָך די איינשפריצונגען איז אים געוואָרן לייכטער. זיין בליק איז געוואָרן פרייער. ער האָט אויסגעזען זייער מיד, דאָס פנים איז אים איצט געווען בלאַס ווי דאָס גאַנצע בלוט וואָלט אים אָפּגעלאָפן. ער האָט געעפנט די אויגן, געקוקט אויף מיר ווי ער וואָלט מיך אָקאָרשט דערזען. מיט אַ שוואַכער שטים קוים וואָס איך האָב אויפגעכאַפּט די ווערטער, האָט ער מיר דערציילט, אַז ס׳איז שוין אַ סך יאָרן ווי ער ליידט אויף אַסטמאַ. ווען עס קומט אים אָן אַן אַטאַקע, ווייזט זיך אים אויס, אַז די כוחות פאַרלאָזן אים, ס׳דערנעענטערט זיך זיין סוף און אַז ס׳גייט אים איבער פאַרגעסט ער אינגאַנצן. ער האָט נאָך אַלץ געאָטעמט שווער, זיך געשטיקט. דאָס רענזשעניש האָט נישט אויפגעהערט און מיר האָט זיך אויסגעוויזן ווי אַ טעמפּע זעג שניידט און סקריפּעט נאָכאַנאַנד, נאָר די אַרויסשטאַרצנדיקע אויגן האָבן שוין נישט אויסגעזען אַזוי ביסטרע ווי פריער, האָבן ביסלעכווייז באַקומען זייער נאַטירלעכן גלאַנץ. ער האָט זיך געפילט בעסער.

כ׳האָב זיך מיט אים געזעגנט. כ׳האָב אים צוגעזאָגט, אַז איך וועל אים אָפט קומען באַזוכן. כ׳האָב געהאַלטן וואָרט, כ׳בין אַלע טאָג געגאַנגען אים מבקר חולה זיין. כ׳האָב שטענדיק געטראָפן די געטרייע איבערגעגעבענע טאָכטער וואָס האָט אים אָפּגעהיט, אַכטונג געגעבן אויף אים, נישט אָפּגעטראָטן פון זיין בעט.

און אַז זיין מצב האָט זיך געבעסערט, ער האָט אָנגעהויבן אַרומצוגיין, האָט דאָס מיידל אויפגעלעבט, איר אומעטיק־פאַרזאָרגט פנים האָט אויפגעשיינט. דאַן האָב איך אַרויסגעזען, ווי זי האָט זיך איבערגענומען פון טאַטנס קראַנקייט און ווי געטריי און איבערגעגעבן זי איז צו אים.

ווען איך בין איינמאָל געקומען, איז די טאָכטער נישט געווען. עס

איז אים שוין געווען באַדייטנדיק בעסער. מיר האָבן געשמועסט אַ לענגערע צייט. איך האָב אים געפּרוווט זאָגן, אַז איך קען אַ באַרימטן דאָקטער, וואָס היילט אויס אַסטמאַ־ליידנדיקע, און אויב ער וויל וועל איך אים באַגלייטן, די קראַנקייט מאַטערט אים אויס און ער דאַרף זיך פון איר באַפרייען, האָב איך פּרובירט צו אים צושטיין.

ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט מבטל געווען מיינע רייד. דערנאָך האָט ער מיך אָנגעקוקט אַ ווײַלע, געבליבן פאַר־טראַכט, ווי ער זאָל זיך ישובן, זיינע אויגן זיינען געוואָרן פאַרטרערט, ער האָט אָנגעהויבן ציטערן ווי אַ קעלט וואָלט אים דורכגענומען. מיט־אַמאָל האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן, פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט ביידע הענט און כ׳האָב דערהערט אַ שלוכצנדיק געוויין.

כ׳בין געבליבן אינגאַנצן צעטומלט. כ׳האָב נישט געקאָנט צוזען דעם גוטהאַרציקן פּראָפעסאָר וויינען און שלוכצן אויפן קול ווי אַ קליין קינד. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז ער האָט דורכגעלעבט אַ לעבנס־טראַגעדיע, וואָס האָט אים געפּייניקט און געדריקט און ער האָט געוואָלט פאַר מיר אויס־גיסן דאָס האַרץ. כ׳האָב געוואַרט אויף זיין דערקלערונג.

— נישטאָ פאַר מיר קיין הילף, מיין ליבער פריינד — האָט ער אַרויסגעשלוכצט די ווערטער. — קיין דאָקטאָר קאָן מיר נישט העלפן, ס׳איז נישטאָ פאַר מיר קיין שום רפואה, איך אַליין בין דער שולדיקער אין מיין קראַנקייט! איך בין דער גורם! איך... — האָט ער נישט אויפגעהערט איבער׳חזרן נאָכאַנאַנד.

איך האָב זיך געפילט אין אַ מאָדנער פאַרלעגנהייט. כ׳האָב נישט געקאָנט צוקוקן ווי ס׳איז געשטאַנען פאַר מיר דער בכבודיקער פּראָפעסאָר, פאַר וועמען איך האָב געהאַט אַזאַ רעספּעקט און דרך־ארץ. ער האָט איצט אויסגעזען אַזאַ נעבעכדיק צעבראָכן מענטשל, פול מיט צער און חרטה, וואָס באַשולדיקט זיך אַליין אין עפּעס וואָס איך האָב נישט געקאָנט אויפכאַפּן.

איך האָב זיך געפילט פאַרלוירן. איך האָב אים אָנגעקוקט פאַרחידושט. ער האָט זיך באַמיט צו רעדן געלאַסן, רואיק. ער האָט זיך געפּרוווט באַהערשן, פון צייט צו צייט האָט ער טיף אָפּגעזיפצט.

— פון קינדווייז אָן האָב איך מיין טאָכטער אויסערגעוויינלעך ליב געהאַט — האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ פאַרשטיקט קול, ווי ס׳וואָלט אים

געווען שווער צו עפענען דאָס האַרץ פאַר אַ פרעמדן מענטש. — כ׳בין גרייט געווען צו טאָן פאַר איר אַלצדינג, זי זאָל זיין גליקלעך און צופרידן. אפשר איז דאָס געווען ווייל איר מוטער איז אַוועקגעגאַנגען פון דער וועלט, ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין קינד, — האָט ער מיר געוואָלט געבן צו דערקלערן. — דאָס האָט געווירקט, אַז דאָס קינד זאָל זיין שטאַרק צוגעבונדן צו מיר. כ׳בין געווען פאַר איר סיי אַ פאָטער און סיי אַ מוטער. זי איז אויך געווען אינגאַנצן געראָטן אין מיר. אַלע פלעגן זאָגן, אַז מיר זיינעןביידע ענלעך ווי צוויי טראָפּנס וואַסער. זי האָט פאַרמאָגט מיינע שטריכן, מיין כאַראַקטער און אַפילו מיינע זשעסטן, און דערצו איז זי געווען אַ טייער ליב קינד, אַ גוטע האַרציקע נשמה, געטריי און איבער־געגעבן. זי האָט פאַרמאָגט איידעלע סענסיטיווע געפילן, שטענדיק גרייט מיטצוהעלפן אַ ליידנדיקן, אַ נויטבאַדערפטיקן. זי האָט געהאַט פאַר מיר דעם גרעסטן רעספּעקט, נישט געלאָזט פאַלן אויף מיר קיין שטויבעלע. זי האָט פאָרגעזעצט דאָס לערנען און איך האָב געגעבן מיינע לעקציעס. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַז זי וועט אינגיכן ענדיקן איר שטודיום, זי איז געווען אַ פלייסיקע שילערין; זי וועט געפינען איר זיווג, זי וועט חתונה האָבן, איר מאַן וועט זיין אַ געלערנטער מענטש און זיי וועלן לעבן גליקלעך און צופרידן און אפשר וועל איך נאָך דערלעבן אייניקלעך אויך.

אַז איך האָב נאָר אָנגעהויבן טראַכטן, איז מיר דאָס האַרץ געוואַקסן פאַר פרייד און נחת־רוח. איך האָב זיך אַנדערש נישט פאָרגעשטעלט, אַז מיין טאָכטער זאָל זיין גליקלעך. אַזאַ טייער קינד, אַזאַ גוטע נשמה דאַרף קריגן באַלוינונג פאַר איר גוט האַרץ, פאַר אירע מעשים טובים.

כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ווי זי איז איינמאָל געקומען אַ שיי־נענדיקע, האָט מיך אָנגעהויבן קושן און בשעת מעשה מיר דערציילט, אַז זי האָט באַקומען אַ „בעקאַ״ צו פאָרזעצן איר שטודיום אין אַן אַנדער לאַנד, צוזאַמען מיט אַ גרופּע חברטעס אירע, וועלכע האָבן זיך אויך אויסגעצייכנט אין לערנען.

איך האָב געפּרווּט פרעגן: האָסט באַשלאָסן צו פאָרן? — כ׳וואַרט אויף דיין ענטפער, פּאַפּאַ, — האָט זי מיר אַריינגעקוקט אין די אויגן, — איך וועל טאָן ווי דו וועסט מיך הייסן.

איך בין געבליבן אַ שווייגנדיקער, אַ פאַרטראַכטער. איך האָב נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט. ווי אַזוי האָב איך איר געקאָנט געבן

מיין צושטימונג, ווען איך האָב געוווּסט, אַז מיר וועט זיין שווער זיך צו שיידן מיט איר, איך וועל שטאַרק בענקען, איך וועל איבערטראַכטן, איבערקלערן, צו שטאַרק איז זי מיר געווען איינגעבאַקן אין האַרצן איך זאָל קאָנען זיין ווייט פון איר עטלעכע יאָר צייט. מיר האָט זיך אויס־געוויזן, אַז איך וועל נישט קאָנען איבערטראָגן, איך וועל קראַנק ווערן פון בענקשאַפט.

זי האָט פון מיר קיין ענטפער נישט באַקומען. אָבער זי האָט געזען, אַז איך בין נישט איינשטימיק. זי האָט מיך נישט געוואָלט מצער זיין און זי האָט די „בעקאַ״ נישט אָנגענומען.

כ׳געדענק, ווען די חברטעס זיינען פאַרן אַוועקפאָרן געקומען זיך געזעגענען מיט איר. זי האָט זיך באַמיט צו זיין פריילעך, אויפגעלייגט, געשפּאַסט, געלאַכט, אָבער אַ טיפער טרויער האָט אַרויסגעקוקט פון אירע אויגן. זי האָט געליטן און מיך נישט געוואָלט מצער זיין.

ער האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן, געבליבן שטיל אַ ווײַלע, ווי ס׳זאָל אים אָנקומען שווער דאָס דערציילן. שפּעטער האָט ער פאָרגעזעצט: — פון דאַן אָן זיינען שוין אַריבער אַ סך יאָרן. די חברטעס זיינען צוריקגעקומען גליקלעכע, באַרוישטע, פול מיט לוסט און לעבן. מיין טאָכטער האָט פאָרגעזעצט דאָס לערנען, אָבער שוין נישט ווי פריער. אַן איבערברוך איז פאָרגעקומען אין איר לעבן. זי האָט זיך אַלץ מער אָפּגעגעבן מיט דער שטוב, אַכטונג געגעבן אויף מיר און האָט ווי פאַרלוירן דעם אינטערעס אַרויסצוגיין פאַרברענגען. כ׳האָב צוגעקוקט מיט ווייטיק, ווי איר יוגנט וועלקט צווישן די פיר ווענט פון אונדזער היים. זי איז געבליבן ווי אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, אין די אָוונטן קיינמאָל נישט אַרויסגעגאַנגען, און אַזוי זיינען פאַרלאָפן די יאָרן און זי איז געוואָרן אַן אַלט פאַרזעסן מיידל.

דאַן האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז איך בין דער שולדיקער, אַז דאָס האָב איך צעשטערט דאָס גליק פון מיין קינד! איר לעבן, איר צוקונפט. איך בין דער גורם, וואָס מיין קינד איז געבליבן אַזוי עלנט, פאַרלאָזן. זי האָט ווי פריער מיך אָפּגעהיט, אַכטונג געגעבן, אָבער איך האָב פון דעם נאָך מער געליטן. מיר איז געווען שווער איבערצוטראָגן דאָס זיצן אירס גאַנצע אָוונטן אין שטוב, קיינמאָל אין ערגעץ נישט אַרויסגיין. איר טריישאַפט פאַר מיר איז געוואָרן אַ מוראדיקע לאַסט, וואָס האָט

מיך געדריקט און געפּייניקט. דער געדאַנק, אַז איך בין דער שולדיקער, האָט מיך געמאַטערט, נישט אָפּגעלאָזט טאָג און נאַכט, און דאַן האָבן אָנגעהויבן קומען די אַטאַקעס, די אַסטמאַ־אָנפאַלן, ווי אַ שווערע שטראָף פאַר מיינע זינד. קאָן מיר עמעצער עפּעס העלפן? כ׳בין באַגאַנגען אַ גרויסע אומרעכט קעגן מיין קינד, און ס׳איז נישט מעגלעך צו פאַרריכטן. אירע ליידן שפּיגלען זיך אָפּ אין מיר, איר צער שרייט אַרויס דורך מיר, איר לעבן צאַנקט און גייט אויס פאַר מיינע אויגן און איך בין אומבאַהאָלפן פאַר איר עפּעס צו טאָן. איך בין פול מיט צער און חרטה און איך קאָן קיינעם נישט באַשולדיקן, נאָר זיך אַליין. און דער שולד־געפיל צו מיין קינד וועט מיך שוין באַגלייטן ביז די לעצטע טעג פון מיינע יאָרן...

ער האָט אָנגעהויבן ווייטער שלוכצן און וויינען אויפן קול. דאָס פּנים איז אים געוואָרן דורכזיכטיק, די אַרויסגעשטאַרצטע אויגן האָבן געקוקט ביסטרע, אומהיימלעך, ווי זיי זאָלן וועלן זיך באַפרייען פון ליידנדיקן גוף, דער ברוסט־קאַסטן האָט זיך אים געהויבן אַרויף און אַראָפּ, ער האָט אינגאַנצן געציטערט, ווי אַ קעלט וואָלט אים דורכגענומען. זיין פאַרשטיקטער אָטעם האָט געכאָרכלט, די אַרויסשטאַרצנדיקע אויגן האָבן געקוקט הילפלאָז און פאַרלוירן, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט אַז ס׳דערנעענטערט זיך דער סוף...

כ׳בין געבליבן צעטומלט און דערשראָקן. כ׳האָב נישט געוווסט וואָס צו טאָן, ווי אַזוי אים צו העלפן, וועלכע רפואות אים צו געבן. כ׳האָב זיך געפילט פאַרלוירן.

מיטאַמאָל האָב איך דערהערט גיכע איילנדיקע טריט. די טיר האָט זיך האַסטיק געעפנט, די טאָכטער איז אַריין מיט אַ צעשראָקן פּנים, ווי זי וואָלט דערשפּירט פון ווייטנס אַז איר פאָטער איז אין אַ סכנה...

זי האָט אים געהאָלפן זיך לייגן אין בעט. אים דערלאַנגט די רפואות, צוגעגרייט די איינשפּריצונגען. זי האָט אַלץ געטאָן שנעל און געשיקט, מיט אַן אויסערגעוויינלעכער געניטקייט. איר פּנים האָט אויסגעדריקט מיטלייד, איבערגעגעבנקייט און פאַרזאָרגטקייט.

כ׳בין אַ לענגערע צייט געבליבן זיצן נעבן זיין בעט, ביז ס׳איז אים בעסער געוואָרן. ער האָט געאָטעמט פרייער, די שווערע אַטאַקע וואָס ער האָט באַקומען, האָט ביסלעכווייז נאָכגעלאָזן. ער האָט זיך געפילט מיד און פאַרמאַטערט, ער האָט אָנגעהויבן דרימלען. כ׳בין אַרויס פון דער

שטוב מיט אַ שווער געמיט. כ׳בין לאַנג געגאַנגען איבער די באַלעבטע גאַסן פון שטאָט און כ׳האָב נישט געקאָנט קומען צו זיך. כ׳בין געווען דערשיטערט פון די אומגעהויערע ליידן פון די צוויי עלנטע נשמות, וואָס האָבן זיך ווי אָפּגעזונדערט פון דער וועלט און ווערן פאַרפייניקט פון צער, חרטה און איינזאַמקייט. זייערע געשטאַלטן זיינען נישט אָפּגעטראָטן פון מיר.

ס׳איז געוואָרן פאַרנאַכט. דער שפּאַצירנדיקער המון האָט מיך געטראָגן פאָרויס, מיך געשטויסן אַלץ ווייטער, ווי זיי, די זאָרגלאָזע מענטשן מיט לאַכנדיק־שמייכלענדיקע פּנימער, וואָס שפּאַצירן אַזוי געמיטלעך, וואָלטן געהאַט דעם פאַרלאַנג אָפּשטופּן און זיך דערווייטערן פון דעם פאַר־טראָגענעם מענטש, מיט די שווערע אומעטיקע מחשבות, וואָס צעשטערט זייער פריילעך געמיט. פריילעך באַרוישטע פּאָרלעך, אַרומגעאַרמטע, איינ־געשלאָסענע, האָבן מיך אויסגעמיטן, ווי זיי וואָלטן זיך דערשראָקן פאַר מיין אויסזען און זוכן צו אַנטלויפן מיט זייער גליק און פריילעכקייט.

כ׳בין פאַרבייגעגאַנגען נעבן אַ פּאַרק. אַ גרופּע קינדערלעך האָבן זיך געשפּילט, אַרומגעלאָפן און געשטיפט. זייערע יונגע שטימעלעך האָבן פאַרהילכט דעם אַרום, ווי זיי וואָלטן וועלן אַלעמען אַריינציען אין זייער קינדערשן שפּיל.

איך בין געבליבן גלייכגילטיק צו אַלעמען. ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך בין ווידער מיט זיי, מיט די צוויי איינזאַמע מענטשן, וואָס האָבן פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיט דער וועלט, און לעבן נאָר איינער פאַרן צווייטן. דער געטרייער פאָטער וואָס ווערט פאַרצערט און פאַרפייניקט פון צער, חרטה, און דער טאָכטערס גרענעצלאָזע געטריישאַפט און איבער־געגעבנקייט, וואָס פאַרגרעסערט נאָך מער זייערע ליידן...

כ׳פלעג זיי אָפּטמאָל באַזוכן. נאָכן פאָטערס ווידוי, ווען ער האָט אויסגעגאָסן פאַר מיר זיין האַרץ, בין איך געוואָרן מיט זיי מער אינטימער. אָבער נאָך יעדן באַזוך, פלעג איך אַוועקגיין אַ צעבראָכענער, אַ צערודער־טער, די צוויי ליידנדיקע געשטאַלטן זיינען נישט אָפּגעטראָטן, האָבן מיך כסדר באַגלייט בייטאָג און ביינאַכט, ווי זיי וואָלטן געפאָדערט פון מיר אַן ענטפער, אַ באַשייד צו זייערע אומגעהויערע ליידן...

# דער גורל פון אַ קינד

אַלע טאָג קומט אויס דער מוטער צו פירן דאָס קראַנקע קינד מאַכן די קוראַציעס. דער מאַן גייט גאַנץ פרי אַוועק צו דער אַרבעט און די לאַסט פאַלט אויף איר. זי גייט פאָרויס, האַלט פעסט דאָס קינד פאַרן הענטל, דאָס קינד רייסט זיך מיט אַלע כוחות, וויל אַנטלויפן און די מוטער מוז זיך אָנשטרענגען מיט אַלע מיטלען אים איינצוהאַלטן ביז זיי דערנעענטערן זיך צו דער גרויסער שפּיטאָל־געביידע. און ווי זיי גייען נאָר אַריין אינעווייניק בלייבט דאָס קינד רואיק. די טונקלקייט פון די קאָרידאָרן, די איבלדיקע ריחות פון קאַרבאָל און רפואות, די ערנסטע פאַרזאָרגטע פּנימער פון די וואָס קומען באַזוכן די קראַנקע, די דאָקטוירים, קראַנקן־שוועסטער, פּראַקטיקאַנטן און שפּיטאָל־דינער וואָס גייען דורך הין און צוריק מיט זייערע ווייסע כאַלאַטן, וואַרפן אָן אַ פּחד אויפן קינד, וואָס ווערט אונטער־טעניק, נאָכגיביק, ער וואַרט אויף זיין ריי.

די מוטער נעמט אים פון צייט צו צייט צום דאָקטער, ער זאָל אים אונטערזוכן, זען זיין צושטאַנד. דער דאָקטער נעמט זיי שטענדיק אויף קאַלט מיט אַן אומהיימלעך פּנים, ווי ער זאָל אויסדריקן די ערנסטקייט פון קינדס קראַנקייט. ער קוקט אַריין אין דער „היסטאָריע", פאַרגלייכט די אַנאַליזן, די רעזולטאַטן און קוועטשט מיט די פּלייצעס, ווי ער זאָל נישט קאָנען באַגרייפן, וווּנדערט זיך וואָס נאָך אַזויפיל באַהאַנדלען, איינשפּריצונגען און רפואות שטייט די קראַנקייט אויף איין אָרט. מ׳זעט נישט קיין בעסערונג. „ס׳רירט זיך נישט ווי אַ שטיין", פּרוּווט ער געבן צו דערקלערן דער פאַרזאָרגטער מוטער, וועלכע קוקט אים אין די אויגן, באַמיט זיך נישט צו פאַרלירן קיין איין וואָרט, די מינדעסטע אָנדייטונג.

און אַז דער דאָקטער זעט דער מאַמעס דערשלאָגנקייט ווערט ער גערירט, זיין שטייף אָנגעצויגן פּנים ווערט מיטפיליק, ער לייגט אַרויף זיין האַנט אויף איר אַקסל און זאָגט:

— אָבער די קראַנקייט האָבן מיר פאַרהאַלטן, אַדאַנק אונדזער

באַהאַנדלונג קאָן די קראַנקייט נישט אַוואַנסירן, מ׳דאַרף נאָר האָבן געדולד, אויסדויער, פאָרזעצן מיט די מעדיקאַמענטן וועט דאָס קינד זיך בעסערן.

אָוונט־צייט. דאָס קינד שלאָפט. מאַן און פרוי זיצן און רעדן צווישן זיך שטיל, כדי נישט צו שטערן אים אין שלאָף. דאָס קינד כאַפּט זיך אויף פון יעדן מינדעסטן גערויש.

— ס׳קינד איז דאָך נישט צו דערקענען, — זאָגט דער מאַן צו דער פרוי און קוקט איר אָן רוגזהדיק, ווי זי זאָל האָבן די שולד. — ער איז געוואָרן אַ פאַרביטענער, אַז ס׳קומט אים אָן די יוכע פאַרלירט ער זיך אינגאַנצן, ער שלאָגט און באַפאַלט אַנדערע קינדער, אַז מ׳קאָן אים קוים אָפּרייסן, די אויגן קערן זיך אים איבער פון כעס און רציחה.

— ס׳איז אַלץ די קראַנקייט, — וויל די פרוי אים פאַרטיידיקן. — דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז ווען ער וועט זיך בעסערן, וועט זיך אויך ענדערן זיין כאַראַקטער, זיין אויפפירן זיך, די קראַנקייט דאַרף זיך אויסשטיין. מ׳דאַרף האָבן געדולד. — זי בלייבט אַ ווײַלע שטיל, ווי זי זאָל זיך פאַרטראַכטן, זי זאָל וועלן עפּעס דערגיין און זעצט פאָר:

— געדענקסט? ווען ער איז געבוירן געוואָרן איז ער געווען שיין ווי די וועלט, אַ בלאָנדער מיט העל־בלויע אויגן, האָט ער פאַרשיינט די שטוב. ס׳איז געווען ליכטיק אין אַלע ווינקעלעך, און אַז ער האָט אָנגעהויבן אַרומצוגיין, האָבן מיר געטאַנצט פון פרייד. ער פלעגט אַרומלויפן, אַרומשטיפן אַ גאַנצן טאָג און דערנאָך אַוועקפאַלן אין אָוונט אַ מידער און איינשלאָפן. היינט איז די גאַנצע שטוב קליין פאַר אים, אַלץ איז אים דערווידער, ווי ער וואָלט געטראָגן אַ האַס צו אַלעמען... ער קאָן אַפילו נישט פאַרטראָגן, אַז איך גיב אים אַ גלעט, אַז איך וויל אים אַ קוש טאָן שטויסט ער מיך אָפּ...

מאַן און פרוי בלייבן שטיל, האַקן איבער דעם שמועס, דאָס קראַנקע קינד הויבט זיך אָן באַוועגן אויף זיין געלעגער, וועקט זיך איבער, ווי ער זאָל אויפכאַפּן אין שלאָף דעם שמועס וועגן אים... ביידע באַשליסן צו גיין מאָרגן צום דאָקטער, באַראַטן זיך מיט אים.

דער דאָקטער האָט דאָס מאָל זיי אויפגענומען פריינדלעכער ווי שטענדיק. זיך נאָכגעפרעגט ביי טאַטע־מאַמע וועגן קינד, זיין אויפפירונג

און צי זיי פירן אויס זיינע פאַראָרדענונגען. ער גיט דעם קינד אַ גלעט פאַרן קעפל און גיט אַ ווונק צו די עלטערן זיי זאָלן מיט אים מיטגיין.

זיי הויבן אָן אַראָפּנידערן דורך אַ ריי טונקעלע טרעפּ אין אַ קעלער, ווו ס'זיינען אויסגעשטעלט פאַרשיידענע גיפּסענע פיגורן, וואָס ווייזן אַלערליי קראַנקייטן. פאַרמלאָזע פּנימער, צעגעסענע פון מיקראָבן מיט געשוואָלענע הענט און פיס, וואָס זעען אויס ווי אויפגעבלאָזענע פּענכערס, מענטשלעכע קערפּערס באַדעקט מיט ווונדן־אַנוווקסן און מכות, וואָס פאַרשאַפן אומגעהויערע ליידן און יסורים; צעקרימטע פאַרקריפּלטע פּנימער מיט קראַנקע ביסטרע אויגן וואָס קוקן שטאַר און אומהיימלעך מיט זייערע מוטנע שוואַרצאַפּלען.

זיי זיינען אַריין אין אַ טונקל־באַלויכטענעם זאַל, ווו אויף לאַנגע בענק זיינען געזעסן אויסגעזעצט יונגע סטודענטן און געהאַלטן נאָטיץ־ביכלעך אין די הענט, גרייט אויסצוהערן דעם פּראָפעסאָרס לעקציע.

דער דאָקטער האָט אָנגעהויבן דערקלערן וועגן די פאַרשיידענע פּראָצעסן פון די צעשטערערישע מיקראָבן אין מענטשלעכן קערפּער. ס'קאָנען אַריבערגיין אַ סך יאָרן און די שעדלעכע מיקראָבן זיינען אומאַקטיוו, דרימלען, און מיטאַמאָל וואַכן זיי אויף, הויבן אָן בושעווען מיט זייער גאַנצן כוח. זוכן אויס די שוואַכסטע טיילן פון מענטשלעכן קערפּער, וועלכע זיינען אָנגעגריפן און קאָנען נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד, און פון דעם פּלאַץ צעשפּרייטן זיי זיך איבערן גאַנצן אָרגאַניזם.

אַלס ביישפּיל האָט ער אָנגעוויזן אויפן קינד, וואָס די קראַנקייט האָט יאָרן־לאַנג געדרימלט אין זיין אָרגאַניזם, ווי אַ פאַרצוקנדיקע חיה געלויערט פאַרבאַהאַלטן אין איר נאָרע, כדי צו קאָנען מיט דער גאַנצער קראַפט אָנפאַלן אויף איר קרבן... ס'קינדס לעבן איז געווען אין געפאַר... נאָר אַדאַנק די מאָדערנע הייל־מיטלען האָט מען די קראַנקייט פאַרהאַלטן, אָפּגעטויט איר מאַכט, זי זאָל נישט קאָנען ווייטער אַוואַנסירן. דאָס איז דער גרויסער אויפטו פון דער מאָדערנער מעדיצין — האָט ער פאַרענדיקט מיט גדלות.

ער האָט צוגעפירט דאָס קינד צו די סטודענטן, צו באַשטעטיקן זיינע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען, אָנגעוויזן די סימנים וואָס מ'באַמערקט אין אים, אַז די קראַנקייט איז אים איבערגעגעבן געוואָרן בירושה און דעריבער קומט אָן שווער דאָס אויסהיילן.

דער דאָקטאָר האָט אויך נישט פאַרגעסן אין דער מוטער, געבראַכט איר אַלס ביישפּיל פון איבערגעגעבנקייט און מסירת־נפש... אַז זי האָט געטאָן אַלצדינג אים צו ראַטעווען, אַז זי האָט מיט איר מוטערלעכער געטריישאַפט און וואַכזאַמקייט אַרויסגעוויזן צום קינד אויסערגעוויינלעכן געדולד און אויסדויער.

דאָס קראַנקע קינד איז געשטאַנען אַ בלאַסער, אַ דערשראָקענער, געביסן זיך די ליפּן פון כעס און פאַרדרוס. ער האָט געפילט דעם דאָקטערס קאַלטע האַנט אין זיינער, ווי ער וואָלט געהאַלטן עפּעס אַ טויטע זאַך וואָס עקלט אים אָפּ, מאַכט אים אויפציטערן און אויפשוידערן. אַ קעלט האָט אים דורכגענומען, ס׳האָט זיך אים געדוכט, אַז ער שטייט אויסגעטאָן נאַקעט פאַר אַלעמען. ער פילט אויף זיך אַלעמענס בליקן, זייערע הענט מאַטשען, באַטאַפּן אים, זוכן און פאָרשן, קוקן אויף אים מיט מיטלייד און באַדויערן... ער הערט די רייד פון דאָקטער וועגן אים, וועגן זיין קראַנקייט, ער זעט זיינע טאַטע־מאַמע וואָס זיצן ווייט פון אים, ווי מ׳וואָלט זיי אָפּגעזונדערט, זיי זאָלן נישט קאָנען קומען אים צו הילף. זיי קוקן צו אים מיט מיטלייד און האַלטן אַראָפּגעבויגן די קעפּ ווי באַשולדיקטע... איצט דוכט זיך אים אַז זיין קערפּער איז הוילע ווונדן און פרעמדע הענט באַרירן אים, פאַרשאַפן אים מוראדיקע יסורים...

דאָס קראַנקע קינד קוקט איצט מיט האַס און שנאה צו אַלעמען, צו טאַטע־מאַמע וואָס זיצן צונויפגעקאָרטשעטע אין אַ ווינקל, צום דאָקטער וואָס האַלט אים פאַרן האַנט און רעדט מיט אַ גרילצנדיקער שטים, די סטודענטן וואָס זיצן אויף די בענק און גראַטשען די אויגן אויף אים, פאָרשן און זוכן... ער איז אַרומגערינגלט און ס׳איז אים אוממעגלעך צו אַנטלויפן... ער דערזעט פאַר זיך די גיפסענע משונהדיקע פיגורן, וואָס וואַקסן אויס אַנטקעגן אים ווי גרויליקע מאָנסטערס, זייערע ביסטרע בליקן נעמען אים דורך, זיינען גרייט זיך צו וואַרפן אויף אים. ער כאַפּט אויף זייערע שווערע טריט, זייערע צעקרימטע אָפּשיילעכע העוויות. ס׳באַפאַלט אים אַ מוראדיקער פחד, ער ווערט ווי פאַרטעמפּט, געליימט, קאָן נישט באַוועגן מיט קיין גליד, שטעלן אַ טראָט, ביז ס׳ענדיקט זיך די לעקציע, ער ווערט באַפרייט פון דאָקטערס האַנט און ער כאַפּט זיך אויף ווי פון אַ פינצטערן קאָשמאַר... ווי פון אַ בייזן חלום.

אויף צוריקוועגס פון שפּיטאָל איז דאָס קראַנקע קינד געגאַנגען ביי

זייט פון טאַטע־מאַמע מיט מידע איינהאַלטנדיקע טריט. זיי האָבן אויס־
געזען ווי באַשולדיקטע וואָס האָבן בישט לאַנג אויסגעהערט זייער פסק־דין,
זיינען פאַראורטיילט געוואָרן און גייען זייער לעצטן וועג...

דער פרימאָרגן איז געווען אַ טריבער, אַ כמורנער, גרויע וואָלקנס
ווי בייזע וועלף האָבן זיך געצויגן מחנותווייז איבערן הימל, געשפּרייט
אַרום זיך טונקעלע שאָטנס און פאַרשטעלט די זון.

אַ שניידנדיקער ווינט איז אָנגעלאָפן מיט אַ געבייזער, זיי פאַרצוימט
דעם וועג, ווי ער זאָל זיי וועלן פאַרהאַלטן. דער ווינט איז זיך פאַרגאַנגען
אין אַ פאַרצווייפלטן געיאָמער, ווי ער זאָל באַוויינען דעם שווערן גורל
פון קראַנקן קינד און טאַטע־מאַמע...

פון צייט צו צייט האָט די זון אַ שיין געטאָן, אַ העל ליכט האָט זיי
אַ בלענד געטאָן פאַר די אויגן, זיי אויפגעמונטערט אַ ווײַלע, זיי צוגעגעבן
מוט און האָפענונג און דערנאָך איז ווידער טונקל געוואָרן, ווי ס׳וואָלט
זיך דערנענטערט דאָס אָנקומען פון דער נאַכט...

# צו זיך אַהיים

דער טאָג וואָס זיי באַקומען בריוו פון זייערע קינדער אין ישראל איז ביי זיי אַ יום־טוב. זיי וואַרפן אַל'ץ אַוועק און פאַרטיפן זיך אין לייענען, ווי די קליינע בויגעלעך פּאַפּיר מיט די דראָבנינקע אותיות וואָלטן געווען פול מיט ווונדערלעכע קלאַנגען און ביים לייענען שיפּרירן זיי אויס האַרציקע ניגונים, וואָס דריקן אויס פרייד, בענקשאַפט און טרייסט...

די בריוו, סיי פון זון און סיי פון דער טאָכטער, דערציילן ווי אַזוי זיי האָבן זיך איינגעלעבט אין קיבוץ, זיינען צופרידן, וואָס זיי האָבן ענדלעך דערגרייכט זייער ציל, אַז זיי פרייען זיך מיט יעדן גרעזעלע וואָס שפּראָצט אַרויס, יעדן ביימעלע וואָס ווערט פאַרפלאַנצט, יעדעס ניי־געבוירן קינד איז פאַר אַלעמען אַ נחתדיקע פרייד, וואָס דער קיבוץ וואַקסט, פאַרגרעסערט זיך. זיי גיבן אויך איבער — אַז זיי האָבן חתונה געהאַט און זיינען שוין טאַטע־מאַמע.

אין די בריוו דערציילן זיי די חכמות פון זייערע קינדער, וואָס רופן אַרויס ביי זיידע־באָבע טרערן פון עמאָציע און בענקשאַפט... די פרוי לייענט עטלעכע מאָל די בריוו, קען זיך ניט אָנזעטיקן. זי קוקט אויף די בילדלעך, קושט זיי מיט אַ האַרציקער ליבשאַפט און דריקט זיי צום האַרצן. די קינדער אויף די בילדלעך זעען אויס שיינענדיקע צעשטראַלטע און לאַכנדיקע, ווי זיי זאָלן וועלן אויפמונטערן די זיידע־באָבע, זיי צעשטרייען, צונעמען פון זיי די בענקשאַפט און פאַראומערטקייט.

אַ גאַנצן טאָג זיינען זיי ביידע פאַרנומען אין געשעפט. דאָס אַריינקומען פון קונים, סוחרים און „קאַרעדאָרן״, ווירקט אַז זיי זאָלן זיך צעשטרייען. דאָס נעמט ביי זיי צו די בענקשאַפט צו די קינדער, צו די אייניקלעך, וואָס זיי קענען נאָר פון די בילדער.

אָוונט־צייט שליסן זיי דאָס געשעפט און גייען אַהיים. ביידע פילן זיך מיד, אָנגעשטרענגט און נערוועז, אַלערליי ווייטיקן רופן זיך איצט אָפּ. פון שטיין אַ גאַנצן טאָג שפּירן זיי די אָנגעשוואָלענע אָדערן פון די פיס

וואָס פייערן און טוען וויי. זיי זעצן זיך ביידע צום טיש, קייען אָן טעם דאָס עסן וואָס דאָס מיידל דערלאַנגט זיי. די איינזאַמקייט וואָס רינגלט זיי אַרום מאַכט נאָך שווערער און אומעטיקער די שטילקייט פון הויז.

די פרוי קען מער ניט פאַרטראָגן די דערדריקנדיקע שטילקייט וואָס ווערט נאָר איבערגעריסן מיטן קלאַנג פון גאָפּל־מעסער, דאָס דריקט אויף איר געמיט, זי ווערט שרעקלעך דענערווירט פון דעם מעטאַלענעם גע־קלימפּער וואָס האַקט איבער אירע רעיונות, זי פילט ווי אַ קנויל וויקלט זיך אין האַלדז, דאָס עסן בלייבט איר שטיין, זי קען נישט אַראָפּשלינגען קיין ביסן, זי רוקט אָפּ פון זיך דעם טעלער און ווענדעט זיך צום מאַן:

— וואָס וועט זיין דער תכלית? מיר וועלן שוין בלייבן אַזוי שטענדיק צוגעבונדן צום געשעפט ביז מיר וועלן פאַלן פון די כוחות? כ׳פיל אַז כ׳וועל דאָס נישט קענען איבערטראָגן, די בענקשאַפט צו די קינדער לאָזט מיר נישט אָפּ אַ סעקונדע, ביינאַכט קען איך נישט צומאַכן מיט קיין אויג, — זאָגט זי מיט אַ וויינענדיק קול.

— וואָס קען מען מאַכן? — רופט זיך אָפּ דער מאַן בייזלעך צו דער פרוי וואָס פאַריענטשעט אים די יאָרן, לאָזט אים אַפילו דאָס קאָפּ עסן נישט באַקומען.

— אַבי זיי זיינען צופרידן און גליקלעך. דו באַקומסט טייערע בריוו, וואָס ווילסטו נאָך? בעסער האָבן נחת פון ווייטן איידער עגמת־נפש פון דער נאָענט.

— וואָס איך וויל? — זאָגט די פרוי מיט טרערן — כ׳וויל זיין נעבן די קינדער. פון איין בריוו צום צווייטן ווייס איך נישט וואָס איבער־צוקלערן.

— ס׳איז ווייבערישע טענות! — גיט דער מאַן אַ מאַך מיט דער האַנט. — וואָס ווילסטו דעם גאַנצן לעבן האַלטן זיי אונטער דיין פאַרטעך? זיי האָבן שוין התונה געהאַט, לעבן אין קיבוץ, זיינען צופרידן, שרייבן האַרציקע בריוו, וואָס ווילסטו נאָך? זיי זיינען שוין אַ וועלט פאַר זיך.

דער פרויס פּנים ווערט אָנגעבלאָזן, אַ בייז פייערל פינקלט אין אירע אויגן, זי זעט ווי דער מאַן רוקט צו צו זיך דעם טעלער און קייט ווידער מיט התמדה, דריקט אויך זיין אומצופרידנקייט וואָס מען האָט אים איבער־געריסן אין מיטן עסן.

זי שאָקלט מיטן קאָפּ, אירע ליפּן קרימען זיך פון כעס, זיין גרינג־שעצונג רעגט זי אויף.

— ביסט פון שטענדיק אָן אַ קאַלטער לונג־און־לעבער. יענעמס ליידן גייט דיר נישט אָן, דו האָסט נאָר אין זינען זיך אַליין, פילסט קיינעם נישט מיט.

דער מאַן הויבט זיך אָן שטיקן מיטן ביסן ווי אין האַלדז וואָלט אים געוווען אַ קנופּ. די פרוי דערשרעקט זיך, לויפט ברענגען אַ גלאָז וואַסער, ער גיט עטלעכע שלוקן און ציט אָפּ דעם אָטעם, זיין פּנים איז רויט, אָנגעצונדן פון כעס, ער שרייט אויס מיט רוגזה:

— וואָס לאָזסטו מיך נישט לעבן! טאָג און נאַכט איין געזאַנג, בענקט צו די קינדער. וואָס ווילסטו זאָל איך טאָן?...

— דאַרפסט גאָרנישט טאָן. שוין גענוג כוחות און געזונט אַוועק־געגעבן אויפן געשעפט. איצט איז די צייט מיר זאָלן אַלץ ליקווידירן און פאָרן צו די קינדער. זיי האָבן שוין אונדז לאַנג געשריבן, אַז מיר קענען זיך איינאָרדענען אין קיבוץ.

דער מאַן גלאָצט אויס אַ פּאָר משונהדיקע ווילדע אויגן, ווי ער זאָל נישט גלויבן אירע אַרויסגעזאָגטע ווערטער.

— כ׳קען דאָס נישט באַנעמען מיט מיין שכל, וואָס הייסט מיר וועלן נעמען אַן איינגעפירט געשעפט פון אַזויפיל יאָרן און מאַכן פון דעם אַ תל, און דערנאָך גיין וווינען אין אַ קיבוץ.

— און דאָס הייסט ביי דיר געלעבט? — זאָגט די פרוי מיט סאַר־קאַזם — אַ גאַנצן טאָג טויטשעסט זיך אָן אין געשעפט מיט די קונים, סוחרים און „קאָרעדאָרן", און עס קומט ביינאַכט, פאַלסטו אַוועק, פילסט זיך מיד און דערשעפּט, מיר קענען אין ערגעץ ניט אַרויסגיין. אין קיבוץ, ווי די קינדער שרייבן אונדז, וועלן מיר נאָר דאַרפן אַרבעטן אַ האַלבן טאָג...

— גיי ווער אויף דער עלטער אַ חבר אין אַ קיבוץ, — זאָגט דער מאַן איראָניש, — ווו דו דאַרפסט אויספירן באַפעלן פון אַנדערע, און אַלץ איז דאָרט געמיינזאַם, שיתוף, מיינס־דיינס, הפקר פּיעטרושקע... און איין מאָל אין יאָר וועט מען דיר טאָן אַ טובה און געבן 15 טעג חופש. — ער פאַרטראַכט זיך אַ ווייליע, זיין פּנים ווערט ערנסט, זיינע ווערטער קלינגען דעצידירנדיק — מיר איז שווער צו מאַכן אַזאַ איבערבייט. איך

וועל זיך נישט קענען צופּאַסן צו אַזאַ אַרט לעבן! און פאַרגעס נישט, אַז מיר זיינען שוין מענטשן אין די מיטעלע יאָרן.

— דאָס זאָג איך דאָך, ביי די יאָרן צוואָס דאַרפסטו פירן געשעפטן, פאַר וועמען דאַרפסטו אַזויפיל האָרעווען?

— פאַרשטייסטו מיך — הויבט אָן דער מאַן רעדן מיט אַ מילדערן טאָן, ווי ער זאָל זי וועלן איבערצייגן מיט גוטן — אַזויפיל יאָרן ווי מיר האָבן זיך אָנגעפּלאָגט דאָ אין לאַנד, ביז מיר זיינען געקומען צו אַן אייגן געשעפט, אַ שיין איינגעאָרדנט הויז מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, אַן אייגענעם אויטאָ צום שפּאַצירן, און מיר קענען זיך דערלויבן איינשאַפן זאַכן, קליידער און צירונג וואָס אונדז געפעלט...

— כ'בין דיר אַלץ מוחל, דיינע הייזער מיט די געשעפטן, מיטן שטענדיקן הור־האַ, די שמאָכטעס און באַקוועמלעכקייטן... מיר איז קיין זאַך נישט ניחא, כ'וויל לעבן באַשיידן און זיין מיט די קינדער. און מיר איז אַ וואונדער — גיט זי צו אָנגרייפעריש — דו האָסט גערעדט שטענדיק וועגן ישראל, זיך געהאַלטן פאַר אַ ציוני, געחלומט זיך באַזעצן דאָרטן, איצט אַז דו האָסט אַ געלעגנהייט?...

פון די לעצטע ווערטער פילט זיך דער מאַן געטראָפן. ער וויל איר ענטפערן אויפוויזן אַז ביי איר רעדט מער דאָס האַרץ ווי דער מוח.

— כ'בין נאָך אַזאַ אידעאַליסט ווי דו! — שרייט ער אַרויס אויפן קול, וויל פאַרמינערן דעם איינדרוק פון אירע ווערטער — פון שטענדיק אָן בין איך געווען אַ ציוני, אָבער אין אונדזער פאַל קען מען נישט אָנווענדן די זעלבע מאָטיוון, עס איז אינגאַנצן אַנדערש. ישראל — הויבט ער אויף זיין שטים, באַמיט זיך צו ריידן מיט אַן אַנדער לשון וואָס קלינגט ווי אַ דעקלאַמאַציע — אונדזער לאַנד דאַרף האָבן יונגע מענטשן, חלוצים, אידעאַליסטן, וועלכע זאָלן העלפן בויען דאָס לאַנד, פאַרפעסטיקן אירע גרענעצן; יונגע קרעפטן, וועלכע זאָלן זיך קענען צופּאַסן, זיין ווידער־שטאַנדפעיק, אָבער ניט מיר. מיר זיינען שוין צו אַלט...

— אויב אַזוי וואָרן איך דיר, זאָלסט וויסן זיין: אַז דו וועסט זיך נישט דעצידירן, קענסטו בלייבן דאָ! איך לאָז דיר אַלץ איבער, איך פאָר צו די קינדער!

שלמה זיטנער



מאַוריסיאָ בערמאַן האָט נאָכגעגעבן, די פרוי האָט געבראָכן זיין עקשנות. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיי שוין געהאַט אַלץ אויספּאַר־קויפט און מען האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער רייזע. און ווי עס האָט זיך נאָר צעטראָגן די נייעס וועגן זייער פאָרן קיין ישראל, האָט מען זיי אָנגעהויבן אָפּהאַקן די שוועלן. איינער האָט דערציילט דעם אַנדערן, איבערגעגעבן די נייעס — אַז די בערמאַנס, די גרויסע גבירים האָבן ליקווידירט האַק און פּאַק און פאָרן צו די קינדער אין קיבוץ. מענטשן האָבן זיך געגריבלט צו פאַרשטיין פאַרוואָס זיי האָבן מיטאַמאָל ליקווידירט אַזאַ גוטס און פאָרן פלוצלונג אַוועק. אַנדערע האָבן באַוווּנדערט זייער געוואַגטקייט, זיי מקנא געווען...

אַלעמאָל איז געקומען אַ באַקאַנטער, אַ פריינד, אַ שכן, אַ לאַנדסמאַן, מען איז געקומען מיט גליקלעך צעשמייכלטע פּנימער, זיי באַגריסט און צוגעווונטשן און גלייכצייטיק מיטגעבראַכט אַ פּעקעלע, געבעטן איבערגעבן אַ האַרציקן גרוס — אַ זון, אַ טאָכטער, אַ נאָענטן פריינד, משפחה און ווייטע קרובים וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די לאַגערן און האָבן זיך איינגעאָרדנט אין ישראל. די פּעקלעך האָבן זיך געהויפנט, ווי מידע וואַנדערנדיקע פייגל וואָס רוען זיך אָפּ אַ ווײַלע זיי זאָלן קענען פליען ווייטער. די פּעקלעך האָבן אָנגעפילט די שטוב מיט בענקשאַפט, האַרציקע גרוסן און רירנדיקע ווינטשערייען.

ס'האָט זיך דערנענטערט דער טאָג פון זייער אָפּפאָרן.

ביידע זיינען געשטאַנען אין אויפנאַם־זאַל מיט גליקלעך שמייכלענ־דיקע פּנימער, אַרומגערינגלט מיט פּעקלעך, וואַליזעס און קופערטן. די פרוי לויפט אַרום הין און צוריק, עפנט און פאַרמאַכט די רענצלעך, זעט אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג. זי איז אין אַ געהויבענער שטימונג, אירע אויגן פינקלען מיט אַ יוגנטלעכן גלאַנץ. זי איז גליקלעך, וואָס עס איז איר געלונגען אים צו איבערצייגן, כמעט אויף כוח אים געצוווּנגען ער זאָל זיך דעצידירן צו פאָרן. איצט דערקענט זי אים נישט. ער איז אויפ־געלייגט, זיינע אויגן קוקן גוטמוטיק, ליבלעך און צופרידן, ווי ער וואָלט איר דאַנקבאַר געווען, ווייל זינט ער האָט זיך באַפרייט פון געשעפט זיינען אַוועק פון אים אַלע מיחושן וואָס פלעגן אים כסדר דערקוטשען.

ביידע פילן זיך איצט יום־טובדיק דערהויבן. באַלד וועלן זיי נעמען די שיף וואָס וועט זיי ברענגען אין לאַנד, פון וועלכן זיי האָבן שטענדיק געחלומט.

זי שמייכלט אים אַריין אין פּנים און זאָגט מיט אַ פלאַטערדיקער עקזאַלטירטער שטימע:

— נו, מענדל, האָסט ניט קיין חרטה?

— חרטה? — חזרט ער איבער דאָס וואָרט מיט אַ דערווידערנדיקן זשעסט. — איך פיל זיך געזינטער ווי פריער, אַלע ווייטיקן זיינען פון מיר אַוועק. מיר דוכט זיך, אַז איך וואָלט איצט געקענט טאָן די שווערסטע אַרבעט.

— דאָס איז צוליב דעם וואָס דו האָסט אַראָפּגענומען אַ שווערן יאָך פון דיינע פּלייצעס. ביסט שטענדיק געווען פאַרקאָפּעט אין געשעפט, אָנגעשטרענגט, נערוועז, צעמאַראָטשעט. איצט ביסטו אַ פרייער מענטש, און דער געדאַנק אַז מיר פאָרן צו די קינדער אין אונדזער אייגן לאַנד, דאָס ווירקט אַוודאי צום גוטן...

— יאָ, — פאַרריכט דער מאַן — מיר פאָרן צו אונדזערע קינדער, צו אונדזערע אייניקלעך, מיר פאָרן צו זיך אַהיים...

# קינדישע ליבשאַפט

שוין אַ לאַנגע צייט, ווי ער איז קראַנק און ליגט צו בעט. ער ליגט גלייך, אומבאַוועגלעך. די בלאַסע הענט, מיט בלויע אויפגעלאָפענע אָדערן, ליגן מאַכטלאָז אויסגעצויגן אויפן ליילעך. די לויזע פינגער, ווי אויפ־געבונדענע באַכהענגענדיקע שטריק, דערציילן פון נעבעכדיקער אומ־באַהאָלפנקייט, מענטשלעכער עלנטקייט... זיי באַקלאָגן זיך אויף זייער איצטיקן מצב וואָס זיי זיינען געבליבן ליגן ווי פאַרשטאַרטע געלע פינגער פון אַ בר־מינן, אָן בלוט און אָן לעבן...

ער טאָר זיך נישט באַוועגן. ליגט פאַרשטאַרט, מיט פאַרגליוווערטע גלידער און קוקט צום סופיט. זיין פּנים איז אויסגעצויגן, בלאַס, זיינע אויגן קוקן אַרויס מיט אַ מוטנער פאַרלאָשנקייט. פון איין אויג טרערט אים נאָכאַנאַנד, קאַפּעט און רינט, ווי אַ צעעפנטער שפּונט וואָלט לויז געוואָרן אין אים... די רעיונות פּלאָנטערן זיך אים, מאַטערן אים, נאָיען, און וויפל ער זאָל זיך נישט באַמיען זיי אָפּצושטויסן פון זיך, לאָזן זיי אים נישט אָפּ, רינגלען אים אַרום, פּייניקן אים...

ער טראַכט פון זיין לעבן, וואָס הענגט איצט אויף אַ האָר, פון זיינע אַלע יאָרן, וואָס זיינען אַוועק דאָ אין לאַנד אין אייביקן הור־האַ, אין שטענדיקע זאָרגן און איבערטראַכטן, פון דורכפאַלן און אַנטוישונגען... און טעותן אָן אַ שיעור. די דורכפאַלן האָבן אים זיך שטענדיק אויסגעוויזן, ווען אים דינען פאַר אַ לעקציע, אַ דערפאַרונג, ער זאָל עס זען אויס־מיידן ביי אַ צווייטער געלעגנהייט. זיינען אונטערגעקומען דערנאָך אַנדערע פּאַסירונגען און געשעענישן מיט אַנדערע דורכפאַלן... ווי דער גורל וואָלט זיך געשפּילט מיט אים...

ביים טראַכטן קומען אים אויפן געדאַנק זיינע קינדער, וואָס ער מיטן ווייב האָבן אויסגעהאָדעוועט און דערצויגן. זיי האָבן אַלע דערנאָך חתונה געהאַט, און יעדער איינער איז אַ וועלט פאַר זיך... זיינען דערווייטערט

איינער פון אַנדערן און קענען זיך איינער דעם צווייטן אין פּנים נישט אָנקוקן, ווי פאַרביסענע שונאים...

די פרויען, די שניר, ווערן אויפגעגעסן פון קנאה. וואָס איינע זעט ביי דער צווייטער, מוז זי דאָס נאָכטאָן. איינע די אַנדערע זוכט נאָר איבערצושטייגן, נאָכצומאַלפּעווען און רופן אַרויס קנאה־שנאה, קריג און מחלוקתן.

עס ערגערט אים און ס'טוט אים וויי, וואָס די אייגענע קינדער מיידן זיך אויס צו טרעפן איינע מיט די אַנדערע... אויב זיי טרעפן זיך ערגעץ, און איינער איז דאָ, גייט דער אַנדערער נישט אַריין, מיידן זיך אויס צו באַגעגענען...

די פרוי גייט אַרום אַן איינגעבויגענע, אַ פאַרזאָרגטע, מיט איינגעגראָבענע אויגן פון נישט דערשלאָפענע נעכט, פון אַרומגיין אַרום קראַנקן. פון זינט איר מאַן איז קראַנק געוואָרן, אַוועקגעפאַלן צו בעט, גייט די גאַנצע שטוב כּאָדאָראָם. זי פאַרנאַכלעסיקט אַלצדינג, אַלע אירע געדאַנקען זיינען פאַרנומען מיט איר קראַנקן מאַן. און אַז זי זעט אים ליגן אַ פאַרטראָגענעם, גייט זי צו צו אים, רופט אים אָן פריער ביים נאָמען, מיט אַ שטיל צערטלעך קול, ער זאָל זיך ניט דערשרעקן. פון זינט ער איז קראַנק געוואָרן ציטערט ער אויף פון יעדן מינדעסטן גערויש, פון יעדן אומגעריכטן שאָרך, דערשרעקט זיך פאַר יעדער קלייניקייט. זי בייגט זיך אַריבער איבער אים, נעמט אַ טיכעלע און ווישט אים אויס דאָס טרערנדיקע אויג, וואָס קאַפּעט כּסדר און באַנעצט דאָס קישן. זי ווישט אים אויס דאָס פּנים, פירט דורך איר האַנט איבער זיין קאָפּ און דרייט איבער דאָס קישן אויף דער צווייטער זייט. דער קראַנקער קוקט אַרויף צו איר מיט אַ דאַנקבאַרן בליק און רירט צו זיינע ליפּן צו אירע הענט. ער פילט די וואַרעמקייט און זאָגט מיט אַ שוואַך אומבאַהאָלפן קול:

— איך פיל זיך שולדיק קעגן דיר... דו טוסט אַזויפיל פאַר מיר. שלאָפסט נישט די נעכט, רוסט זיך נישט אויס און אַלץ פאַלט אויף דיר... די קינדער קומען נאָר פון יוצא וועגן, לאָזן אַלץ פאַר דער מאַמען...

— אַבי דו זאָלסט זיין געזונט, איז פאַר מיר קיין זאַך נישט צו שווער. מיר זאָלן אַלץ דערציילן אין פריידן — גיט זי צו מיט אַ צערטלעך איבערגעגעבן קול. זי וויל אים אַרויסנעמען פון זיין דערשלאָגנקייט און זי קוקט צו אים מיט אַן אויפמונטערנדיקן בליק, פול מיט איבערגעגעבנקייט.

— מיר האַלט אין איין רינען טרערן פון די אויגן, דאָס קישן ווערט מיר אַלע ווײַלע דורכגענעצט — וויל ער זיך פאַר איר פאַרענטפערן, אַנט־שולדיקן.

— ס'איז פון שוואַכקייט — גיט זי אַ מאַך מיט דער האַנט און זוכט אים צו באַרואיקן, — ס'איז גאָרנישט, אַז דו וועסט נאָר ווערן אַ ביסל שטאַרקער, קרעפטיקער, דו וועסט גאָר קומען צו די כוחות, וועט עס דיר אַוועקגיין.

די פרוי גיט אַן אײַליקן בליק צום טישעלע ווו דער זייגער שטייט און זאָגט :

— דער דאָקטער דאַרף באַלד אָנקומען.

ביים קראַנקן בייטן זיך די פאַרבן אין פנים. שטענדיק פאַרן דאָקטערס קומען פאַלט ער אריין אין אַ נערוועזער אומגעדולדיקער שטימונג, ער איז אָנגעשפיצט, געשפאַנט... וואַרט אויפן דאָקטער.

עס הערט זיך אַ קלאַפּן אין טיר. דער דאָקטער קומט אַריין מיט האַסטיק־שווערע טריט. הייסט זיך געבן אַ האַנטעך, הערט אים אויס, לייגט אַרויף זיין קאָפּ אויף זיין לינקער זייט ברוסט, פאַרמאַכט די אויגן און הערט זיך איין צו דעם קלאַפּן פון זיין האַרץ. גיט דערנאָך אַ פריילעכן שאָקל מיטן קאָפּ — אַז אַלץ איז אין בעסטן אָרדענונג : פונקט ווי אַ זייגער — זאָגט ער מיט אַן אויפמונטערנדיקן קול, — נאָר ניט זיין פאַרצווייפלט, פריינדעלע — זאָגט ער מיט אַ פולן שמייכלדיקן פנים. ער וויל מיט דעם צוגעבן מוט דעם קראַנקן.

ער נעמט אַרויס אַן אַפּאַראַטל צום מעסטן דעם בלוטדרוק. פאַרבינדט דעם אָרעם ביים קראַנקן און הייבט אָן דריקן און פּאָמפּען אין גומענעם רערל, קוקט אויפן ציפערבלאַט און זאָגט מיט אַ פריילעך קול : אַלץ נאָרמאַל !

דער קראַנקער פילט זיך באַרואיקט. זיין פאַרלאָשענער בליק לויכט אויף מיט אַ פלעמלדיקער שיין. ער קוקט צום דאָקטער מיט דאַנקבאַרקייט.

אין אָוונט קומען צוגיין די קינדער. זיי קומען זען וואָס דער טאַטע מאַכט. צו ערשט קומט דער עלטערער זון מיט דער פרוי און קינד. זיי קומען אויסגעפוצטע, שיינענדיקע, און אַז די מוטער דערזעט זיי, שפרייט זי אויס ביידע הענט און נעמט אַרום דאָס אייניקל, קושט עס, דריקט עס מיט ליבשאַפט צום האַרץ. איר געזיכט ווערט באַדעקט מיט אַ לייכטער

שפּילנדיקער רויטקייט. פרייד, זאָרג און אומרו מישן זיך אויס צוזאַמען אין איר. זי טראַכט פון ייִנגערן זון, וואָס וועט מסתּמא אויך באַלד קומען געוואָר ווערן וואָס דער טאַטע מאַכט,ביידע וועלן זיך טרעפן צוזאַמען און דאָס קען ווירקן שלעכט אויפן טאַטן...

זי צעקושט זיך מיט דער שנור, נעמט אָן דעם זון פאַרן האַנט, גיט אים אַ לייכטן גלעט איבערן פּנים און זאָגט מיט אַ בעטנדיק קול, ווי זי זאָל וועלן פאַרכאַפּן אַפּריער:

— נו, ביז ווי לאַנג וועסטו נאָך זיין צעקריגט מיט דיין ברודער? שוין צייט זאָלסט זיך איבערבעטן מיט אים, לעבן בשלום, ווי ביי לייטן פירט זיך. צוליבן טאַטן אַליין האָסט עס געדאַרפט טאָן... ס'וועט אים פרייען, ער וועט זיין צופרידן... צוויי שטיקלעך קינדער אויסגעהאָדעוועט און איינער דעם אַנדערן קען גלייך אין פּנים נישט קוקן — פאַרענדיקט זי די ווערטער, ווי זי וואָלט זיך אַליין באַדויערט. זי ווענדעט זיך ווידער צום זון און זאָגט צודרינגלעך: — טו דאָס צוליב מיר! צוליבן טאַטן! — זאָגסט מיר צו?

דער זון ווערט רויט, אָנגעצונדן פאַר כּעס, סאָפּעט שווער און אָטעמט אָפּ טיף, ווי אים וואָלט עפּעס געשטיקט אינעווייניק, זיינע אויגן שפּריצן מיט רוגזה:

— לאָז מיך צורו, מאַמע! איך בין שוין נישט קיין קינד און איך ווייס וואָס איך האָב צו טאָן, דאַרפסט מיך נישט לערנען.

— אָבער פאַרוואָס? — פּרובירט די מוטער נישט נאָכגעבן. — פאַרוואָס אַזאַ האַס פון איינעם צום צווייטן, אַזאַ שנאה, וואָס איינער קען דעם צווייטנס נאָמען נישט הערן... דוכט זיך אַז דיינע שיפן אויפן וואַסער האָט ער נישט פאַרנומען. איר זייט דאָך שוין אַליין טאַטעס — גיט זי צו מיט אַ מאַמישער געטריישאַפט. — איר ווייסט דאָך שוין דעם טעם פון האָדעווען אַ קינד...

— מאַמע, הער מיר אויף צו קריטיקירן! זוכן ביי מיר חסרונות. אויב דו ווילסט קען איך אינגאַנצן אַוועקגיין, לאָזן פריי דעם פּלאַץ פאַר דיין מוזיניק, דיין ליבלינג — גיט ער זי אַ שטאָך. ער וויל מיט דעם געבן אָנצוהערן, אַז זי האָט שטענדיק אַרויסגעוויזן מער ליבשאַפט צום ייִנגערן... אים אַלץ נאָכגעגעבן, אַרויסווייזנדיק מער אויפמערקזאַמקייט קליי־נערהייט...

די מוטער פאַרלירט זיך, ווערט צעטומלט פון זונס עזותדיקע רייד, זי וויל פאַרגלעטן:

— נו, זיי נישט אַזוי בייז, אויפגערעגט. איך בין גאָרנישט אויסן געווען. איך האָב געמיינט אײַער טובה, איר זאָלט לעבן ווי ברידער... ווי פריינד... און אַז ביי אייך איז רעכט אַזוי, — וואָס קען איך טאָן? — זי צעשפּרייטביידע הענט אין דער לופטן, ווי אַ זשעסט פון אומבאַהאָלפנקייט. — אייערע קינדער וועלן אייך אַמאָל באַצאָלן פאַר דעם... — איר שטים ווערט דורכגענומען מיט אַן אויפטויכנדיק איבערלעך געוויין.

די מוטער נעמט דאָס אייניקל אויף די הענט, גייט פאָרויס. די שנור שטייט פון ווייטנס, הערט זיך צו גלייכגילטיק צום געשפּרעך, ווי איר וואָלט עס אין גאַנצן נישט אָנגעגאַנגען, ווי זי וואָלט נישט געהאַט קיין שייכות צו דעם.

די מוטער רופט זיי אַריין אין צווייטן צימער וווּ עס ליגט דער קראַנקער. זיי גייען איר שטיל נאָך, שפּרייזן אויף די שפּיץ פינגער, נישט צו מאַכן קיין גערויש. און אַז זיי גייען אַריין אין צימער, ווו דער טאַטע ליגט, ווערן זייערע פּנימער נאָכגעלאָזן, פאַרצויגן מיט אַ מילדקייט, ווי זיי וואָלטן זיך געפילט שולדיק... זיי בויגן זיך איין איבערן בעט, באַגריסן דעם קראַנקן טאַטן. דער זון נעמט דאָס קינד, הויבט עס אויף אין דער הויך, הייסט אים אַ קוש טאָן דעם זיידן. דאָס קינד דערשרעקט זיך, ציט זיך צוריק און וויינט אַרויס אויפן קול.

דער פאָטער הויבט אויף זיין האַנט, גיט אַ צייכן, אַז מ׳זאָל דאָס קינד לאָזן צורו. ער ווייזט מיט דער האַנט — זיי זאָלן זיך זעצן. זון און שנור פרעגן די זעלבע פראַגע — וואָס ער מאַכט? און ווי ער פילט זיך? וואָס זאָגט דער דאָקטער? ער ענטפערט מיט אַ לייכטן שאָקל מיטן קאָפּ, מורמלט עפּעס מיט די ליפּן וואָס זיי קענען נישט אויפכאַפּן זייער באַדייט.

עס גייען אַריבער עטלעכע סעקונדן, הערט זיך ווידער אַ קלאַפּן אין טיר. באַקאַנטע היימישע שטימען פילן אָן מיט אַ גערײדעריי דעם קאָרידאָר. די מוטער הויבט זיך אויף האַסטיק פון איר פּלאַץ, גייט מיט גיכע אומרואיקע טריט באַגעגענען דעם יינגערן זון. אירע אויגן דריקן אויס צעטומלטקייט, פאַרלוירנקייט, מורא און זאָרג... און אַז זי עפנט די טיר, פאַלט אַריין מיט אַ פריילעכן צעפראַלטן קינדערישן אויסגעשריי — דאָס

קינד פון יינגערן זון, וואָס לויפט מיט אייליקע קינדערישע טריטעלעך גלייך צום זיידנס צימער.

לויט דער מאַמעס צעטומלטקייט, לויט אירע אומרואיקע צעשראָקענע בליקן, שטויסן זיי זיך אָן, אַז דער עלטערער ברודער איז דאָ צו גאַסט. זיי בלייבן אַ ווײַלע שטיין ביים טיר, ישובן זיך, האַלטן זיך אָפּ אַרייַנ־צוגיין אין שטוב.

די מוטער שטעלט זיך הינטער זיי, פאַרלויפט זיי דעם וועג, זיי זאָלן נישט וואַגן אַוועקצוגיין... זי זעט דעם זונס פּראָפיל, וואָס איז אין גאַנצן ענלעך צו אירן. אַלע פלעגן זאָגן, אַז ער איז דער מאַמעס פּאָרטרעט. זי פאַרוואָרפט איר האַנט אויף זיינע אַקסלען און זאָגט באַפעלעריש:

— נו, גענוג שוין געפירט ברוגזן, גייט אַריין צום טאַטן, שוין צייט זיך איבערצובעטן, לעבן בשלום. זי גיט אַ לייכטן שטויס דעם זון אין פלייצע און שטופּט אים אַריין אין צימער, ווו דער קראַנקער ליגט.

דער יינגערער זון און די שנור גייען אַריין מיט אומוויליקע פלאָנ־טערנדיקע טריט, ווי זיי וואָלטן וועלן גיין צוריק... נאָר אַריינגייענדיק אינעווייניק פאַרגעסן אַלע אין קראַנקן, וואָס ליגט ווי אַ פּאַרטראָגענער, אַ פאַרגעסענער, ווי ער וואָלט זיך פון אַלץ מייאש געווען. אַלעמענס בליקן זיינען קאָנצענטרירט צו די קינדער, וואָס דערזעען זיך און לויפן האַסטיק צו איינער צו דעם אַנדערן, כאַפּן זיך אַרום מיט פאַרכלינעטער תמימותדיקער פרייד. זיי נעמען זיך האַרציק אַרום, צעקושן זיך און שפּרינגען אונטער פון שטיפערישער צעיאַכמערטקייט און ליבשאַפט פון איינער צום צווייטן. זייערע מונטערע קלינגענדיקע שטימעלעך פילן אָן דעם צימער, ווי מיט אַ פויגלשער טרילעריי. זיי קוקן זיך אָן און זייערע קינדערישע אייגעלעך צעגלאַנצן זיך, פרייען זיך מיט דער אומגעריכטער באַגעגעניש. זיי מאַכן מיט די הענטלעך, ווי פלאַטערנדיקע פייגל און פאַרהילכן דעם צימער מיט קוויטשנדיקע אויסגעשרייען.

ביידע ברידער קוועלן אָן פון דער קינדערישער ריינער ליבשאַפט און אויסברוך פון פרייד, וואָס האָט אויפגעלעבט דעם האַלב־טונקעלן צימער, צוגענומען די שווערע שטילקייט, וואָס האָט געהערשט אינעווייניק און אַרויסגערופן ביי אַלעמען אַ גליקלעכן שמייכל... אַלע שמייכלען, פילן זיך דערבּעבּעטערט...

און ווען ביידע ברידער טרעפן זיך אָן מיט די בליקן, לאָזן זיי אַראָפּ

די קעפּ פון בושה און חרפּה, שעמען זיך פאַר זיך אַליין... פאַר די קינדער... פאַר דער מאַמען, פאַרן קראַנקן טאַטן...

די מוטער, וואָס קוקט זיך צו צום בילד, צו די אייניקלעך איז געריהרט. טרערן שטעלן זיך איר אין די אויגן... זי גייט צו און שפּרייט אויס אירע ביידע הענט, ווי צו אַ געבעט, נעמט אַרום אירע ביידע זין און זאָגט האַלב־באַפעלעריש און האַלב־בעטנדיק:

— נו, שוין לאַנג צייט געוועזן זיך איבערצובעטן, לעבן בשלום און נישט פירן קיין ברוגז. — זי שווייגט עטלעכע סעקונדן און זאָגט דערנאָך פאַרטראַכט — אפשר, ווען איר פירט זיך אויף אַנדערש, וואָלט דער טאַטע נישט קראַנק געוואָרן, צו זיין איצטיקן מצב נישט געקומען... — איר קול ציטערט, זי פילט ווי די טרערן שטיקן זי, זי באַהערשט זיך, נישט אַרויסצופּלאַצן מיט אַ געוויין.

ביידע ברידער גייען צו איינער צו דעם אַנדערן, קוקן אין אַ זייט, ווי זיי וואָלטן נישט וועלן זיך באַגעגענען מיט די בליקן, גיבן זיך די הענט און ס'הערט זיך דער מאַמעס פלאַטערנדיק קול, דורכגענומען מיט אַ צאַפּל־דיקער פרייד.

— זאָל שוין זיין שלום פון היינט און ווייטער, אין אַ מזלדיקער שעה!

זי נעמט אַרום ביידע קינדער און קושט זיי מיט מאַמישער האַרציקייט. אירע פאַרטרערטע אויגן לייכטן מיט אַ יום־טובדיקן שיין... זי דערנעענטערט זיך צו די אייניקלעך, בייגט זיך אַראָפּ און קושט זיי אָן אויפהער...

דער פאָטער הויבט אויף אַביסל דעם קאָפּ, קוקט מיט דערשטוינטע בליקן, וווּנדערט זיך, גלויבט נישט זיינע אייגענע אויגן. ער פילט אַז זיין טרערנדיק אויג, וואָס האַלט אין איין רינען, האָט אויפגעהערט, זיך פאַר־האַלטן. מיט אַמאָל גייען אַוועק פון אים אַלע מאַטערנדיקע רעיונות, די ווייטיקן, זיין קראַנקער גוף, וואָס ליגט אומבאַוועגלעך אויסגעצויגן אויפן בעט, ווערט גרינג, לייכט. ער ווערט אָנגעשטעקט מיט דער תמימותדיקער פרייד און ליבשאַפט פון די אייניקלעך... מיטן איבערבעטן זיך פון די קינדער... וואָס האָבן שלום געמאַכט היינט נעבן זיין קראַנקנבעט... ער הערט זיך צו צו די לעבהאַפטע שמועסן פון די שניר, וואָס זיצן איינע נעבן דער אַנדערער, שמועסן געמיטלעך, פריינדלעך און ער גלויבט נישט זיינע אייגענע אויגן. ס'זעט אים אויס ווי אַ חלום...

דאָס איבערבעטן זיך פון זיינע קינדער ביי זיין קראַנקן בעט רופט

אַרויס ביי אים אַ מיש־מאַש פון געפילן און רעפלעקסן. ער וויל אָוועק־טרייבן פון זיך די מרה־שחורה, די דערשלאָגנקייט, דעם אומעט. ער וויל אָנטיילנעמען אין געמיטלעכן שמועס פון די קינדער, אויפנעמען דעם פריילעך־לוסטיקן געפילדער פון די אייניקלעך, און ער פילט, אַז ער איז נישט ביכולת... די אַלע קעגנזעצלעכע געפילן און מחשבות שאַפן אין זיין געמיט אַ ווירוואַר; זיי רינגלען אים אַרום, מאַכן אַ קרייז אַרום אים, ווי זיי זאָלן אים וועלן דערווייטערן, אָפּזונדערן פון אַלץ... פון זיינע אייגענע... פון זיינע נאָענטסטע...

און עס זעט אים אויס, אַז אַלץ וואָס רינגלט אים אַרום — זיין געטרייע איבערגעגעבענע פרוי, די קינדער, די אייניקלעך, וואָס פרייען זיך, שטיפן אויפן קול. דער פריינדלעך ליעבהאַפטיקער שמועס פון די שניר, פון די זין, אַלץ איז מער נישט ווי אַ שיינער חלום...

ער כאַפּט אויף דעם גאַנצן טומל, די געלעכטערס, די גערעדערייען, ווי ווייטע, אָפּגעקרישלטע טענער — פאַרבלאָנדזשעטע קלאַנגען, וואָס דערגרייכן צו אים מיט אַ פאַרשפּעטיקטן אָפּקלאַנג, הילכן אָפּ אין זיין שווערן געמיט ווי אַ פאַרגייענדיקער עכאָ פון אויסגעשפּילטע ניגונים און מעלאָדיעס פון אַ ווייט אויסגייענדיק געזאַנג...

# ר׳ שמעון זעליק דער ראש־הישיבה

ר׳ שמעון זעליק, וואָס האָט געלערנט מיט דער פערטער כיתה און איז געווען דער אָנפירער פון דער ישיבה, איז געווען אַ ייד אַ למדן, אַ חריף, אַ גרויסער מקפיד, האָט נישט נאָכגעגעבן קיין קוצו של יוד. אַ דאַרער, אַ טונקעלער, מיט אַ שאַרפזיניקן בליק. זיין בלאַס ביינערדיק פנים מיט אַרויסשטאַרצנדיקע קינבאַקן, זיין צוויי שפיציק שוואַרץ בערדל האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף די תלמידים. ענדע זמן, אַז ער פלעגט אַריינקומען פאַרהערן, איז געוואָרן אַ צערודערונג. מ׳האָט געוווּסט אַז ער איז שטרענג און זוכט צו צעטומלען מיט זיינע טיפזיניקע קשיות און פילפולים.

ס׳איז געווען מיטאָג־צייט. ר׳ שמעון זעליק האָט נאָר וואָס געהאַט געענדיקט דעם שיעור מיט די תלמידים. ער איז געגאַנגען צו זיך אַהיים, אין אַ זייטיק שטיבל וואָס האָט זיך געפונען אויפן זעלבן הויף פון דער ישיבה. ער איז געווען מיד, אָנגעשטרענגט, זיין אויטאָריטעט האָט זיך געפילט אָנגעגריפן באַליידיקט, שוין דריי טעג ווי אַ תלמיד האָט אים געשטעלט אַ קשיא און ער קען זי נישט פאַרענטפערן, שוין דריי טעג, ווי מ׳בלעטערט גמרות, תוספות, פאַרשיידענע ספרים, און מ׳קען נישט קומען צו קיין טאָלק. מ׳האָט פאַרנאַכלעסיקט דעם שיעור וואָס מ׳לערנט אַלע טאָג און סיי ער און סיי די תלמידים האַלטן אין איין פילפולען זיך, די תלמידים קוקן צו אים אַרויסרופעריש, מיט שאָדנפרייד, וואָס איינעם פון זיי איז געלונגען אים איבערצושטייגן, אַרויסרופן אויף אַ פאַרמעסט, זיך אָפּרעכענען מיט אים פאַר דער גאַנצער צייט... די נישט פאַרענטפערטע קשיא האָט אים אינגאַנצן צערודערט, ער קען נישט שלאָפן קיין נעכט, ס׳דוכט זיך אים אַז ער מיט די תלמידים גייען אויף אומבאַקאַנטע וועגן און פלוצלינג וואַקסט אויס אַנטקעגן זיי אַ הויכער באַרג, וואָס פאַר־שטעלט זיי דעם וועג, זיי קענען נישט גיין ווייטער. זיין בלאַס פאַר־מעטענער פנים האָט אַראָפּגעקוקט מיט אומצופרידנקייט און פאַרדרוס

און פון זיינע אומעטיקע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ פאַרבאָרגענער צער.

ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין זון, זיין בן־יחיד זיידל, וואָס איז אַרויס לתרבות רעה, גייט נישט דאַווענען, וויל נישט לערנען און איז גאָר אַוועק אויף אַנדערע דרכים, וויל גאָר שטודירן, לערנען אויף דאָקטער און אַז ער פועלט אַז ער זאָל זיך זעצן ביי דער גמרא, זעט ער אַז ס׳איז מער נישט ביי אים ווי אַן אָפּקומעניש, אַ געצווונגענע זאַך.

ער האָט פאַרלאַנגזאַמט זיין גאַנג, געפילט אַ קלעמונג אין לינקן זייט ברוסט, ער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט און אָפּגעזיפצט, געטראַכט, אַז דאָס קומט אים פון שברת־הלב, פון זיין זונס פירונג, וואָס פאַרצאַפּט אים דאָס בלוט, טוט אים אַלץ אַנטקעגן, איז אים מבייש פאַר אַלעמען אין די אויגן. און ער שטעלט זיך פאָר אין געדאַנק, אַז ווען זיין בן־יחיד גייט דורך די גאַס, טייטלט מען אויף אים מיט די פינגער, אַז דאָס איז דעם ראש־הישיבהס זון, וואָס איז אַוועק אויף אַנדערע וועגן, און פאַר־שאַפט דעם טאַטן צער און חרפּות.

מערסטנטייל האָט ער זיך געטראָפן מיטן זון מיטאָג־צייט ביים עסן. ער האָט געוואָלט אויסנוצן די קורצע צייט און פלעגט אים אָנהויבן מוסרן, אים אויפווייזן אַז ער גייט אויף אַ שלעכטן וועג. דער זון פלעגט אים אָפּענטפערן, די מוטער האָט זיך אויך אַריינגעמישט, פאַרטיידיקט דעם זון, אים געגעבן גערעכט, די מחלוקת צווישן ביידע צדדים האָט אָנגעהאַלטן, קיינער האָט נישט נאָכגעגעבן.

ס׳האָט אים ווי געטאָן וואָס ביי זיך אין דער היים איז מען אים מזלזל, וואָס ער דער ראש־הישיבה וואָס ווערט פון אַלעמען געאַכט און געשעצט, ווערט פון זיין אייגענער פרוי און זון אויפגענומען מיט ביטול און גרינגשעצונג, ס׳איז נישטאָ ביי אים קיין שלום־בית.

דער זון וואָס איז הויך־געוואַקסן, אַ פולער, אַ דיקלעכער, פאַרנעמט די גאַנצע שטוב, און אַז ער זיצט אַנטקעגן אים דאַרף ער פאַררייסן די אויגן, ער קוקט אויף אים, אויף זיין פולן פנים, די קליינע פאַרזשמורעטע אייגעלעך וואָס קוקן נאָר אויף זיך אַליין... די זומער־שפּרענקעלעך וואָס שלאָגן אַריין אין אַ רויטלעכן קאָליר און שטורכען חוצפּהדיק, ער טראַכט דאַן, דאָס איז די מאַמע פון אויג, ער רופט אים טאַקע דער מאַמעס בן־יחיד.

אַ סך מאָל פילט ער זיך ווי אַ פרעמדער אין דער אייגענער היים,

אַן איבעריקער וואָס מ׳איז נישט גערן. ער גייט אַריין צו זיך אין צימער, וויל זיך אָפּזונדערן פון דעם אַרום, פּאַרטיפט זיך אין אַ ספר.

ער איז געגאַנגען מיט אַ מידן שלאַבעריקן גאַנג. ער האָט זיך דער־מאָנט, אַז ער האָט היינט גאָר נישט טועם געווען און ער שפּירט אַפילו נישט קיין הונגער, די קלעמונג אין האַרץ האָט נישט אויפגעהערט, און אַז ער איז אַריין צו זיך אין שטוב, איז דאָס עסן שוין געשטאַנען גרייט, דאָס ווייב האָט זיך אַרומגעדרייט און געוואָרטשעט, דעם זונס שטול איז געשטאַנען ליידיק. ער האָט זיך געוואַשן די הענט און זיך געזעצט ביים טיש.

— ווו איז זיידל? — האָט ער געפרעגט פאַרווונדערט.

— ער האָט זיך אויף דיר נישט געקענט דערוואַרטן, איז ער אַוועק לערנען, שטודירן, — האָט זי אָפּגעענטפערט טראָציק.

— וואָס לערנען, וואָס שטודירן? — האָט ער איבערגעחזרט די ווערטער, ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען זייער באַדייט, — זיין פּלאַץ איז אין דער ישיבה! ביי דער גמרא! — האָט ער אויסגעשריגן אויף אַ הויכן קול.

— וואָס ווילסטו, ער זאָל שטענדיק זיין אַ ישיבה־בחור, קוועטשן די באַנק און דערנאָך ווערן אַ מלמד, אַ בטלן.

— שווייג! האָב דרך־ארץ! — האָט ער אַ געשריי געטאָן מיט אַ צעווייטיקט קול. ער האָט זיך האַסטיק אַ הויב געטאָן פון זיין פּלאַץ, דער טיש האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, די כלים זיינען אַראָפּגעפאַלן מיט אַ געבראַזג און געגרילץ, ער האָט אַן עפן געטאָן די טיר פון זיין צימער, אַ פאַל געטאָן אויף אַ שטול, געפילט ווי דאָס האַרץ ציטערט און וואַרפט זיך פון אויפרעגונג און פאַרדרוס, און אַלץ אין אים יאָמערט און וויינט פון צער און עגמת־נפש.

ימים נוראים איז ר׳ שמעון זעליק געווען דער שליח־ציבור, געדאַווענט פאַרן עמוד. ביי די תפילות פלעגט ער זיך צעכליפּען, יאָמערן אויפן קול, אויסגיסן זיין שווער האַרץ פאַרן רבונו־של־עולם. מענטשן האָבן זיך געוווּנדערט ווי אַזוי דער קפּדן, דער שטרענגער ראש־הישיבה, צעגיסט זיך אַזוי ביים דאַווענען וואָס קען אַפילו רירן אַ שטיין. אין ווייבער־שול ווערט אַזאַ יללה, אַז מ׳קען זיי קוים איינשטילן.

שבועות ביינאַכט איז געווען אַ חזקה, די תלמידים פון אַלע כיתות זיינען זיך צונויפגעקומען און געלערנט צוזאַמען אַ משמור. ביי די לאַנגע טישן און שטענדערס זיינען געזעסן הונדערטער בחורים און זיך געשאָקלט

ביי די גמרות, האַרציק פאַרבענקטע ניגונים האָבן אָנגעפּילט דעם גרויסן זאַל, אויפגעלעבט דעם פינצטערן הויף, דעם גאָרטן וואָס איז געווען איינגעטוליעט מיט טונקעלע שאָטנס און ס'האָט אויסגעזען אַז די עטלעכע קליינע ביימלעך וואָס זיינען געשטאַנען ווי איינגעוויגטע און געדרימלט האָבן פּלוצים אויפגעוואַכט פון שלאָף, הערן זיך צו צו די אויסטערלישע ניגונים און קוקן מיט נייגער צו דעם ליכטיקן זאַל.

ר׳ שמעון זעליק דער ראש־הישיבה זיצט אויבן־אָן, ביי אַ שטענדער פאַר אים ליגט אַ ספר ווו ער קוקט אַריין פאַרטיפט, זיין בלאַס־פאַרמעטענער פנים שיינט איצט מיט אַ ראָזלעכן גלאַנץ, זיינע אויגן קוקן צעשטראַלט יום־טובדיק, ער זעט די יונגע לייט פאַרטיפט אין די גמרות, דאָס געזאַנג פון לערנען לייטערט זיין געמיט, זיין דאַר ביינערדיק געשטאַלט זעט איצט אויס העכער, פולער, זיין שטענדיק רוגזהדיקער בליק קוקט איצט מילד.

ער באַמערקט ווי ס׳עפנט זיך די טיר, זיין זון קומט אַריין, זעצט זיך אַוועק ביי אַ טיש און קוקט אַרום זיך מיט אַ חוצפּהדיקן בליק.

ר׳ שמעון זעליק באַטראַכט אים פון אַ זייט, זיין פאַרמעטענער פנים באַקומט צוריק אַ בלאַס געלען קאָליר, ער גייט צו צום ספרים־שאַנק, נעמט אַרויס אַ גמרא און לייגט זי אַוועק נעבן זון, גיט אים אַ צייכן ער זאָל לערנען.

דער זון גיט אַ האַסטיקן רוק אָפּ פון זיך די גמרא מיט אַ דערווידערנדיקן זשעסט, פאַרלייגט ווייליונגעריש די הענט און קוקט אַרויסרופעריש צום טאַטן.

ר׳ שמעון זעליק הויבט אָן ציטערן פון כעס, ער דריקט צונויף די אַרויסשטאַרצנדיקע קין־באַקן, ער וויל פאַרהאַלטן די רוגזה וואָס בושעוועט אין אים. ער שפּירט ווי ס׳טונקלט אים פאַר די אויגן, שוואַרצע רייפן פלעכטן זיך אַרום אים אין אַ קאַראַהאָד. ער זעט נישט די ישיבה־בחורים וואָס זיצן ביי די גמרות, ער פאַרנעמט נישט זייער געזאַנג, ער זעט נאָר פאַר זיך דאָס אַרויסרופערישע פנים פון זיין זון, וואָס איז אים מבייש פאַר אַלעמען אין די אויגן.

ער גייט צו צו אים, זיינע פאַרשטייפטע פויסטן הויבן אָן האָגלען איבערן חוצפּהדיקן פנים, איבער זיין קאָפּ, ווו ער טרעפט, און מיט אַ ציטערדיק צעוויייטיקט קול שרייט ער אויס:

— דו הפקר יונג! בן סורר ומורא! איך וועל דיך דורסן אויב דו וועסט נישט גיין אויפן דרך הישר!

אַ שווערע דערדריקנדיקע שטילקייט איז אָנגעלאָפן איבערן גרויסן זאַל. די ישיבה־בחורים וואָס האָבן איבערגעריסן דאָס לערנען, האָבן מיט צער צוגעקוקט צו זייער ראש־הישיבה, וואָס איז געשטאַנען אַ בלאַסער, מיט צונויפגעדריקטע פויסטן, צום בן־יחיד וואָס איז געלעגן אַ צעבלוטיקטער אויף דער ערד. די פיינלעכע סצענע האָט זיי פאַרשטערט דעם יום־טוב, און זיי האָבן פאַרשעמטע אַראָפּגעבויגן די קעפּ, ביז זיי האָבן ווייטער אָנגעהויבן ברומען דעם אומעטיק פאַרבענקטן ניגון.

# אַ גוט האַרץ

מרים, אַ יונג ווייבל וואָס האָט נישט לאַנג חתונה געהאַט, איז געווען פאַרפּאָרעט אין קיך, געהאַלטן אין צוגרייטן דאָס עסן. דאָס קינדישע פּנים איז געווען פאַררויטלט, צעפלאַמט, זי האָט געוואָלט אויסנעמען ביים מאַן, אַרויסווייזן איר בריהשקייט. זי האָט זיך באַמיט צו מאַכן פאַרשיידענע מאכלים, אַלערליי פּאָטראַוועס און זי האָט אַלעמאָל געקוקט צום זייגער, צי ער דאַרף שוין אָנקומען. ס׳האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי וועט נישט באַווייזן. זי האָט געהאַלטן אין איין אַרומלויפן הין און צוריק, אַלעמאָל האָט איר אויסגעפעלט אַן אַנדער זאַך און זי האָט געדאַרפט לויפן אין שפּייז־קרעמל. דער ברייטער שירץ, וואָס זי האָט שטענדיק אָנגעטאָן צו שטוב־אַרבעט, האָט נישט געפּאַסט צו איר שמאָלער פיגור. איר קינדיש זאָרגלאָז פּנים, אירע בלויע אויגן וואָס האָבן שטענדיק אַרויסגעקוקט צוטרוילעך, נאַיוו, זיינען איצט געווען ערנסט קאָנצענטרירט. ס׳האָט אויסגעזען אַז זי האָט זיך נאָך נישט אַריינגעפּאַסט אין איר נייער ראָל פון אַ יונגער באַלעבאָסטע, מיט פליכטן, דאגות און זאָרגן.

אַ בענקשאַפט האָט אַרויסגעקוקט פון אירע תמימותדיקע אויגן — נאָך די פרייע זאָרגלאָזע קינדער־יאָרן, נאָך די שפּעטערדיקע צייטן ווען זי האָט זיך באַקענט מיט יואלן, דעם יונגן לערער פון דער יידישער שול, ווו זי האָט אויך מיטגעאַרבעט, זי איז געוואָרן זיין כלה און די גאַנצע וועלט האָט אויפגעשיינט פאַר איר מיט די ליכטיקסטע פאַרבן.

יואל האָט זי גענומען מיט זיין איידלקייט, מיט זיין אינטעליגענץ, מיט זיין גוטסקייט און אָפנהאַרציקייט. בשעת ער פלעגט ריידן מיט איר איז זי געוואָרן ווי פאַרשיכּורט. זיין געפילפולע שטים האָט זי דורכ־גענומען, אויפגערודערט מיט אַ הילכיקן ציטער די טיפסטע ווינקעלעך פון איר נשמה... זיין דורכדרינגענדיק קול האָט אָפּגעקלונגען אין איר ווי אַ ליריש געזאַנג, פול מיט בענקשאַפט און פרייד, זי האָט אים פאַר־געטערט. געשלונגען זיינע רייד, זיינע טיפע געדאַנקען, ס׳האָט זיך איר

אויסגעדוכט, אַז זי איז אַנטקעגן אים אַזוי קליין, אַזוי קינדיש נאַיוו, אומוויסנדיק. ער האָט זי טאַקע שטענדיק גערופן מיט די צערטלעכסטע נעמען: „נשמה'לע טייערע", „מיין ליב קינד". איצט איז דאָס קינד שוין געוואָרן אַ יונג ווייבעלע, אַ פרוי מיט אַלע אירע פליכטן און דאגות און קען זיך קיין עצה נישט געבן.

— ווי איז מיר — האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ פון איבעררעשונג, וואָס זי האָט זיך אַזוי פאַרטראַכט. יואל וועט שוין היינט לאַכן און גוטמוטיק שמייכלען מיט זיינע קלוגע מילדע אויגן. שטענדיק נעמט ער אָן אַלץ פאַר ליב, קוקט איר אין די אויגן אַריין און שמייכלט, לויבט אירע מאכלים וואָס פאַראַ בריה זי איז, ער קען זיך זאַט נישט אָנקוקן אויף איר. זיי זיצן צוזאַמען ביים טיש און יעדער ביסן ווערט באַגלייט מיט צערטלעכע קושן, מיט אַרומאַרמען זיך און אַרויכפּלאַצנדיקע קלינגענדיקע געלעכטערס, פול מיט זאָרגלאָזער פרייד, ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט. „טייערער" זאָגט זי מיט איר דין קינדיש קול און קוקט אַרויף צו אים ווי אַ קינד צו אַ דערוואַקסענעם. זי פילט זיך אַזוי קליין און גרינג אין זיינע אָרעמס, זי טוליעט זיך צו אים, פאַרמאַכט די אויגן, ווי זי וואָלט געהאַט אַ פאַרלאַנג איינצושלאָפן אויף זיינע הענט. ער קושט זי אין די אויגן, דריקט זי צערטלעך צו זיך און שעפּטשעט איר שטילערהייט אין אויער אַריין — ליבינקע מיינע — אוצרל טייערער.

זי הויבט זיך אָן איילן, כדי צו קענען צוגרייטן דאָס עסן צו דער צייט. שפּעטער, אַז אַלץ איז שוין פאַרטיק, הויבט זי אָן גרייטן צום טיש. דער ווייסער פאַרשפּרייטער טישטעך, דאָס שפּיגלדיקע געשיר גלאַנצט און שימערירט, דער געגרייטער טיש פאַרכאַפּט דאָס אויג. די פאָרשפּייזן די זאָרגפעליק אויסגעסדרטע סאַלאַטן וואָס זעען אויס ווי צעעפנטע בלומען־בעכערלעך, רייצן און רופן, וועקן דעם אַפּעטיט.

זי גיט אַ קוק אויפן זייגער און זאָגט צו זיך אַליין: וואָס קען דאָס זיין? שטענדיק אין דער צייט איז יואל שוין דאָ. וואָס האָט געקענט פאַסירן? און באַלד באַרואיקט זי זיך אַליין, אָט וואָס איך נאַר טראַכט איבער, אפשר האָט ער פאַרשפּעטיקט דעם אָמניבוס. אין דער צייט איז דאָך אַזוי שווער צו פאָרן, ס'איז סכנת־נפשות, מען דאַרף זיך שטופן, וועט ער קומען שפּעטער.

און אַז ס׳גייען אַריבער נאָך עטלעכע מינוטן, ווערט זי אומגעדולדיק. זי קוקט אַלע ווײַלע אויפֿן זייגער, קוקט צו דער טיר און קען זיך נישט באַרואיקן. כ׳וועל אָנקלינגען אין שול — זאָגט זי צו זיך אַליין — אפשר איז ער נאָך דאָ — זי וויל פֿאַרטרייבן די מאַטערנדיקע רעיונות וואָס פּלאָנטערן זיך איר אין קאָפּ.

זי קלינגט אָן און וואַרט אומגעדולדיק, און אַז מ׳ענטפֿערט איר אַז יואל איז שוין לאַנג אַוועק, קיינער איז נישטאָ אין שול, בלײַבט זי שטיין אָפּהענטיק, האַלט דאָס טרייבל אין האַנט און וויל זיך נישט גלויבן. זי הויבט אָן איבערטראַכטן, איבערקלערן, „אפשר האָט חלילה עפּעס פּאַסירט". ס׳באַהערשן זי מאָדנע משונהדיקע רעיונות, וועלכע וואַרפֿן אָן אויף איר אַ פּחד. זי לייגט אַרויף פֿאַרזיכטיק דאָס טרייבל שרעקט זיך ס׳זאָל נישט אַרויסגעבן קיין צו שטאַרקן גערויש און הויבט אָן אַרומגיין הין און צוריק איבערן צימער. דאָס עסן אויפֿן טיש שטייט און גליווערט. די פֿאָרשפּייזן, די סאַלאַטן, פֿאַרפּוצטע און אויסגעשטעלטע מיט אַ סדר, קוקן אַראָפּ אומגעדולדיק, וואַרטן מ׳זאָל זיי טועם זײַן.

זי ווענדעט אָפּ אירע בליקן פֿון צוגעגרייטן טיש און גייט צו צו דער טיר, אפשר וועט זי אים זען אָנקומען. איצט איז זי נערוועז און אויפֿגערעגט, די געדאַנקען, די רעיונות אַרבעטן אינטענסיוו, ס׳שטעלן זיך איר פֿאָר שרעקלעכע בילדער, מוראדיקע פּאַסירונגען, פֿון וועלכע זי ציטערט אויף. „ס׳זאָל חלילה גאָרנישט האָבן געשען" — זאָגט זי שטיל די ווערטער ווי אַ תפֿילה.

זי גייט צוריק אַרײַן אין שטוב, נעמט אַ צײַטונג, וויל אָנהויבן לייענען און קען נישט. זי לייענט די ווערטער און כאַפּט נישט אויף דעם אינהאַלט פֿון דעם געלייענטן. אירע געדאַנקען זײַנען פֿאַרנומען מיט איר יואלן. שטענדיק אין דער צייט איז ער שוין דאָ, זײַנע שטילע טריט ביים אַרײַנקומען, דאָס אויסזינגען דעם „גוט־מאָרגן", זײַנע קלוגע שמייכלענדיקע אויגן, וואָס קוקן צו איר מיט איבערגעגעבנקייט און ליבשאַפֿט, זײַן גלעטנדיק קול וואָס נעמט זי דורך, דרינגט אַרײַן אין איר. זי פֿילט זיך ווי באַרױשט און ס׳גייט אַוועק די בענקעניש וואָס באַהערשט איר שטענדיק, ווען זי בלײַבט אַליין, ווען יואל גייט אַוועק אין שול.

איצט איז זי אַליין מיט די פּייניקנדיקע מחשבות. איר אומרואיקייט, דאָס איבערטראַכטן און איבערקלערן, פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ שטייגנדיקן

פאַרדרוס, אין אַ כעס, די פרוי אין איר פילט זיך באַליידיקט... אירע אויגן פאַרגיסן זיך מיט טרערן. דאָס קינדיש פנימל איז פול מיט געוויין פון צעקלעמטקייט און ערגעריניש.

זי כאַפּט זיך אויף ווען ס׳עפנט זיך לאַנגזאַם די טיר, יואל קומט אַריין מיט שטילע טריט, און זי האָט אַ פאַרלאַנג — אויפשפּרינגען פון איר אָרט, אַרומכאַפּן אים פון פרייד, וואָס ער איז דאָ, און ס׳איז אים חלילה גאָרנישט געשען. זי בלייבט דאָך פאַרעקשנט זיצן, אויסדריקנדיק מיט דעם איר פּראָטעסט — פאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי פאַרשפּעטיקט, זי געלאָזן אַזוי לאַנג וואַרטן און איר אַפילו נישט צוויסן געגעבן. די פרוי אין איר וויל זיך אָפּרעכענען פאַר איר באַליידיקונג. זי האַלט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן ווי אַ צעפּיעשטשעט קינד וואָס וויל נישט נאָכגעבן, ענטפערט קוים אויף זיין באַגריסונג.

ער גייט צו צו איר, נעמט זי אָן צאַרט פאַר דער גאָמבע, קוקט איר אַריין אין די פאַרגאָסענע אויגן מיט אַ מיטפילנדיקן בליק, שטויסט זיך אָן איר ברוגז און פרעגט זי שמייכלענדיק:

— וואָס וויינסטו, נאַרעלע מיינס? וואָס איז דיר געשען?

— וואָס איז געשען, פרעגסטו? איך בין אַ גאַנצן פרימאָרגן פאַרנומען אין קיך, כ׳יאָג זיך אַרויס די נשמה, כ׳זע אַז אַלץ זאָל זיין צו דער צייט און ס׳איז שוין מער ווי צוויי שעה ווי איך וואַרט אויף דיר, דאָס עסן איז שוין קאַלט און אַלט און איבערגעשטאַנען. כ׳האָב שוין איבערגעטראַכט ווער ווייסט וואָס ס׳האָט פּאַסירט.

— נו, זיי מיר מוחל קינד מיינס — זאָגט ער מיט געבעט און גלעט זי צאַרט איבערן קאָפּ, נעמט אַרויס אַ טיכעלע און ווישט איר אויס די פאַרטרערטע אויגן, ווייל זי איינגענעמען ווי מ׳נעמט איין אַ ברוגזדיק קינד.

— הער מיך אויס, וועסטו פאַרשטיין און מיר געבן גערעכט. דאָס איז געווען ווען איך האָב געענדיקט לערנען. דערוויסט מען זיך אין שול, אַז אַן עלטערער מענטש וואָס ליגט שוין אַ לענגערע צייט אין שפּיטאָל, איז זייער הרוב און גוויסיקט זיך דרינגענד מ׳זאָל אים שענקען בלוט, מען דאַרף אים תיכף מאַכן אַ בלוט־טראַנספוזיע. בין איך גלייך געלאָפן אין שפּיטאָל זיך פאַרלייגן געבן בלוט פאַרן עלנטן קראַנקן. ווען כ׳גיי

נישט גלייך פון שול, וואָלט איך זיך נישט געקענט זעצן עסן פריער, יעדער ביסן וואָלט זיך מיר געשטעלט אין האַלדז.

— נו האָסטו מיר נישט געקענט אָנקלינגען, צווויסן געבן, איך זאָל נישט דאַרפן איבערקלערן, נישט וויסן וואָס איבערצוטראַכטן, מיר פאַר־שאַפן עגמת־נפש?

— ווען איך קלינג דיר אָן און זאָג דיר, וואָלסטו מיך געוויס אָפגע־רעדט איך זאָל נישט גיין, וואָלסט מורא געהאַט... האָב איך פאַרשטאַנען אַז גלייכער דו זאָלסט נישט וויסן, און כ'האָב אַבסאָלוט גאָרנישט געשפּירט, קוים אַ שטאָך פון אַ נאָדל — גיט ער צו מיט ענִיוות, ווי ער זאָל וועלן די גאַנצע זאַך מבטל מאַכן.

— זיכער, וועגן מיר האָסטו גאָרנישט געטראַכט, מיך געלאָזט וואַרטן צוויי שעה צייט — דאָס איז דיר גאָרנישט איינגעפאַלן, נאָר גיין געבן בלוט פאַר אַ ווילד־פרעמדן מענטש, וואָס דו קענסט נישט און דו ווייסט נישט — דאָס איז ביי דיר וויכטיקער ווי דיין אייגענע פרוי — זאָגט זי מיט אַ פאָרוואורף.

— ניין נשמהלע טייערע — וויל ער זיך פאַרענטפערן — ס'קען זיין אַז דאָס בלוט, וואָס איך האָב געשענקט, וועט פאַר דעם מענטש זיין אַ הילף, דאָס קען אים ראַטעווען דאָס לעבן.

— און אַז דו וואָלסט נישט געגאַנגען וואָס וואָלט געווען? וואָלט מען פון שפּיטאָל גופא אים געגעבן די בלוט־פּלאַזמע. אין יעדן שפּיטאָל איז פאַראַן אַזעלכע רעזערוון אין אַ בויט־פאַל.

— פאַרשטייסט — וויל ער זי איבערצייגן — כ'האָב דאָס געטאַן פאַר אַן עלנטן און נויטבאַדערפטיקן מענטש, כ'האָב דערפילט מיין מענטשלעכן חוב...

— און דיין פליכט צו דיין אייגענער פרוי האָסטו אינגאַנצן פאַר־געסן? — וויל זי נישט נאָכגעבן, כאָטש זי ווייסט אַז ער איז גערעכט — אַן עלנטער מענטש — חזרט זי איבער די ווערטער איראָניש, — דעריבער ביסטו דער איינציקער. ווען נישט דו וואָלט זיך געפינען אַ צווייטער. ביסט נישט מחויב צו גיין אָנלייגן מיטן קאָפּ פאַר יעדן איינעם; נישט זיין אַזאַ פוכקע לבבות...

— כ'האָב אַנדערש נישט געקענט, מ'האָט זיך געווענדעט צו מיר, האָב איך דערפילט מיין פליכט צו גיין העלפן ראַטעווען אַ מענטש. —

זיין קול קלינגט אומעטיק. ער בלייבט זיצן פאַרטראַכט. זיינע גוטע אויגן זיינען פול מיט צער. ס׳טוט אים וויי, וואָס זיין פרוי וויל אים איצט נישט פאַרשטיין, ווייזט אַרויס אירע ווייבערשע קאַפּריזן און זוכט אים נאָר צו דערווידערן מיט אירע אומזיניקע פאַרווורפן און טענות.

די פרוי וואָס באַמערקט זיין פאַרטראַכטקייט און אומעטיקייט, זיין אויסגעבלייכטן פּנים, די טונקעלע רעדער אַרום זיינע אויגן, ווערט געריהרט. ס׳טוט איר באַנג וואָס זי האָט אים אַזוי שלעכט אויפגענומען, פירט אַ ברוגז און רעדט אים אַנטקעגן. זי פילט זיך שולדיק און וויל פאַרגלעטן. זי גייט צו אים צו, פאַרוואַרפט אירע הענט אַרום זיין האַלדז, קוקט אים אַריין ליבלעך אין די אויגן און זאָגט מיט אַ בעטנדיקער שטים:

— זיי מיר מוחל יואל! כ׳האָב דיר נישט געוואָלט מצער זיין. זיי מוחל דיין נאַריש און שלעכט ווייבל וואָס פאַרשאַפט דיר עגמת־נפש.

יואלס פּנים ענדערט זיך, זיינע אויגן קוקן מילד און אויסגעלייטערט, זיין גלעטנדיקער בליק איז פול מיט האַרציקייט, ליבשאַפט און פאַר־געבונג...

— און איצט קום צום טיש, גוטע נשמה מיינע! — זאָגט זי האַלב באַפעלעריש — דאָס האַרץ האָט דיר שוין מסתמא צוואַנציק מאָל איבער־געקלעמט. גיב אַ קוק ווי בלייך דו ביסט, און איך נאָר פיר מיט דיר ברוגזן, זוך זיך מיט דיר צו פאַרהערן, — באַשולדיקט זי זיך אַליין — אוי וויי איז מיר! — גיט זי אַ פּאַטש מיט די הענט, ווי זי וואָלט זיך אָקאָרשט דערמאָנט — פון פרימאָרגן אָן ווי דו האָסט גאָרנישט טועם געווען. דאָס עסן מוז שוין זיין איבערגעשטאַנען. ווער ווייס וואָס פאַראַ טעם דאָס האָט.

ביידע גייען צום טיש, האַלטן זיך ביי די הענט און שמייכלען ווי צוויי שטיפערישע קינדער וואָס בעטן זיך איבער.

— און איצט וועסטן ביי מיר דאַרפן עסן אַלץ טאָפּעלע פּאָרציעס, טייערע נשמה מיינע — זאָגט זי אין אַ שפּאַסיקן טאָן — מ׳האָט ביי דיר אָפּגעצאַפּט בלוט דאַרפסטו דאָס צוריק באַקומען אויפסניי.

— כ׳האָב אַ שרעקלעכן הונגער — גיט ער צו — איך וואָלט איצט אויפגעגעסן אַן אָקס מיט די הערנער צוזאַמען.

ביידע פּלאַצן אַרויס מיט אַ הילכיקן געלעכטער, פילן זיך אויפגע־רוימט, גוטמוטיק און פריילעך.

די פרוי הויבט אָן צו דערלאַנגען דאָס עסן. וויל אַרויסווייזן איר געטריישאַפט און טראָגט אים אַלעמאָל אונטער אַן אַנדער מאכל, זעט אים צו, ער עסט מיט אַ שטאַרקן אַפּעטיט, האַלט אין איין רימען אירע געשמאַקפולע פּאַטראַוועס, לויבט איר בריהשקייט, אַז זי פאַרמאָגט „גאָל־דענע הענט״.ביידע זיינען איצט צופרידן און אויפגעלייגט, לאַכן און שטיפן אויפן קול ווי קליינע קינדער.

און אַז זי דערמאָנט זיך דעם פריערדיקן איבעררייד, דעם ברוגז, האָט זי חרטה, ס׳טוט איר באַנג וואָס זי האָט אים אַזוי שלעכט אויפגענומען, אים פאַרשאַפט צער. זי וויל פאַרגיטיקן, האַלט זיך אין איין טוליען צו אים און הערט נישט אויף איבערחזרן: — זיי מיר מוחל יואל! האַרציקע נשמה מיינע, זיי מיר מוחל...

# דער דיכטער האָט זיך פאַרשעמט

ווייט פון צענטער שטאָט, ביים ברעג ים, וואָס איז פלאַך, פאַררונדיקט און זעט אויס ווי אַ בוכטע, געפינט זיך אַ גרויסער פאַרק מיט שטילע באַשאָטנטע אַלייען און אויסגעצירטע בלומען־בייטן, וואָס פאַרכאַפן דאָס אויג מיט זייערע צוציענדיקע פאַרבן און פאַרשיכורנדיקע ריחות.

אין די זומער־טעג הערט מען דאָ דעם פריילעכן טומל און געררוישערייַ פון די קינדערישע קלינגענדיקע שטימעלעך, וואָס פאַרהילכן די לופט מיט זייער ליאַרעמדיקן געפילדער און פריילעכער גורדעגאריע. זיי לויפן אַרום מיט טומלדיקע טריט, קוקן גאַפנדיק צו די פאַרשיידענע שפילערייען, אָדער שפילן זיך אין באַהעלטעניש און פלאַצן אַלע ווײַלע אַרויס מיט הילכיקע אויסגעשרייען, וואָס צערודערן די געמיטלעכע שטילע רואיקייט פון פאַרק.

אין די וואָכנטעג זעט מען מערסטנטייל אַרומשפּאַצירן עלטערע מענטשן, צוריקגעצויגענע פון דער אַרבעט, פון די טאָג־טעגלעכע פליכטן, גייען זיי מיט פוילע, פלעגמאַטישע טריט, דרייען זיך אַרום ווי אומנוציקע איבעריקע מענטשן. פילן זיך לאַנגווייליק און זוכן נאָר מיט וועמען צו פאַרבינדן אַ שמועס. זיי קוקן מיט בענקשאַפט צו די שפּילנדיקע קינדער, וואָס רודערן אויף דעם פאַרק מיט זייער לעבהאַפטיקן טומל. זייערע מידע האַלב־פאַרלאָשענע בליקן פאַלגן נאָך די שלאָפנדיקע עופעלעך אין די קינדער־וועגעלעך, וואָס יונגע מאַמעס פירן מיט פריידיקן שטאָלץ איבער די שטילע אַלייען...

אָוונט־צייט ווערט דער פאַרק באַלויכטן, אילומינירט, כישופט און שיינט אַרויס מיט דער גאַנצער הערלעכקייט, פּראַכט און גלאַנץ. פון ברעג ים גלימצערן איינזאַמע פייערלעך, וואָס זעען אויס ווי אַנגעצונדענע ליכטלעך, וואָס מיניען זיך און באַלייכטן די געדיכטע טונקלקייט.

פון דעם פאַנטאַן, וואָס געפינט זיך אין סאַמע צענטער, שפּריצן אַרויס

פינקלדיקע וואַסער־טראָפּנס, וואָס צעגייען זיך און בייטן זיך אַלע ווײַלע. אָט ווערט עס צונטער רויט, ווי אַן אָנגעצונדענער שייטער וואָלט זיך צעפלאַקערט, באַלד ווערן די רויטע פלאַמען בלאַסער, פאַרגייען, שלאָגן אַריין אין אַ וויאָלעטן קאָליר, ווי פון האַלב־פאַרלאָשענע אויסגייענדיקע פייערן, וואָס דערמאָנען פאַרשפּעטיקטע וואָלקנדלעך אין שקיעה־צייט, וואָס האָבן דעם אָפּשיין פון די לעצטע פלאַמען פון דער פאַרגייענדיקער זון.

אָט שלאָגט אַרויף אַ פאַליע, וואָס לייכט מיט אַ טונקל־גרינעם קאָליר, ס'דוכט זיך, דער חלל ווערט אָנגעפילט מיט פרישן שמעקעדיקן ריח פון צייטיקע גראָזן און געוויקסן. און אָט ווערט עס העל־בלוי, ווי כוואַליע־דיקע וואַסערן וואָלטן אויפגעטויכט פון ערגעץ. די וואַסערן כישופן מיט אַ בלוילעכן צויבער.

באַלד ווערט עס בלאַסער, העלער. אַ בליאַסקעדיקער אָפּשיין באַלייכט דעם אַרום, ווי שטראָמען פון צעשמאָלצענעם זילבער וואָלטן אַרויס־געפלייצט פון אַן אונטערערדישן קוואַל און באַגאָסן דעם גאַנצן אַרום מיט אַ זילבערדיקן שיין.

באַלד ווערט דער העלער ליכט־שטראָם פאַרטונקלט, באַקומט אַ רויט־לעך פינקלדיקן גלאַנץ, אַ גילדערנעם שימערירנדיקן בליאַסק. אַלץ ווערט באַלויכטן, באַגאָסן מיט אַ גילדענעם שיין. עס גאָלדענען זיך די ביימער, די בלומען, די טונקעלע אַלייען. אויך די גאַפּנדיקע מענטשן, וואָס קוקן מיט חידוש, זעען אויס, ווי באַגילדעטע פאַרשטאַרטע סטאַטועז.

מיט אַמאָל פאַרגייען אַלע פאַרבן. עס שלאָגן אַרויף פּאַסן ליכט, וואָס לייכטן מיט אַ העלן ציטערדיקן שיין, ווי אומזעבאַרע פייגל וואָלטן געפלאַטערט מיט זייערע פליגל. דער העלער שיין דערמאָנט אין די ערשטע בלייכע פרימאָרגן־שטראַלן, וואָס באַווייזן זיך אין האָריזאָנט, זאָגן אָן דעם ניי־געבוירענעם טאָג.

אין די יום־טובים, אין די אָפּרו־טעג, ווערט דער פאַרק פאַרפולט מיט שפּאַצירנדיקע מענטשן, וועלכע קומען אויסגעפּוצטע, שיינענדיקע, פירנדיק די קינדער ביי די הענטלעך ; די קינדער שפּרינגען אונטער פאַר פרייד פון שטיפערישער, צעלאָזענער צעיאַכמערטקייט.

די אַרומגעצוימטע פּלעצער, ווו עס געפינען זיך די קאַרוסעלן, די

באַנעלעך, די אַוויאָנען, די שפּילערייען, זיינען באַלאַגערט פון יונגע סאַטע־מאַמע, וועלכע ווילן פאַרשאַפן פרייד זייערע קינדער. עס מישן זיך צונויף די האַרטע, גרילצנדיקע מוזיק־טענער, מיט די פריילעכע אויס־געשרייען פון דעם קליינוואַרג, וואָס שיינט פון גליקלעכער צופרידנקייט. אַנדערע, די קלענערע, די ייִנגערע, קוקן מיט פאַרחלומטע אויגעלעך אין דער ווייטקייט, זיינען צעטומלט, פאַרווירט, זייערע רעיונות זיינען פאַר־טראָגן, פאַרדמיונט, פירן זיי אַוועק אין צויבערנדיקע פאַרכישופטע וועלטן...

ביי דעם ריזן־ראָד, וואָס איז באַלויכטן מיט פילקאָלירטע לעמפּלעך, ווייעט מיט אומזיכערקייט, אומהיימלעכקייט און שרעק... עס גייען אַרויף פאָרלעך. דאָס ראָד הייבט זיך אָן צו דרייען, באַוועגט זיך צוערשט לאַנגזאַם, דערנאָך אַלץ גיכער, ווי עס וואָלט זיך צעוויגט מיטן גאַנצן שווונג. פון דער הויך פאַלן אַראָפּ נערוועז איבערגעהאַקטע געלעכטערס; ווילדע אויסגעשרייען, בעטנדיקע הילפס־רופן, פרייד, געלעכטער, שרעק און צעטומלטקייט מישן זיך אויס צוזאַמען...

פון אַן ארומגעצוימטן פּלאַץ, וואָס טראָגט דעם נאָמען „שליסל־באַרג", הערט מען שטענדיק כאָכאָטשענדיקע געלעכטערס, הירזשנדיקע קוויטשע־רייען, אַרויספּלאַצנדיקע אויסגעשרייען פון אַנטציקנדיקער באַגייסטערונג. די וועגענער, וואָס האָבן די פאָרעם פון שליטנס, און גיבן זיך אַ ריס באַרג־אַרויף, אַ דריי אַרום זיך און נידערן האַסטיק באַרג אַראָפּ אין אַ גאַלאָפּ, רופן אַרויס ביי די מענטשן, ביי די קינדער, פאַרקייכנדיקע געלעכטערס, אַנטציקנדיקע אויסגעשרייען. זיי שטיקן זיך פאַר פרייד און פאַרגעניגן. פון אומעטום ברויזט מיט לעבנס־לוסטיקייט, יום־טובדיקייט און אויפגעלייגטקייט.

אויף אַ הויכן אָנגעזונענעם פּלאַץ, ווו עס קרייצן זיך פאַרשיידענע וועגן, וואָס פירן צו די אַלייען פון פּאַרק, שטייט די בראָנדזענע סטאַטוע פון דעם פאַרגעסענעם דיכטער, וואָס איז פריצייטיק אַוועק פון דער וועלט. ביים לעבן האָט ער געליטן הונגער, נויט און דחקות; ביים לעבן איז ער געווען אומבאַקאַנט, אומבאַוווסט און איז אויסגעגאַנגען פון איינ־זאַמקייט, זייענדיק קראַנק, צעבראָכן און פאַרגעסן פון אַלעמען... די פאַר־צערנדיקע קראַנקהייט האָט אים אַוועקגעריסן אין זיין בליענדיקן עלטער, אין סאַמע אויפשוווּנג פון זיין שעפערישקייט...

נאָך זיין טויט האָט מען זיך ערשט אַרומגעזען, אַז מ'האָט פאַרזען

אַ גרויסן דיכטער, אַ פיינפילנדיקע נשמה, וואָס האָט געוויייטיקט, געליטן אין דער שטיל. מ׳האָט פאַרנאַכלעסיקט און פאַרגעסן אַ ווונדערבאַרן טאַלאַנט, וואָס האָט אויסגעזונגען און אויסגעדיכטעט מענטשלעכע ליידן און פּיין, אַז מען האָט נישט אָפּגעשאַצט זיין גרויסן ווערט, זיין קינסטלע־רישע הויכקייט, זיין גאונות, זיין פּאָעטישע נשמה...

די שטאָט־באַהערדן האָבן באַשלאָסן דאָס אַלץ צו פאַרגיטיקן, פאַר־אייביקן זיין אָנדענק, שטעלן דעם דיכטער אַ בראָנדזענעם מאָנומענט, וואָס זאָל דערציילן לדור־דורות פון דעם ליידנדיקן פאַרגעסענעם פּאָעט, וואָס האָט אויסגעזונגען אין אַ לירישער שפּראַך מענטשלעכן אומעט און עלנטקייט...

אויף אַ הויכן פּעדעסטאַל שטייט דער דיכטער. ער קוקט גלייך פאַר זיך מיט אַ מילדן פאַרגעבנדיקן בליק, ווי ער וואָלט אַלעמען מוחל געווען. זיין הויך געשטאַלט איז האַלב־איינגעבויגן, ווי אים וואָלט געדריקט אַ שווערע משא... ער האַלט אַ בויגן פּאַפּיר אין דער האַנט און קוקט פאַרטראַכט צום אָפענעם ים, צום ווייטן סודותדיקן האָריזאָנט, ווי ער זאָל זוכן אַ באַשייד צו זיינע מאַטערנדיקע רעיונות...

אין די וואָכנטעג, ווען דער פּאַרק איז ליידיק, זעט אויס דעם דיכטערס געשטאַלט מער איינגעבויגן, איינגעהאָרבעט. די אַרומיקע פּוסטקייט, וואָס טראָגט זיך פון ליידיקע אַלייען, פאַרשאַפט אים צער, פאַרגרעסערט זיינע ליידן...

דאַקעגן אין די יום־טוב־טעג, ווען עס הערן זיך איבער די אַלייען די קלינגענדיקע מונטערע שטימעלעך פון אונטערשפּרינגענדיקע קינדער־לעך, וואָס קומען געניסן פון די פאַרשיידענע שפּילערייען, די שפּאַצירנדיקע מענטשן, וואָס גייען דורך אויפגערוימטע, יום־טובדיק אויסגעפּוצטע, דאַן ווערט דעם דיכטערס געשטאַלט אויסגעגלייכט, דערהויבן. זיין בליק אַ צעשטראַלטער קוקט אַראָפּ צופרידן, באַגלייט דעם מענטשן־שטראָם.



פּונקט אַנטקעגן, ווו עס געפינט זיך דעם דיכטערס בראָנדזענער מאָנומענט, אויף אַ גרויסן ליידיקן פאַרוואָרלאָזטן פּלאַץ, וואָס איז געווען באַוואָקסן מיט ווילדע גראָזן און געוויקסן, האָט מען אין פיבערדיקער

איילעניש אָנגעהויבן בויען אַ ריזיקן ספּאָרט־פּלאַץ, אַ סטאַדיאָן, וואָס זאָל קענען אַריינגעמען צענדליקער טויזנטער מענטשן. דאָס לאַנד האָט זיך געגרייט צו פייערן דעם הונדערט־יאָריקן אַניווערסאַר פון זיין אויס־געקעמפטער אומאָפּהענגיקייט. דער ספּאָרט־פּלאַץ האָט געמוזט אַרויס־געענדיקט ווערן צו דער באַשטימטער דאַטע. צוליב דעם האָט מען געמוזט אַרבעטן אין דריי טורנעס. אַלע אַכט שעה האָבן די אַרבעטער זיך געביטן. די אַרבעט איז נישט איבערגעריסן געוואָרן אויף איין מינוט.

אין די אָוונטן האָבן גרויסע בליצלאָמפּן באַלויכטן דעם גאַנצן שטח. אַרבעטער, אין קויטיק־אויסגעשמירטע מלבושים, מיט מידע־פאַרמרוזשעטע בליקן, פון די גרויסע בליצלאָמפּן, פון דעם בלענדנדיקן שיין, וואָס האָט געלויכטן פון אַלע זייטן, האָבן אויסגעזען צווישן די הויפנס ציגל, זאַמד, שטיינער, ווי פאַרמשפּטע, פאַראורטיילטע פאַרברעכער, וואָס דאַרפן אָפּ־קומען פאַר עפּעס אַ זינד...

די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען אין פולן גאַנג. די טרעפּ, קאָלומנעס, בלאָקן, פּילאַרן, זיילן און די אַרויסשטאַרצנדיקע פליגלען זיינען אויס־געוואָקסן איבער נאַכט, זיך געהויבן ווי דורך אַ כישוף. צו דער היסטאָ־רישער דאַטע האָט דער ספּאָרט־פּלאַץ געמוזט אַרויסגעענדיקט ווערן. צוויי קעגנערישע קאָמאַנדעס שפּילערס האָבן דעם טאָג געדאַרפט אַרויס־טרעטן אין אַ פאַרמעסט. ווער וועט אַרויס דער זיגער? ווער וועט געווינען דעם בעכער פון נצחון, פון רום, פון פּאָפּולאַריטעט?

די צייטונגען האָבן אויף גאַנצע זייטן געבראַכט די בילדער פון די שפּילער, די ספּאָרטסלייט, וואָס דאַרפן אָנטיילנעמען אין פאַרמעסט, אויס־גערעכנט יעדערנס מעלות און אייגנשאַפטן. די געוואַלדיקע גאונות, סטראַטעגיע פון קענען אָפּנאַרן דעם שונא, צעטומלען דעם קעגנער, אַרויסווייזנדיק צו דער זעלבער צייט אייגענע דערפינדערישקייט, טעכניק און קונסט, אַלערליי טריקן, וואָס די שפּילער צייכענען זיך אויס.

זיי האָבן אויך אויסגערעכנט אַלע מתנות, אויסצייכענונגען און פּריזן פון סוחרים, אינדוסטריאַלן און באַרימטע פירמעס, וואָס וועט געגעבן ווערן די זיגער, די טשעמפּיאָנען.

די בילדער פון די שפּילער, וואָס זיינען דערשינען אין די צייטונגען האָבן געשמייכלט צופרידן, זייערע טעמפּע אויסדרוקלאָזע פּנימער האָבן אַרויסגעקוקט יחסניש־גאוהדיק, זיי האָבן געוווּסט, אַז זייערע אָנהענגער

און פאַרערער, וואָס ציילן אין די טויזנטער, פאַרגעטערן זיי, זיינען זיכער אין זייער זיג, קוקן צו זיי אַרויף מיט אָפּשיי און פאַרהערלעכונג, באַווונדערן, און אַכטן זייער גבורה, זייער אומבאַזיגבאַרן כוח.

די שפּילער פון ביידע צדדים האָבן זיך געגרייט צום פאַרמעסט, אַלע טאָג געמאַכט איבונגען, פּראָבעס, זיך געוויגן אָפּט, עס זאָל חלילה נישט צוקומען צו דער באַשטימטער וואָג; זייערע שפּייזן, וויטאַמינען, זייער דערנערונג, קאָנטראָלירט פון אַ דאָקטער, זיינען אונטערגעוואָרפן געוואָרן אונטער אַ שטרענגער קאָנטראָל, כדי די מוסקולן פון קערפּער, פון די פיס, זאָלן זיין פלינק, זשוואַוו און ריירעוודיק, זאָלן קענען לויפן געשווינד, איבעריאָגן, קלאַפּן, זעצן מיט דער פולער קראַפט, באַזיגן דעם קעגנער.

דער גרויסער ספּאָרט־פּלאַץ איז געווען אַרויסגעענדיקט. די טונקעלע צעמענטענע טרעפּ האָבן אַרומגענומען דעם גאַנצן ספּאָרט־פּלאַץ און האָבן אויסגעזען פון ווייטן ווי אַ פּאַרטיידיקונגס־פעסטונג צו באַשיצן זיך קעגן אַ שונא. דאָס זיינען געווען פלעצער באַשטימט פאַרן פשוטן המון, פאַרן אָרעמען קלאַס און איז געווען פאַרזען מיט פאַרשיידענע אַריינגענג דורך אַלע זייטן. מיט באַזונדערע אַריינגענג זיינען געבויט געוואָרן די באַלקאָנען, די לאָזשעס פאַר די העכערע חשובערע, הויכגעשטעלטע געסט.

ביי דער זייט איז אויפגעבויט געוואָרן אַ ספּעציעל טורעמל מיט גאָרנדיקע באַלקאָנען, מיט אַ הויכן ארויסשטאַרצנדיקן מאַסט פאַר אַ פאָן, דאָס האָט געדאַרפט זיין דער סימבאָל פון נצחון, פון אומבאַזיגבאַרקייט...

די שטאָט־באַהערדן, וואָס זאָרגן פאַר די פאַרווייַלונגען פון די איינוווינער, האָבן דערקלערט דעם טאָג אַלס יום־טוב, כדי אַלע זאָלן קענען בייזיין דעם קאָלאָסאַלן ספּעקטאַקל, דעם גרויסן פאַרמעסט פון די צוויי ריוואַליזירנדיקע כוחות, וואָס האָבן שטענדיק געקעמפט צו פאַרנעמען דעם ערשטן פּלאַץ.

די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט אויך פייערלעך באַשלאָסן צוצוטיילן דעם גרויסן כבוד פון עפענען און באַנייען דעם גרויסן ספּאָרט־פּלאַץ — פאַרן בילדונגס־מיניסטער, דער וואָס וואַכט איבער דער קולטורעלער, גייסטיקער אַנטוויקלונג פון פאָלק, פון דער יוגנט; ער, דער מיניסטער, האָט דער ערשטער געדאַרפט אָנהייבן דעם פאַרמעסט, אַ וואָרף טאָן מיט דער פּילקע... דאָס האָט געדאַרפט זיין דער צייכן, אַז דער געוועט הייבט זיך אָן.

יענעם טאָג האָבן מאַסן מענטשן געשטראָמט, ווי אָנקומענדיקע ים־כוואַליעס, צום סטאַדיאָן. די שטאָט איז געווען אין גאַנצן באַפלאַגט. פלאַטערנדיקע פענער האָבן געווייעט מיט יובל, פרייד און נצחון. דאָס פאָלק האָט זיך צעטיילט אין צוויי צדדים, אין אָנהענגער פון דער אָדער צווייטער גרופּע, וואָס דאַרפן אָנטיילנעמען אין פאַרמעסט, זיך געאַמפּערט, דיסקוטירט אויפן הויכן קול, אַרויסווייזנדיק בקיאות אין הלכות פוטבאָל־שפּיל, די גאַנצע סטראַטעגיע, דינים און כללים, וואָס יעדער איינער האָט געזוכט איבערצושטייגן דעם אַנדערן. דער געוועט ביי די מענטשן איז געגאַנגען מיט פאַרביסנקייט, אייפער, אַרויסרופנדיק דיסקוסיעס און קריגערייען.

די גאַנצע טראַפיק פון די אַרומיקע גאַסן האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַלץ האָט נאָר געצויגן אין איין ריכטונג, אַהין, צום נייעם סטאַדיאָן, צום נייעם אויפגעבויטן ספּאָרט־פּלאַץ; דער מענטשן־שטראָם וואָס האָט זיך געצויגן, האָט אויסגעזען, ווי אַ לאַווע־אויסגוס, וואָס פלייצט מיט אַ מעכטיקער קראַפט.

צו דער באַשטימטער שעה איז דער גאַנצער ספּאָרט־פּלאַץ געווען פאַרפולט פון ברעג צו ברעג. פון אומעטום האָט מען אַרויסגעזען מענטשלעכע קעפּ, פּנימער און אויגן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט מיט שפּאַנונג און אומגעדולדיקער דערוואַרטונג — עס זאָל זיך אָנהויבן דער גרויסער פאַרמעסט. די געזיכטער זיינען געווען פאַרשיידענע. קליינע, גלאַטע, קינדערשע פּנימלעך, פול מיט אומשולדיקייט און תמימות, און פּנימער צעאַקערטע, צעמאַרשטשעטע פון עלטערע מענטשן, פון דורכגעמאַכטע איבערלעבונגען, דאַגות, וואָס האָבן איבערגעלאָזט טיפע שפּורן...

פון אַלע פּנימער האָט מען נאָר אַרויסגעזען די אויגן, ווי דער גאַנצער ווילן און דראַנג פון די אַלע מענטשן, אַלע חושים, וואָלטן זיך איצט נאָר קאָנצענטרירט אין דער ראיה, אין די בליקן. עס האָבן אַרויסגעקוקט פון דער גרויסער מענטשן־מאַסע אויגן, ענערגישע, פול מיט גליענדיקן בליאַסק און דראַנג און אויגן האַלב־פאַרלאָשענע, מידע, פול מיט רעזיגנאַציע, נאָכגיביקייט און אונטערגעוואָרפנקייט. אויגן אָפענע, דרייסטע, חוצפּהדיקע, עזותדיקע, וואָס קוקן דיר גלייך אין פּנים אַריין, ווילן דיך באַצווינגען מיטן בליק, באַהערשן, און אויגן האַלב־פאַרזשמורעטע, שעמעוודיקע, צוריקגעהאַלטענע, צוריקגעצויגענע.

איצט, אין דער דערוואַרטונג פון דעם פּאַרמעסט, ווען די שפּילער, די אָנטיילנעמער האָבן געדאַרפט דערשיינען אויפן ספּאָרט־פּלאַץ, ווען אַלץ איז שוין געווען גרייט, די סאַניטאַרן, די דאָקטוירים, די ריכטערס, די אָנפירערס, די הויכע געסט, וואָס זיינען פאַרבעטן געוואָרן צום ספּעקטאַקל, צום יום־טוב — האָט די ריזיקע פאַרזאַמלטע מענטשן־מאַסע אויסגעזען ווי אַן אומגעהויערע מאָנסטעריעזע געשטאַלט, אַ גיגאַנטישע משונהדיקע פיגור, מיט אַ פּאָר קאָלאָסאַלע ריזיק־גרויסע אויגן, וואָס קוקן מיט אַ פיבערדיקער אַנגסטלעכער געשפּאַנטער אומגעדולדיקייט, וואָס טראַכט נאָר איין געדאַנק און האָט נאָר איין איינציקן ווילן, דראַנג און באַגער — ניט צו פאַרלירן קיין איין פּרט און דעטאַל פון דעם גרויסן פאַרמעסט.

עס האָט זיך דערהערט אַ לאַנגער און אויסגעצויגענער סווישטשענ־דיקער פייף — אַ סיגנאַל, אַז די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן. די ריזיקע מענטשן־מאַסע, ווי איין געשטאַלט, האָט זיך אַ וויג געטאָן, זיך אויס־געצויגן נעענטער פאָרויס, כּדי בעסער צו זען.

מ׳האָט אַוועקגעלייגט די פּילקע אין מיטן שפּיל־פּלאַץ, אין צענטער. דער פאַרבעטענער מיניסטער, וואָס האָט געדאַרפט עפענען דעם נייעם אויפגעבויטן סטאַדיאָן, האָט זיך פאַרנויגט, געדאַנקט פאַרן כבוד, זיך דערנעענטערט און האָט מיטן גאַנצן כּוח זיך פאַרמאָסטן — אַ קאָפּע געטאָן אין דער פּילקע, אַ צייכן, אַז דער פאַרמעסט האָט זיך אָנגעהויבן.

ס׳האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַן אויסברוך פון ווילדע אויפטרייס־לענדיקע אויסגעשרייען, ווי טויזנטער חיות וואָלטן זיך פּלוצים צערעוועט. דער פאַרמעסט, די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן, דער געליאַרעם און גערידטשעריי איז געשטיגן אַלץ העכער און שטאַרקער. אַ פאַרגלושענדיקער געברום האָט אויפגערודערט דעם גאַנצן פּאַרק. ביי אַ געלונגענעם גאַנג פון איינעם פון די שפּילערס איז די מאַסע געשפּרונגען אין דער לופטן, ווילד געוואָרן פאַר שמחה; איינער מיטן צווייטן האָבן זיך אַרומגעהאַלדזט, געקושט און געריטשעט מיט הייזעריק־כריפּענדיקע קולות. — — — — —

די בראָנדזענע פיגור פון דעם דיכטער, וואָס שטייט פּונקט אַנטקעגן דעם שפּיל־פּלאַץ, דערהערנדיק די ווילדע אויסגעשרייען, איז געוואָרן איינגעשרומפּענער, נידעריקער און איינגעבויגענער... ס׳האָט אויסגעזען, ווי ער מאַכט אַ באַוועגונג מיט זיינע אויסגעשטרעקטע אָרעמס, ווייל

אָפּשטויסן פון זיך די העסלעכע גרילצנדיקע קולות, דאָס געריטשעריי און דעם טומלדיקן געפּילדער, קען נישט צוזען די גייסטיקע אַראָפּנידערונג פון זיין פאָלק... וואָס פאַרגעטערט די שפּילער, די שפּיל, פאַרוואַנדלענדיק דאָס אין אַ קולט... עס זעט אויס ווי ער בייגט אַראָפּ דעם קאָפּ צו דער ערד פאַרשעמט און מאַכט אַן אָנגעשטרענגטן זשעסט, ווי ער זאָל זיך ווענלן באַפרייען פון דעם בראָנדזענעם פעדעסטאַל, אַראָפּנידערן און אַוועקגיין ווייט, ווייט אין דער שטילער פאַרגעסענער איינזאַמקייט...

# יעדער איינער פון אונדז טראָגט אַ פונק פון די נביאים

אינזשיניער שאַפער איז געזעסן אין זיין ביוראָ אָנגעבויגן ביי דעם שרייבטיש און געפּילט די פּוסטקייט, וואָס ווייעט איבערן האַלב־פינצטערן סאַלאָן. אַן עלנטקייט האָט זיך געטראָגן פון די ליידיקע ווינקלען, פון די נאַקעטע ווענט, פון וועלכע עס האָבן אַראָפּגעקוקט איינצלנע בילדער פון הויכע מאָדערנע אַפּאַרטאַמענטן־הייזער מיט אָן אַ שיעור פענצטער אין סאַמע פראָנט און מיט קלענערע פענצטערלעך ביי די זייטיקע עפענונגען, וואָס האָבן די פאָרעם פון ליידיקע ברינימער און ציען אַריין אין זיך דעם גאַנצן טאָג לופט, זון און ליכט.

אויף די לאַנגע שמאָלע טאָמבאַנקן זיינען געלעגן מוסטערן פון פאַרשיידענע מאַטעריאַלן צו הייזער־געבוי. געשליפענע ציגל פון רויטלעכן קאָליר צו ווילייעס, אויסגעהוילטע ציגל אויף צו בויען די ווענט פון די העכערע שטאָקן, זיי זאָלן נישט באַשווערן צופיל די אונטערשטע „פילאַרן”, רויטע דאַכעוווקעס צו דעקן משופּעדיקע דעכער פון ווילייעס. געשפּריצטער מאַנאָליטיק צו דילן, צונויפגעשטעלטער מאַטעריאַל פון גלאָז פון פאַרשיידענע פאַרבן, אויף פראָנט־באַפּוצונגען, וואָס זעט אויס ווי געשליפענער גראַניט. אַ נייער מאַטעריאַל צונויפגעשטעלט פון גומי און קאַוטשוק, האָט דערציילט פון זיינע מעלות און אייגנשאַפטן, אַז מ׳קען מיט זיי אויספלאַסטערן דילן, וואָס זאָלן אַריינעמען דעם גערויש פון די טריט, מ׳זאָל נישט הערן קיין שאָרך, זאָל באַרואיקן די צעשרויפטע נערוון פון שטאָטישן מענטש, וועלכער גאַרט נאָך רו, נאָך שטילקייט.

שוין יאָרן ווי ער בויט הייזער און פאַרשיידענע געביידעס. די אונטער־נעמער — בעלי־בתים — אַרויפגעאַרבעטע מלחמה־גבירים, קומען צו אים און שלאָגן אים פאָר — זיי ווילן אַריינלייגן זייער גאַנצן קאַפּיטאַל אין הייזער. זיי זיינען מיד פון די געשעפטן. זיי ווילן לעבן פון רענט. — ס׳איז אַ מאַנגל אין דירות — גיבן זיי אים צו פאַרשטיין. ער זאָל עס

מאַכן וואָס איינפּאַכער און עקאָנאָמישער. דער אויסערלעכער אויסזען זאָל זיין שיין און צוציענדיק. ווייטער אינטערעסירט זיי נישט.

עס זעט אויס ווי אַ גאַנצע אייביקייט די פאַרגאַנגענע יאָרן זיינע. פריער איז אים אַוועק די יוגנט אין לערנען, דערגרייכן זיין ציל, זיין אינזשיניערן־טיטול. ער פלעגט זיצן גאַנצע נעכט איבער די ביכער, איבער די צייכענונגען, קייטלען דינע געבראָכענע ליניעס, חשבונען כסדר, און ציפערן... ציפערן... אָן אַ שיעור. די ציפערן פלעגן אים נישט אָפּלאָזן אַפילו אין שלאָף. פלעגן זיך אויסשטעלן אין רייען, ווי מחנות אָנגרייפנדיקע סאָלדאַטן, אַרומרינגלען אים פון אַלע זייטן און שרעקן אים מיט זייער משונהדיקן פילצאָליקן אָנגעלאָף, וואָס פלעגט אַ סך מאָל ביי אים צונעמען דעם שלאָף. און אַז ער האָט געענדיקט דאָס לערנען און האָט באַקומען דעם אינזשיניערן־טיטול, האָט ער געפילט, ווי איינער וואָס האָט דורכ־געמאַכט אַ לאַנגן וועג און קומט ענדלעך צו זיין געגאַרטן ציל...

ער האָט איצט גענאָסן פון אַ רואיקער איינגעפונדעוועטער היים און איז געווען מאַטעריעל געזיכערט. מען פלעגט אים אָפּהאַקן די שוועלן, געבן אים געלט פאָרויס, זיך בעטן ביי אים, ער זאָל אָננעמען נייע באַשטעלונגען, נייע געביידעס, נייע פּלענער. ער האָט זיך אָבער נישט געפילט באַפרידיקט פון דעם אַלעמען. ער האָט געפילט אַ פּוסטקייט, אַזאַ מין פּראָסטיקע הוילקייט רינגלט אים אַרום, וואָס יאָגט אויף אים מיט אַ פרירנדיקער קעלט. די באַשטעלונגען האָבן פאַרשלונגען זיין גאַנצע צייט, זיין ענערגיע, זיינע רעיונות, און מאָמענטנווייז האָט זיך אים אויסגעדוכט, ווי אַן אינערלעכע שטים פאָדערט ביי אים חשבון, אַז ער פאַרטאַכליעוועט זיין צייט, אַז זיין ענערגיע ווערט פאַרטאָן אויף צו באַפרידיקן די גיריקע אַפּעטיטן פון די מלחמה־גבירים, וואָס קומען צו אים אַזעלכע האָפערדיקע, פול מיט פּוסטער גדלות און סנאָביזם, גרויסן זיך מיטן אָנגעזאַמלטן פאַרמעגן זייערן, מיט זייער עשירות. ער האָט זיך אַליין געמוסרט, אַז ער האָט געפּטרט אַזוי פיל יאָרן אויף צו לערנען, פאַרלאָרן אַזוי פיל צייט, כדי צו באַזאָרגן מיט רענט־הייזער די אויפגעקומענע גבירים, וואָס בלאָזן פון זיך, מיינען, אַז די גאַנצע וועלט איז זייערע, אַז מיטן געלט קענען זיי אַלץ אָפּקויפן און איינהאַנדלען. ס'איז אים געוואָרן דערווידער זייער סביבה, זייערע נודנע שמועסן, זייערע השגות... און וואָס

ער, אינזשיניער שאַפער, איז געוואָרן דער פאַרמיטלער זייערער, דער צושטעלער פון גרינגע הכנסות, נייע רווחים...

מ׳האָט אים אַריינגעבראַכט אַ פעקל קאָרעספּאָנדענץ. ער האָט אָנגע־הויבן דורכקוקן די דיקע, לאַנגע קאָנווערטן, מיט די גרויסע אויפשריפטן אויף זיי. ער האָט אויפגעעפנט און געלייענט, מערסטנטייל זיינען עס געווען פון קאָמערציעלע פירמעס, וואָס האָבן געשיקט זייערע לויפנדיקע חשבונות פאַר די צוגעשיקטע מאַטעריאַלן. אַנדערע האָבן פאָרגעלייגט זייערע סחורות, אָנגעבאָטן קרעדיטן, און אַנדערע האָבן צוויסן געטאָן פון נייע פאַרטיקע מאַטעריאַלן, וואָס מ׳קען מיט זיי פאַרשנעלערן דעם גאַנג פון בויען. פאַרטיקע רושטאָוואַניעס, טירן און פענצטער, וואָס ווערן איינס און צוויי צונויפגעשטעלט און מ׳קען מיט זיי איינשפּאָרן צייט און געלט. ער האָט זיי אָוועקגעלייגט אין אַ זייט, ווי ער וואָלט עס געהאַלטן פאַר מינדערוויכטיק און אומבאַדייטנדיק.

ער האָט מיטאַמאָל באַמערקט אַ קליינעם קאָנווערט מיט יידישע אותיות, וואָס האָט צוגעצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט. ער האָט אויפגעעפנט און געלייענט מיט בייגעריקייט. אַ געוויסע יידישע קולטור־געזעלשאַפט אָרדנט איין אַ סימפּאָזיום וועגן „קיום און המשך״, און קענענדיק אים אַלס יידישן אינטעלעקטואַל מיט פאַרשטענדעניש און באַציאונג צו יידישע פּראָבלעמען, פאַרבעטן זיי אים אַרויסצוזאָגן אַ מיינונג וועגן דעם ענין.

ווי דאָס פאַלן פון טראָפּנס טוי אין פרימאָרגן אויף פאַרטריקנטע בלעטער און גראָזן נאָך אַ הייסער שטיקנדיקער נאַכט, אַזוי האָבן זיך געצויגן צו אים די יידישע ווערטער פון דעם קורצן לאַקאָנישן בריוול. מיט אַמאָל זיינען די גרויסע, דיקע קאָנווערטן, מיט גלאַנציקער פעטער שריפט, פון די קאָמערציעלע פירמעס, אָפּגעטראָטן אין אַ זייט, פאַרלאָרן זייער חשיבות, זייער אָנגעצויגנקייט און אָנגעבלאָזנקייט. ער האָט געהאַלטן דאָס קליינע יידיש בריוול אין האַנט, געגלעט דאָס איינפאַכע פּאַפּיר, געקוקט מיט אַן אויפגעגאַנגענער פרייד אויף די יידישע אותיות, וואָס האָבן אים אָנגעפילט מיט וואַרעמקייט, האַרציקייט און היימישקייט און אים דערוויטערט פון דעם אַרום, ווי מיטן בריוול וואָלט מען אים געבראַכט אַ גרוס פון אַ נאָענטן פריינד, מיט וועלכן ער האָט זיך נישט געזען אַ לאַנגע צייט און געמאַכט אין אים אויפוועקן דערינערונגען און זכרונות...

די אָנגעהויבענע אַרבעטן, וואָס זיינען געלעגן צעוואָרפן אויפן שרייב־

טיש, די צייכענונגען, חשבונות, פלענער, פּראָיעקטן, אָן אַ שיעור פּאַפּירן, — אַלץ האָט אָנגעהויבן פאַרשווינדן. ער האָט זיך געזען אַלס יונגער יינגל אין אַמאָליקן פּוילן, ביי זיינע פרומע עלטערן, וועלכע האָבן אים דערצויגן אין יידישן גייסט, סיי מיטן לערנען תורה און סיי מיטן איינפלאַנצן אין אים יידישע מידות, מנהגים און יידישן לעבנסשטייגער. זיינע עלטערן האָבן אים געוויזן מיט מעשים, ווי אַזוי אויפצוהאַלטן דעם יידישן קיום, וואָס האָט אין די ערגסטע צייטן זיי פאַרפּאַנצערט מיט אַ טיפן גלויבן... זיי אָנגעפילט מיט מוט, בטחון און התרוממות־הנפש...

שפּעטער, ווען ער איז געצוווּנגען געווען אויסצוּוואַנדערן אין אַן אַנדער לאַנד און האָט זיך פאַרנומען צו לערנען, האָט ער זיך ביסלעכווייז דערווייטערט פון טאָטנס דרכים, זיך באַפרייט פון טאָטנס לעבנס־שטייגער, געווען אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן צו דערגרייכן זיין קאַריערע, זיין אינזשיניערן־דיפּלאָם. איצט, מיטן דערהאַלטן דאָס בריוול, האָבן אויפ־געוואַכט אין אים זכרונות פון די יוגנט־יאָרן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט ביים לערנען תורה און פּילפּול, ביים לערנען די דינים, די עיקרים פון יהדות, פון יידישער עטיק, אָן שום פּראַקטישן ציל און סוחרישער אויס־רעכענונג... דאָס לערנען תורה לשמה, וואָס זיינע עלטערן האָבן געזוכט אין אים איינצופלאַנצן, האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי אַ העכערע מדרגה פון זיין שפּעטערדיקן לערנען.

פאַר אינזשיניער שאַפער איז איצט שווער געווען אָנצוגיין מיט זיין שטענדיקער אַרבעט. די חשבונות, די טרוקענע ציפערן, די אָנגעצייכנטע ליניעס, די בערג מיט פּאַפּירן, האָבן אים דענערווירט און געטאַנצט פאַר זיינע אויגן, זיך געקייטלט אין אַ ווירבלדיקן משונהדיקן קאַראַהאָד. די פאַרשפּיצטע ליניעס האָבן זיך געצויגן צו אים, געשטורכעט אים אין פּנים אַריין מיט די דינע שפּיצן, אים געוואָלט אַריינציען אין זייער קרייז, אין זייער מיט...

ער האָט אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט איבער די אויגן, ווי ער זאָל וועלן פאַרטרייבן די משונהדיקע געבראָכענע ליניעס, וואָס האָבן געטאַנצט אַנטקעגן אים. ער האָט לאַנג געהאַלטן דעם דינעם פאַרשפּיצטן בליייער אין האַנט, פּרובירט ווייטער פאָרזעצן זיין אַרבעט און נישט געקענט.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון פּלאַץ, זיך געאיילט צו פאַרלאָזן זיין ביוראָ, אָנקומען וואָס גיכער אַהיים. און איבערטרעטנדיק די שוועל פון

זיין הויז, איז ער אַריין אין זיין ביבליאָטעק־צימער, פאַרשלאָסן נאָך זיך די טיר, קיינער זאָל אים נישט שטערן. אָנגעהויבן זוכן, נישטערן צווישן די פולע, געפּאַקטע פּאָליצעס ביכער, ספרים, אַלטע כתב־ידן, און ביים בלעטערן די פאַרשטויבטע ספרים, די ביכער, האָט זיין פּנים זיך אַלץ מער געלייטערט. זיין אָנגעשטרענגטער זוכנדיקער בליק האָט אויפגעלויכטן יעדעס מאָל ווען ער האָט געפונען אַ פּאַסנדיקן געדאַנק, אָדער פאַרצייכנט אַ וויכטיקן ציטאַט, ווי ער וואָלט זיך היינט דערוווּסט דעם סוד פון יידישן קיום... פון יידישן מוט און אויסדויער... וואָס האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט די גרעסטע גזירות און רדיפות. די יידישע ספרים, ווי אויפגעעפנטע קוואַלן, האָבן אים דערציילט פון יידישער מסירת־נפש און דערהויבונג, פון נצח־ישראל...

ער איז געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין די ביכער, אין די אַלטע פאַר־שטויבטע ספרים, אַז ער האָט נישט באַמערקט ווי די שעהן לויפן, עס דערנעענטערט זיך דער אָוונט. די ציטאַטן, מאמרים און באַווייזן, די באַשטעטיקונגען וועגן קיום און המשך, האָבן אים אַזוי פאַרכאַפּט, מיט־געריסן, אַז ווען ער האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן זיין געשריבענעם פאָרטראַג איז שוין געווען פינצטער, עס איז געוואָרן נאַכט. ער האָט אָפּגעצויגן דעם אָטעם, ווי ער וואָלט זיך באַפרייט פון אַ טיפער שפּאַנונג, וואָס האָט נאָכגעלאָזן מיטן דערגרייכן זיין ציל. ער האָט צונויפגעזאַמלט די פאַרצייכענונגען, די אָנגעוואָרפענע טעזיסן, אַריינגעשטעלט די צע־וואָרפענע ביכער אין די פּאָליצעס און זיך געקליבן אַרויסגיין.

דער אָנגעשטאָפּטער פּאָרטפעל מיט פּאַפּירן, מיט פראַגמענטן, אויסצוגן פון פאַרשיידענע מחברים, וואָס ער האָט געפירט מיט זיך, האָבן אים אָנגעפילט מיט אַ יום־טובדיקער שטימונג, מיט דערהויבונג, ווי ער וואָלט געטראָגן מיט זיך אַ פּעקל פון ווערטפולע זאַכן, צו ברענגען עס אַ מתנה זיינע פריינד, וואָס וואַרטן אויף אים. ער איז געגאַנגען מיט אַ שנעלן זיך־וויגנדיקן גאַנג, ווי די צונויפגענומענע געלייגטע פּאַפּירן וואָלטן אים אונטער־געאיילט, איינגערוימט אים אַ שטילן פליסטערנדיקן סוד, אַז פריינד וואַרטן אויף אים, אויף זיין וואָרט, אויף זיין באַהאַוונטער מיינונג.

און אַז ער האָט אָנגעהויבן אַרויפגיין אויף די הויכע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט אויפן אויבערשטן גאָרן, האָט אים אָנגעהויבן זעצן דאָס האַרץ ווי מיט האַמערס.

אינזשעניער שאַפער איז געבליבן שטיין. אינסטינקטיוו צוגעדריקט די האַנט צו דער לינקער זייט ברוסט. זיך באַמיט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, זיך געוווּנדערט אויף דעם מאָדנעם געפיל, וואָס ער האָט עס היינט געשפּירט צום ערשטן מאָל. און אַז עס איז אים איבערגעגאַנגען, האָט ער אַ שמייכל געטאָן צו זיך אַליין און געטראַכט — דאָס נעמט זיך מסתמא פון דעם עמאָציאָנעלן צושטאַנד, אין וועלכן ער געפינט זיך פון פרימאָרגן אָן מיטן דערהאַלטן דאָס בריוול...

ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי ער זאָל וועלן אָוועקטרייבן די אומזיסטע שרעק, וואָס האָט אים באַהערשט אַ מאָמענט און זיך געהויבן אויף די טרעפּ מיט אַ געשטרעקטן גאַנג פון אַ שטיפערישן יינגל.

און אַז ער איז אַריין אין סאַלאָן, איז ער באַגעגנט געוואָרן פון אַ וואַרטנדיקן עולם, וואָס זיינען געזעסן ביי די טישן. אַנדערע האָבן געשמועסט צווישן זיך. אַ טייל זיינען געווען פאַרטיפט אין לייענען די צייטונגען און זשורנאַלן, וואָס זיינען געווען אויסגעלייגט פאַר זיי.

פון אַן אַנטקעגנאיבערדיקער וואַנט האָט אים אַ בלענד געטאָן אין די אויגן אַ ציטערדיק, רויט ליכט, ווי אַ יאַטערדיק נישט־פאַרהיילטער ווונד... אויבן, איבער דעם געפלעמלטן ליכט, האָט געשניטן דעם חלל, ווי מיט פייערדיקע אָנגעגליטע רינגען, דאָס וואָרט יזכור! — געדענקט די זעקס מיליאָן קדושים! אינזשעניער שאַפער האָט אַ לייכטן ציטער געטאָן. דאָס געדעמפּטע ליכט, ווי אַ נר־תמיד, האָט זיך געצויגן אין דער הויך, געשטורכעט אין רעיון, געטייטלט ווי מיט אויסגעשטרעקטע דראָענדיקע פינגער, וואָס וואָרענען: — געדענק! — זאָלסט קיינמאָל נישט פאַר־געסן! — יזכור!

אַרום דעם יזכור־לעמפּל זיינען געהאָנגען בילדער און צייכענונגען פון די לאַגערן, פון די געטאָס, פון די אומשלאָגס־פּלעצער, פון וועלכע עס האָט אַרויסגעהויכט מיט יידישן צער, פיין און יסורים... די בילדער האָבן דערמאָנט די שוידערלעכע ענויים, די איבערמענטשלעכע ליידן, וואָס זיי זיינען אויסגעשטאַנען, ביז זיי זיינען געלייטערטע אָוועק דעם לעצטן וועג... אויף קידוש־השם.

און אַז אינזשעניער שאַפער איז געבליבן שטיין, ווי אַ צוגעשמידטער צו די בילדער, האָט אַ חבר אים אָנגענומען פאַרן אָרעם און געזאָגט מיט אַ באַשיידן קול:

— דאָס איז אונדזער פאַרמעגן! — ער האָט אים אָנגעוויזן אויף די פּאָליצעס ביכער, ספרים, זעלטענע כתב־ידן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט מיט טיפער חכמה אונטער די גלעזערנע שאָפעס, ווי דאָס קלוגע שמייכלען פון פקחותדיקע זקנים. די אויפשריפטן אויף די רוקנס, די נעמען פון די מחברים, האָבן דערמאָנט פון יידיש וויסן, יידישן גייסט, פון אַלטע יידישע קוואַלן, פון וועלכע אַזויפיל דורות האָבן געשעפּט מוט, גלויבן און בטחון...

אינזשעניער שאַפער איז צוגעגאַנגען צו די פּאָליצעס, אַ פּיר געטאָן מיט דער האַנט איבער די רוקנס, ווי ער וואָלט זיך באַגריסט מיט אַלטע פריינד, מיט וועלכע ער האָט זיך נישט געזען אַ לאַנגע צייט. אַ חבר האָט אים פאָרגעשטעלט פאַרן עולם: — איינער פון די געציילטע יידישע אינטעלעקטואַלן, וואָס אינטערעסירן זיך מיט יידישע פּראָבלעמען, וועט אַרויסזאָגן זיין מיינונג וועגן „קיום און המשך".

אינזשעניער שאַפער האָט אַרויסגענומען די פּאַפּירן פון פּאָרטפעל און אָנגעהויבן לייענען מיט אַ שטיל, נישט דרייסט קול זיין פּאָרטראַג, ברענגען ציטאַטן, מאמרים פון יידישע געלערנטע, פון יידישע גאונים און צוגעגעבן, אַז יעדער איינער פון אונדז טראָגט מיט זיך אַ טליענדיקן פונק פון די נביאים, וואָס קען צו יעדן מאָמענט זיך אָנצינדן און פאַנאַנדערפלאַקערן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זיין קול האָט זיך צעקלונגען אַלץ העכער און שטאַרקער. ער האָט מיטאַמאָל פאַרגעסן, אַז ער געפינט זיך אויף אַ בוידעם־שטיבל, מיט אַ שיטערן עולם, וואָס זיצט אויסגעזעצט צווישן די רייען האַלב־ליידיקע בענק. זיין צעוואַרעמט קול האָט איצט אָפּגעקלונגען, ווי אַ מעכטיקער רוף און וואָרענונג, וואָס זאָל דערגרייכן צו אַלע אָפּגעזונדערטע און פאַרבלאָנ־דזשעטע, וועלכע האָבן זיך דערווייטערט פון אייגענעם שטאַם... אַז זיי זאָלן זיך צוריק דערנעענטערן צו זייער מקור, און אַזוי אַרום וועלן זיי געפינען אַ תיקון צו זייער גייסטיקער אויסגעליידיקטקייט...

ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז זיין רוף שפּאַנט אַריבער די ווענט פון דעם ענגן צימער, וועקט און רופט, מאָנט און וואָרנט — נישט זיך צו פאַר־שליסן אין די אייגענע דלד־אמות, נאָר ווי די אַמאָליקע יידן, וועלכע האָבן זיך שטענדיק באַטראַכט ווי אָנגעהעריקע צום כלל ישראל, שטענדיק געטראַכט פון ציבור, מיט ערבות פון איינער צום צווייטן, ווי אַ בוים מיט

פאַנאַנדערגעוואַקסענע צווייגן און בלעטער, וועלכע ציען אַלע פון דער זעלבער יניקה, פון די זעלבע זאַפטן און שטרעקן זיך מיט דער זעלבער קראַפט צו דער ליכטיקער זון. — — —

אויף צומאָרגנס איז אינזשעניער שאַפער געזעסן אין זיין ביוראָ און געפילט אַ דערהויבנקייט אין זיין געמיט. אַן אויפטויכנדיקע פרייד ווי אַ שפּילנדיקער ניגון, איז אויפגעגאַנגען אין אים, אים אָנגעפילט מיט התרוממות־הנפש...

די הענט האָבן זיך אים נישט געלייגט עפּעס צו טאָן. די אָנגעהויבענע אַרבעטן אויפן שרייב־טיש, די צייכענונגען, חשבונות, פּלענער, די פּאַר־שיידענע אָנבאָטן, דאָס אַלץ האָט נישט קיין שום שייכות צו אים... זיינען מינדערוויכטיק אַנטקעגן די גרויסע התחייבותן וואָס ער האָט אויף זיך גענומען... — „יעדער איינער פון אונדז טראָגט אַ טליענדיקן פונק פון די נביאים" — האָט ער זיך דערמאָנט אַ געדאַנק — וואָס ער האָט ערגעץ געלייענט, יעדער פון אונדז דאַרף וויסן זיין אַחריות, זיינע פליכטן, זיין שליחות.

און ער? וואָס האָט ער ביז איצט געטאָן פאַר זיין פאָלק? באַזאָרגט מיט רענט־הייזער די אויפגעקומענע גבירים! אויף דעם האָט ער אַוועק־געגעבן זיין יוגנט, אַזויפיל יאָרן אַרבעט, געזעסן גאַנצע נעכט און געלערנט, געפּאָרשט, שטודירט און איצט גייט ער ווייטער אויפן זעלבן וועג.

ער האָט זיך האַסטיק אויפגעהויבן פון זיין פּלאַץ, אָנגעהויבן שפּאַנען מיט שווערע טריט איבערן סאַלאָן, ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, ווי ער זאָל קיין זאַך נישט וועלן זען אַרום זיך און האָט זיך פאַרטיפט אין די רעיונות.

מיטאַמאָל האָט ער דערפילט, ווי עמיצער האָט אַרויפגעלייגט גוט־ברודעריש אַ האַנט אויף זיינע אַקסלען, אים אַריינגעלאַכט אין פּנים, ווי ער זאָל אָפּשפּעטן פון זיין פאַרטראַכטקייט, פון זיין פאַרחלומטקייט.

— נו ווי אַזוי איז דאָס אַ מענטש אַזוי צעטראָגן, פאַרחלומט — האָט ער גוטמוטיק געחוזקט — אָט וואַרט ער שוין אַ היפּשע צייט, וויל מיט אים ריידן וועגן אַ וויכטיקן ענין און ער איז אַזוי פאַרטראַכט, אַז ער האָט אים אַפילו נישט באַמערקט — זאָגט ער האַלב ערנסט האַלב ברוגזלעך.

אינזשעניער שאַפער עפנט די אויגן, קוקט צעטומלט, דער שפּאָטישער

געלעכטער באַליידיקט אים, רייסט איבער זיינע מחשבות, ער וויל זיך אָפּטשעפּען פון אים, ער פּרובירט זאָגן:

— ער פאַרשטייט אַז ער איז מסתמא געקומען וועגן דער געביידע, וואָס דאַרף אַרויסגעענדיקט ווערן, ער האָט אָבער אַנדערע ענינים צו דערליידיקן, זאָל ער קומען אַן אַנדער טאָג.

יענעמס לאַכנדיק פּנים ווערט ערנסט שטייף און אָנגעצויגן. ער גלאָצט אויס אויף אים אַ פּאָר משונהדיקע בייזע בליקן, ווי ער וואָלט נישט באַנומען זיינע רייד, נישט פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט צו אים... די געביידע ענדיקט זיך שוין היינט מאָרגן אויס און וועגן איין דעטאַל מוז ער מיט אים שוין ריידן, ס׳מוז היינט ווערן באַשלאָסן! ס׳איז זייער וויכטיק, שטייט ער צו צו אים, ער מוז אים אומבאַדינגט אויסהערן.

— ער וויל אַז דער פראָנט פון זיין געביידע זאָל אויסגעענדיקט ווערן מיט פאָלירטן גראַניט. דאָס האָט אים געראָטן זיינער אַ פריינד, ווייל מאַרמאָר אָדער מאָנאָליט, גיט ער אים צו פאַרשטיין, בליאַקעווען אָפּ מיט דער צייט פון דער זון, פון רעגן, אָבער פאָלירטער גראַניט איז אַן אייביקייט... הויבט ער אויף זיין קול, צוגעבנדיק מיט דעם פייערלעכקייט זיין שטים. ס׳ווערט קיינמאָל נישט אָפּגעקראָכן, ס׳בלייבט אומפאַרענדערט...

אינזשעניער שאַפער שווייגט אַ ווײַלע. קוקט אַנטקעגנאיבער מיט אַ ווייטן בליק, ווי ער זאָל זוכן אָנקניפּן די פריערדיקע מחשבות, וואָס זיינען איבער־געריסן געוואָרן מיטן פרעמדנס אַריינקומען...

דער פרעמדער איז צודרינגלעך, טרעט נישט אָפּ, שטייט קעגן אים און רעדט וועגן אייביקייט... ער וויל, אַז דער פראָנט פון זיין געביידע זאָל זיך קיינמאָל נישט ענדערן. נישט פאַרלירן דעם גלאַנץ, די שיינקייט. ער וואַרט אויף אַן ענטפער און באַגרייפט נישט זיין שווייגן.

אינזשעניער שאַפער נעמט אים אָן פאַרן אָרעם און זאָגט כמעט באַפעלעריש:

— קומט מיט מיר!

ער פירט אים אַריין אין זיין ביבליאָטעק־צימער, וווּ אַלע ווענט זיינען פאַרנומען מיט ביכער־שראַנקן, אומעטום פאָליצעס מיט ספרים, זעלטענע עקזעמפּליאַרן, אַנדערע שוין מיט אויסגעריבענע טאָוולען, געלע בלעטער, נאָר פון די רוקנס לייכטן אַראָפּ די נעמען פון די מחברים.

אינזשעניער שאַפער האָט אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט אין דער לופטן,

ווי ער וואָלט געמאַכט אַ קרייז, און אָנגעוויזן אויף די אַלטע ספרים, אויף די פּולע ביכער־שראַנקען און געזאָגט:

— איר זעט די ביכער? די ספרים? דאָס איז אייביקייט! ס'וועט אַריבערגיין הונדערטער טויזנטער יאָרן און דאָס ליכט, דאָס וויסן וועט שטענדיק באַלייכטן דעם מענטשן... איבער אַלע צייטן און איבער אַלע דורות... דאָס איבעריקע איז אַלץ שטויב, פּאָרך, צונויפגעזאַמלטע בלאָטע, זאַמד, וואָס צעקרישלט זיך, צעשיט זיך, פון אַ ליאַדע ווינטל ווערט עס צעשטויבט און צעפּאַלן...

— דאָ איז די אייביקייט! — טייטלט ער מיט דער האַנט אויף די ביכער. — פון די אַלטע ספרים, האָבן דורות יידן געשעפּט מוט, טרייסט און בטחון... האָבן זיך פאַרפּאַנצערט מיט גייסטיקער גבורה אַנטקעגן אַ רשעות־דיקער וועלט... האָבן איבערגעלעבט די ערגסטע צייטן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַז אינזשעניער שאַפער איז געבליבן אַליין, באַמערקט אַז דער פרעמדער האָט זיך שטיל אַרויסגעשאַרט, ביים אַרויסגיין אים אָנגעקוקט מיט חוזק... מיט ביטול... האָבן זיינע בליקן אָנגעהויבן אַרומקרייזן אויף די פאַרשיידענע בילדער, וואָס זיינען געהאַנגען אויף די ווענט. דאָס זיינען געווען בילדער פון יידישע געלערנטע, חכמים, אַמאָליקע גאונים און אויך דיכטער און שרייבער פון דער מאָדערנער צייט.

זיין בליק האָט זיך פאַרהאַלטן אויפן בילד פון יוסף אָפּאַטאָשו. ער איז צוגעגאַנגען נאָענט און זיך איינגעקוקט. זיין פאַרשפּיצט פּנים, זיינע שאַרפע געזיכט־שטריכן האָבן אַראָפּגעקוקט מיט פּקחות און עקשנות.

ער האָט זיך פאַרטראַכט. דאָס בילד פון יוסף אָפּאַטאָשו האָט אים געמאַכט נאָכדענקען, נאָכטראַכטן. יוסף אָפּאַטאָשו האָט געלערנט אינזשע־נעריע, האָט פאַרענדיקט גלענצנד זיין שטודיום, נאָך אַ סך יאָרן פון אָנגעשטרענגטער אַרבעט און מי — באַקומען זיין אינזשעניערן־טיטול.

און מיטאַמאָל אַזאַ איבערברוך — יוסף אָפּאַטאָשו ווערט אַ שרייבער ביי יידן. ער לעבט אויף פאַרגאַנגענע עפּאָכעס פון יידישן לעבן, פון יידישער גרויסקייט, מוט און מסירת־נפש. זיינע שילדערונגען זיינען ווי אויסגעהאַקט פון שטיין, ווונדערלעכע פיגורן און געשטאַלטן, ווי אויסגעהאַקטע פון גראַניט... ביי יוסף אָפּאַטאָשו האָט אויפגעבליצט דער פלאַם פון די נביאים... וואָס האָט געלויכטן און געשיינט...

ער האָט לאַנג געקוקט אויפן בילד, ווי ער זאָל זיך וועלן אָנגעמען מיט אָפּאַטאָשוס געוואַגטקייט און עקשנות, מיט זיין גאונות און מוט... און קוקנדיק אַזוי אויפן בילד — איז זיין באַשלוס שוין געווען געפּאַסט, באַשטימט — דער וועג אויסצופירן זיין שליחות אין יידישן לעבן...

# אַ רואיק לעבן...

מאָריס גאָלדמינץ און זין זיינען די אייגנטימער פון דעם גרויסן הורט־געשעפט, וואָס געפינט זיך אויף איינער פון די הויפּט־גאַסן פון שטאָט, אין וועלכער עס זיינען קאָנצענטרירט די גרעסטע געשעפטן, בענק, בערזע־ביוראָען און „פיליאַלן" פון אויסלענדישע פירמעס.

אַ גאַנצן טאָג גייט אָן אַ גרויסע באַוועגונג נעבן געשעפט. אויטאָס שטעלן זיך אָפּ. עס קומען וואַיאַזשאָרן. זיי גייען אַלע עלעגאַנט־פּראַנטיש אויסגעפּוצט. פירן מיט מיט זיך אַנגעשטאָפּטע וואַליזעס מיט מוסטערן און טעקעס מיט ביכלעך פאַר באַשטעלונגען און קבלות. אויסשטייגנדיק פון אויטאָ, גייען זיי מיט רעספּעקטפולע איינגעהאַלטענע טריט, האַלטנדיק גרייט דעם שמייכל אויף די ליפּן, נושא־חן צו זיין ביי די סוחרים, זיי זאָלן קענען מאַכן וואָס מער באַשטעלונגען.

עס קומען אויך צו פאָרן און שטעלן זיך אָפּ נעבן געשעפט לאַסט־אויטאָס, ס'שפּרינגען אַראָפּ פון זיי צעכראַסטעטע טרעגער־יונגען וואָס שפּאַנען מיט ברייטע רוישיקע טריט, מאַכן אָן אַ טומל, שלעפּן די פּעק אויף זייערע אַקסלען, די באַלן סחורות, די שווערע קאַסטנס. דאָס ליפערן זיי אָפּ די באַשטעלונגען, די „פּעדידאָס".

ס'קומען אויך צוגיין „אַמבולאַנטן", וואָס פאָרן אַרום אַ גאַנצע וואָך איבער די „טשאַקרעס", איבער די דערפער. זיי גייען מיט שווערע טאָפּטשענדיקע טריט. זייער גאַנג איז אַ מגושמדיקער האַמעטנער, ווי זיי וואָלטן געטראָגן אויף זיך די שווערע קוישן. זייערע קליידער ליגן אויף זיי לעפּישעוואַטע, ווי זיי וואָלטן געווען געבאָרגטע. זייערע פּנימער זיינען צעמאָרשטשעט פון שטענדיקן אַרומגיין אויף דער זון, ווינט און רעגן, און אין זייערע אויגן גל'יט אַ פאַרבאָרגן קנאה־פייערל, וואָס זיי דאַרפן אַזוי פאַר־שוואַרצט ווערן און זיין נע־ונד, זיין שטענדיק אונטערוועגנס, און דאָ די שטאָטישע סוחרים לעבן אַ גוטן טאָג, שטייען אויסגעפּוצטע אויסגעפּראַב־

טעוועטע אין די ביוראָען פון זייערע געשעפטן, טוען גאָרנישט און גיבן באַפעלן די אָנגעשטעלטע.

מאָריס גאָלדמינץ, אַז ער דערזעט די „אַמבולאַנטן", די קונים, ווערט אינגאַנצן צוגעלאָזן. עס גייט אַוועק פון אים די שטייפקייט, די אָנגעצויגנקייט. ער דערמאָנט זיך, אַז מיט יאָרן צוריק איז ער אַליין געווען אַן „אַמבולאַנט", זיך אַרומגעשלעפּט איבער די וועגן, אין איין האַנט אַ קויש און אויף די אַקסלען אַ שווערן פּאַק, וואָס האָט אים געצויגן צו דער ערד, פלעגט זיך איינרייסן אין האַרצן.

ער ווערט מיטאַמאָל סענטימענטאַל, נאָכגיביק. און אַז זיי הויבן זיך אָן דינגען, לאָזט ער זיי גלייך אַראָפּ די פּרייזן. די קינדער, וואָס אַרבעטן צוזאַמען מיט אים אין געשעפט, זיינען שותפים, ווערן מלא רציחה, געוואַל־דעווען, בייזערן זיך אויפן טאַטן, פאַרוואָס ער פאַרטאַכליעוועט די סחורה, לאָזט אַראָפּ פון די מאַרקירטע פּרייזן אין דער צייט ווען סחורה ברענט אַ פייער, שטייגט פון טאָג צו טאָג...

מאָריס גאָלדמינץ ווערט בלייך, פילט זיך געטראָפן וואָס זיינע זין פאַלן אַזוי אָן אויף אים, נישט ווי ער וואָלט געווען זייער טאַטע, נאָר עפּעס אַ שיק־יינגל, און זיי — די באַלעבאַטים. ער פילט זיך איבעריק, דער־נידעריקט און באַליידיקט, וואָס זיי זיינען אים מזלזל פאַר פרעמדע מענטשן און עס ווילט זיך אים אַ סך מאָל לאָזן אַלץ מיט אַן אַנדער און אַנטלויפן ווו די אויגן וועלן אים טראָגן אַבי נישט צוזען זיין דערנידערונג, זיין שפלדיקייט... און זיין גרויס געשעפט, זיין פאַרמעגן, וואָס ער מיטן וייב האָבן איינגעשאַפט, דעראַבערט נאָך אַזוי פיל יאָרן מי, אַרבעט, זעט אים אויס ווי אַ שטער, אַ מניעה, ער זאָל זיך קענען פון אַלץ באַפרייען... ווען ער פאַרמאָגט גאָרנישט — טראַכט ער — וואָלט נישט געווען אַזאַ קנאה־שנאה פון איינעם צום צווייטן...

מאָריס גאָלדמינץ און פרוי, —ביידע שוין אַריבער די פופציק, אויס־געהאָרעוועטע, אויסגעמאַטערטע און אויסגעשעפּטע פון אַזוי פיל יאָרן שווערער אַרבעט, איינגעשפּאַנטע אין יאָך... — האָבן געבענקט נאָך אַ רואיק לעבן... ווען זיי זאָלן זיך קענען באַפרייען פון אַלע פליכטן, דאגות און זאָרגן. און האָבן זיך נישט געקענט אַרויספּלאָנטערן פון די געשעפטן, פון געשפּאַן פון דער אַרבעט.

די אונטערגעוואַקסענע קינדער, וואָס זיינען אַלע שוין געווען פאַרהייראַט

און זיינען געוואָרן שותפים אין געשעפט, האָבן פאַרשאַפט טאַטע־מאַמע עגמת־נפש און זאָרגן. איינער דעם אַנדערן האָט אויף די אויגן נישט פאַרטראָגן, נישט טאָלערירט דאָס מינדעסטע קלייניקייט, זיך אַרומגעריסן נאָכאַנאַנד... זיך אַרומגעקריגט צווישן זיך.

ערגער איז געווען מיט די ווייבער, מיט די שניר וואָס האָבן געזוכט איבערצושטייגן איינע די אַנדערע אין קליידער, נאָכטאַנצן די מאָדעס, איינהאַנדלען אַלע מאָל נייע שמאָכטעס, ווי זיי וואָלטן געווען מאַנעקינס, וואָס שטייען אין די שוי־פענצטער צו ווייזן די נייע מאָדעלן, מאָדעס. איינע קעגן די אַנדערע האָבן געזוכט זיך אַרויסצוהויבן מיט דעם, און האָבן אַרויסגערופן קנאה־שנאה, קריגערייען און מחלוקתן.

נאָך דער אַרבעט קומט מאָריס גאָלדמינץ אַן אויפגערעגטער, אַ פאַר־ביטערטער, אַ צעקלעמטער פון אַ גאַנצן טאָג, און טראַכט, אַז ער וועט עס מער נישט קענען איבערטראָגן די בזיונות, די ערגערנישן און די עגמת־נפשן, און אַז דאָס וואָס די קינדער לעבן נישט בשלום — פאַרקירצט אים די יאָרן, אַז ער וועט עס לאָזן אַלץ מיט אַנאַנדער, זאָל זיין וואָס עס וויל... — ער גייט מער נישט אין געשעפט. נאָר אַז עס קומט דער פרימאָרגן, ווי ער שטייט נאָר אויף — ציט אים ווי אַ מאַגנעט און ווי ער דערנעענטערט זיך נאָר צו דער גאַס און ער זעט פון ווייטן איבער דעם געשעפט די אַנגעצונדענע נעאָן־ליכטער, וואָס לייכטן מיט אַזאַ צוציענדיק יום־טובדיק ליכט, די גרויסע פייערדיקע אותיות רופן אויס שרייאיק צו אַלע דורכגייער: הורט־געשעפט פון מאָריס גאָלדמינץ און זין... און ווי ער טרעט נאָר איבער דאָס געשעפט און עס הייבט זיך אָן די שטענדיקע באַוועגונג פון די קונים, פון די איבערפאַרקויפער, וואָיאַזשאָרן און אָנגעשטעלטע — פאַרגעסט ער אין אַלץ. ער שטעלט זיך אַוועק מיט דער גאַנצער ערנסטקייט און פאַרטיפט־קייט אונטערן טאַמבאַנק, פילט זיך מעשה באַלעבאָס, נעמט אויף וואָיאַזשאָרן, פאַרטיפט זיך אין די מוסטערן און גיט אַרויס באַפעלן...

ס׳איז געווען אָוונט־צייט, די שעה פון שליסן דאָס געשעפט. נאָך אַן איבעררייד, וואָס די זין האָבן געהאַט צווישן זיך, זיינען זיי אַרויס אויפ־גערעגטע ווי אָנגעדראָלענע העגער גרייט זיך דורס זיין, — האָט מאָריס גאָלדמינץ זיך אַרויסגעכאַפט פון געשעפט, ווי ער וואָלט זיך אַרויסגעראַ־טעוועט פון אַ שריפה... די זידלערייען, דאָס באַליידיקן און אויפוואַרפן זיך איינער דעם אַנדערן און דאָס פאַרלירן דעם גאַנצן דרך־ארץ צו אים,

נישט רעספעקטירן זיין אָנוועזנהייט — האָט אים פאַרשאַפט גרויס צער און יסורים. ער איז אַרויס מיט איילנדיקע טריט, ווי ער זאָל וועלן וואָס גיכער אַנטלויפן, און אַז איינער פון די זין איז אים נאָכגעלאָפן, האָט אים געררופן, אַז ער וויל אים צופירן אין שטוב מיט זיין אויטאָמאָביל, האָט מאָריס גאָלדמינץ אַ מאַך געגעבן מיטן קאָפּ, מיט אַ קאַטעגאָרישן — ניין! און איז געגאַנגען אַליין צופוס, ווי ער זאָל מיט דעם אויסדריקן זיין פּראָטעסט, זיין ווידערווילן צו אַלץ...

אַריינקומענדיק אין שטוב, איז מאָריס גאָלדמינץ אַ פאַל געטאָן אויף אַ ווייכן שטול, אַ צוזאַמענגעבראָכענער, אַ דערדריקטער. ער האָט געהאַלטן פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און געאָטעמט מיט אַ פאַרשטיקן אָטעם, געטאַמעוועט אין זיך דאָס געוויין, וואָס האָט זיך געריסן מיט אַלע כוחות פון זיין צעווייטיקט געמיט, פון זיין געפייניקטער נשמה... שטענדיק — טאָג־איין טאָג־אויס האָבן זיך איבערגעחזרט די זעלבע סצענעס. די זעלבע אויפ־רעגענישן און פאַרדרוסן. און ווי ער זאָל נישט זוכן עפּעס אַן עצה, טראַכטן וואָס צו טאָן, — האָט ער נישט געפונען קיין אויסוועג.

די פרוי, וואָס פאָרעט זיך אין קיך, קומט האַסטיק צו לויפן, קוקט דערשראָקן צו איר מאַן, וואָס זיצט אַן איינגעקאָרטשעטער, אַן איינ־געקנוילטער, מיט טיף־איינגעגראָבענע אויגן, אָטעמט שווער און איז בלאַס, דורכזיכטיק. זיין טיפער איינגעגראָבענער בליק קוקט אַרויס הילפלאָז און אומבאַהאָלפן, ווי ער וואָלט געזען פאַר זיך אַ טיפן אָפּגרונט... און עס דראָט אים די געפאַר איינצוזינקען...

— ווי איז מיר! — שרייט זי אַרויס וויינענדיק און ברעכט די הענט פאַרצווייפלט — שוין ווייטער מסתמא געהאַט אַן אויפרעגונג אין גע־שעפט. — זי לויפט, ברענגט צו טראָגן אַ גלאָז וואַסער, האַלט אים פאַרן קאָפּ און הייסט אים געבן עטלעכע שלוקן. מיט האַסטיקע נערוועזע באַוועגונגען קנעפּלט זי אים אויף דאָס העמד, אים זאָל זיין פרייער. ברענגט אַלקאָהאָל און הויבט אים אָן איינרייבן די שלייפן, דאָס פּנים, אַרום ברוסטקאַסטן, און אַז אים ווערט עטוואָס פרייער, זעצט זי פאָר מיט אַ ציטערדיק קול — איך האָב זיך געבעטן ביי דיר ווי ביי אַ גזלן, ווי גאָט איז דיר ליב, אויב דו ווילסט נאָך לעבן אַביסל יאָרן אָן האַרצ־ווייטיק און אָן בלוטצאַפּעניש — פאַרקויף דאָס געשעפט, ליקווידיר! פאַרברען! טו וואָס דו קענסט, וועלן זיי דאַן פאַרשפּאָרן זיך אַרומהרגענען

און דיר פֿאַרקירצן דאָס לעבן! האָבן נישט קיין רחמנות אַפֿילו אויפֿן שוואַכן טאַטן... — גיט זי צו און פֿאַרגייט זיך אין אַ געוויין.

— פֿאַרקויף! פֿאַרקויף! — חזרט ער איבער אירע ווערטער. — ס׳איז לייכט דיר צו זאָגן פֿאַרקויף, — אָפּגעהאַרעוועט אַ גאַנץ לעבן. איינגעצ־פֿונדעוועט אַ געשעפֿט מיט אַ נאָמען, אַריינגעלייגט אין דעם געזונט, כּוחות, מי, האָרעוואַניע, און איצט אַז איך האָב דאָס אַרויפֿגעפּירט אויפֿן וועג — גיי נעם מאַך פֿון דעם אַ תּל, צעבערעך און צעשטער אַלץ...

— און אַזוי איז בעסער? — וויל די פֿרוי נישט נאָכגעבן, אויפֿוווייזן אַז זי איז גערעכט — דו ווערסט דאָך אויס מענטש. גיב אַ קוק ווי דו זעסט אויס, שטענדיק גייסטו אַרום נערוועז, צעקלעמט, דאָ פֿון די קליענטן, דאָ פֿון די קינדער, אַבי דו האָסט אַ געשעפֿט. אַ גדולה האָט מיך באַטראַסקעט, שמעיה איך האַנדל, ער האָט אַ געשעפֿט, אָבער וואָס האָסטו פֿון דעם פֿרעג איך דיך? האַרצווייטיק, דאגות און קלעמענישן. אַנדערע קינדער וואָלטן זיך געדאַרפֿט שעצן גליקלעך... זיי האָבן דיך געדאַרפֿט רעספּעקטירן, טראָגן אויף די הענט... איז דאָך ביי אונדז פּונקט פֿאַרקערט. וואָלט איך פֿון אַלץ געמאַכט אַ סוף און גייט קינדערלעך, טרעט זיך אויס אַליין אַ וועג...

— אָבער וואָס הייסט נעמען אַזאַ איינגעאַרבעט געשעפֿט מיט אַזאַ נאָמען און מאַכן פֿון דעם אַ תּל?.. —. וויל ער נישט נאָכגעבן. דאָס וואָס מיר האָבן אויפֿגעבויט אַזוי פֿיל יאָרן — גיי מיט איין מאָל פֿאַרטאַכליעווע דאָס, מאַך פֿון דעם גאַרנישט... וואָס וועט זיין מיט זיי — מיט די קינדער? זיי האָבן דאָך פֿון דעם פּרנסה — זוכט ער אויס אַ וואָגיקן אַרגומענט.

— אַז זיי קימערן זיך נישט וועגן דיר... וועגן דיין געזונט — ביסטו נישט מחויב צו טראַכטן וועגן זיי... — ענטפֿערט די פֿרוי בייז און סאַר־קאַסטיש.

— אַ סך מאָל ווערט מיר דער קאָפּ צעשפּאָלטן פֿון טראַכטן און קלערן, איך ווייס נישט וואָס מ׳קען דאָ טאָן, ווי אַזוי מ׳קען זיך אַן עצה געבן, — זאָגט ער מיט אַ געבראָכענער הילפֿלאָזער שטים...

די פֿרוי שווייגט אַ ווײַלע, איז פֿאַרטיפֿט אין זיך. אירע געדאַנקען אַרבעטן אינטענסיוו. מיט אַמאָל גיט זי אַ פּאַטש מיט די הענט פֿון דעם איינפֿאַל וואָס איז איר געקומען פּלוצים אויפֿן געדאַנק. זי גייט צו נאָענט

צום מאַן, לייגט אַרויף צערטלעך איר האַנט אויף זיין אַקסל און רופט אויס מיט אַן אויפמונטערנדיקער שטים פול מיט פרייד:

— הער מיך אויס, איך האָב אַ פּלאַן! אָבער דו מוזט מיר צוזאָגן, אַז דו וועסט געבן דיין הסכמה, אַז מירן דאָס אויספירן — גיט זי אַ באַדינג — מיר וועלן מאַכן אַ לוסטרייזע! אונדזערע פריינד האָבן אונדז שוין לאַנג געשריבן, פאַרבעטן צו קומען צו זיי. מעגן מיר זיך פאַרגינען זיך אָפּצורוען עטלעכע מאָנאַטן. דאָס וועט דיר מאַכן גוט און מיר וועלן זיך באַפרייען פון די אַלע דאגות און זאָרגן... דו וועסט אַראָפּוואַרפן דעם יאָך פון דיינע פּלייצעס און דו וועסט קומען צו זיך...

מאָריס גאָלדמינץ צענעמט זיינע ביידע הענט אין דער לופטן, ווי ער זאָל מיט דעם זשעסט אויסדריקן זיין צווייפל — צי ער וועט קענען דורכפירן דעם באַשלוס:

— ס׳איז פאַראַן אַזוי פיל צאָלונגען, פאַרפליכטונגען, חובות — איך האָב מורא צו לאָזן אַלץ אויף גאָטס באַראָט... אויף הפקר...

די פרוי לאָזט אים נישט אַרגומענטירן. זי וויל פון גאָרנישט וויסן. זי האָט שוין זיין צושטימונג פון פריער. זיי מוזן איינמאָל פאַר אַלע מאָל זיך אַרויסרייסן און זיך באַפרייען כאָטש אויף אַ געוויסער צייט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מאָריס גאָלדמינץ איז געשטאַנען אַ צעטראָגענער, אַ צעיאָכמערטער אין מיטן צימער פון זיין לוקסוס־דעפּאַרטאַמענט, ווו אַלץ האָט געפעכלט און געשימערט פון ווייסקייט און שפּיגלדיקייט און איז געווען דורכגענומען מיט אַן אומרואיקן רייזע־פיבער. אומעטום זיינען געלעגן אָנגעוואָרפן זאַכן, וועש, קליידער, פאַרשיידענע חפצים, וואָס ער האָט איינגעקויפט צו דער רייזע. די צעעפנטע וואַליזעס זיינען געשטאַנען גרייט און געוואַרט מ׳זאָל אין זיי אָנפילן די אַלע רייזע־זאַכן, וואָס מ׳דאַרף מיטנעמען אויף דער לאַנגער רייזע און זיי דערנאָך פאַרפּאַקן. אַ באַזונדערע גרויסע וואַליזע איז געשטאַנען אויבנאָן אויפן טיש. אין איר האָט מען געדאַרפט איינפּאַקן פאַרשיידענע מתנות, וואָס מ׳האָט געדאַרפט מיטפירן צו די קרובים און פריינד.

מאַן און פרוי זיינען ביידע געווען אומרואיק, נערוועז. זייערע מידע פאַרטושטע בליקן האָבן איצט אויפגעגליט און געפיבערט, ווי עס וואָלט אויפגעפלאַמט אין זיי אַ פאַרבאָרגן פייערל... ביידע האָבן זיך געגרייט

צו דער לוסטרייזע מיט יוגנטלעכן ברען. זיך געגרייט אָפּצונעמען פֿאַר דער גאַנצער צייט...ביידע האָבן געגאַרט זיך צו דערווייטערן פֿון דעם אַרום... פֿון דעם טומל, הו־האַ, פֿון עול פֿון די געשעפֿטן.

— די פּילן, די פּילן! פֿאַרגעס נישט איינצופּאַקן — האָט דאָס ווייב איבערגעחזרט עטלעכע מאָל ווען דער מאַן האָט געהאַלטן ביים פֿאַרמאַכן די וואַליזעס, — און נעם מיט גענוג געלט! שוין גענוג געקאַרגט אַ גאַנץ לעבן! — האָט זי צוגעגעבן סאַרקאַסטיש, ווי אַן איבערצייגנדיקן מאָטיוו — ער זאָל נישט קאַרגן און נישט דאַרפֿן זיין אויסגערעכנט אויף דער רייזע...

און אַז ביידע זיינען שוין געווען אָנגעטאָן, די זאַכן פֿאַרפּאַקט, די וואַליזעס גרייט, און מען האָט זיך געגרייט צום עראָדראָם, האָבן מאַן און פֿרוי זיך געפֿילט אויפֿגעלייגט, זאָרגלאָז און פֿריי... די פֿאַרגאַנגענע שווערע יאָרן האָבן זיך אָנגעהויבן דערווייטערן, זיי האָבן געזען פֿאַר זיך שוין דאָס נייע לאַנד, פֿריינד, קרובים און באַקאַנטע, נייע מענטשן, אַ נייע סביבה, וואָס האָט זיי געלאָקט, צוגעזאָגט רו, פֿאַרוויילונג און גענוס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָנקומענדיק אין נייעם לאַנד — צו די קרובים און פֿריינד, וואָס זיי האָבן שוין נישט געזען יאָרן־לאַנג, איז די פֿרייד געווען אין לשער. אַלע מאָל האָבן זיך געיאַוועט נייע קרובים, נייע פֿריינד, אַלע מאָל האָט אַן אַנדער קרוב זיי פֿאַרבעטן צו אַ שמחה, צו אַ יום־טוב, עס האָבן זיך אָנגעהויבן אויפֿנאַמעס, באַגעגענישן, מאָלצייטן, באַנקעטן, צוזאַמענקונפֿטן. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז די קרובים האָבן זיך געריסן, געאַמפּערט צווישן זיך — ווער זאָל פֿריער פֿאַרבעטן די חשובע געסט. יעדער איינער האָט געזוכט איבערצושטייגן, אויפֿצונעמען זיי מיט די שיין־צוגעגרייטע טישן, מיט די מאָלצייטן און געריכטן, מיט די פֿיין־פֿאַרפּוצטע טאָרטן און ווייַנען, מיט די אויסגעצאַצקעוועטע מאַיאָנעזן. אומעטום האָט מען זיי באַגעגנט מיט אויפֿמערקזאַמקייט, מיט פֿריילעכקייט, מיט שמייכלענדיקע פּנימער, געזוכט נושא־חן זיין...

מאָריס גאָלדמינץ און פֿרוי האָבן זיך געשפּירט יינגער. עס זיינען מיט אַמאָל אַוועק פֿון זיי די אַלע מיחושן, די מידקייטן, אַלע חולאתן, וואָס האָבן זיי דערקוטשעט די אַלע יאָרן — זיינען פֿאַרשוווּנדן ווי דורך אַ כּישוף, צוגענומען ווי מיט דער האַנט. די פֿריילעכקייט פֿון דעם אַרום האָט אָפּגעשטופּט אין אַ זייט אַלע זאָרגן און דאגות...

מאָריס גאָלדמינץ איז געווען גערירט, צענומען פון די אַלע אויפנאַמעס, באַגעגענישן, באַנקעטן, ער האָט צעפירט די הענט, געוויזן זיין ברייט האַרץ, זיין אָפענע האַנט, אַרויסגעהאָלפן אַ נויטבאַדערפטיקן קרוב, געטיילט מתנות אויף רעכטס און אויף לינקס, געוואָלט מיט דעם אויסדריקן און אַרויסווייזן זיין דאַנקבאַרקייט... זיין גרויסמוטיקייט... זיין ברייטהאַרציקייט...

אָוונטצייט, ווען מאַן און פרוי זיינען געלעגן באַרוישטע אויפן געלעגער, עמאָציאָנירטע און אויפגעהייטערטע, האָט די פרוי אים שטילערהייט געפרעגט:

— האָסט כאָטש מיטגענומען גענוג געלט אויף דער גאַנצער רייזע?

מאָריס גאָלדמינץ האָט ווייליונגעריש אַ שמייכל געטאָן, אַרויסגענומען פון קעשענע אַ ביכל טרעוולער־טשעקן, מיט אַ טריומפירנדיקן זשעסט דאָס אויפגעהויבן אין דער הויך און געזאָגט:

— זעסט דאָס ביכל טשעקן? איצט וועלן מיר גאָרנישט קאַרגן, ביז אַ סענט וועלן מיר אויסגעבן. מיר וועלן אָפּנעמען פאַר דער גאַנצער צייט, איך וועל מער נישט זיין פאַרנאַרט...

אויפן צווייטן טאָג האָבן מאָריס גאָלדמינץ און פרוי, וועלכע זיינען איינגעשטאַנען ביי זייערע קרובים, זיך אַריינגעצויגן אין אַ לוקסוס־האָטעל נעבן ברעג ים, זיך געגרייט צו געניסן מיט דער פולער האַנט פון דער נאַטור, פון דעם לעבן, זיך לאָזן ווויילגיין.

ס'איז געווען אין סאַמע רעכטן פלאַזשע־סעזאָן, ווען ס'קומען טוריסטן פון אומעטום צו געניסן ביים ברעג ים. וואַרפן אַראָפּ פון זיך דעם יאָך, די דאגות און ווערן פריי, הפקרדיק, זאָרגלאָז ווי קליינע קינדער...

אין די ליכטיקע פרימאָרגנס, אין די שטילע פאַרנאַכטן, פאַרטייען זיך ביים ברעג ים די אָנלויפנדיקע ים־כוואַליעס. מיט אַ פאַרכלינעטער פרייד נעמען זיי אויף דעם קלינגענדיקן געלעכטער און זאָרגלאָזן געפּלאַפּל פון מענטשלעכע שטימען וואָס שפּאַצירן ביים ברעג ים, פאַרהילכן דעם אַרום מיט אַ טומלדיקן גערודער, מיט אַ לוסטיקן פריילעכן געפילדער.

פול מיט אַנטציקנדיקער התפעלות באַוווּנדערן זיי די אַנטבלויזטע פרויען־סילועטן, זייערע רייצנדיקע קערפּערס, פאַרברוינטע פון דער זון, לופט און ים. פון ווייטנס זעען זיי אויס ווי באַצויבערנדיקע ים־נימפעס,

וואָס כישופן אויס וווּנדערלעכע חלומות, בענקשאַפטן און פלאַטערנדיקע באַגערן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי פויגלשע צוויטשערייען, קלינגען אָפּ ביים ברעג ים די קינדישע שטימעלעך, געלעכטערס און צעיאַכמערטע שטיפערייען. די שטילע אָנקור־מענדיקע ים־ווינטלעך כאַפּן עס אויף ווי אויסטערלישע געשאַנקען, גיבן עס איבער די אָנקומענדיקע ים־כוואַליעס, וואָס טראָגן עס אַוועק מיט יובלדיקער פרייד, אויף בלאַסקעדיקע שפּיגלדיקע טאַצן פון צעשמאָלצע־נעם זילבער, באַצירט מיט פינקלדיקע בריליאַנטן. זיי טראָגן עס אַוועק ווייט אין אָפענעם רוים אין ווייטן האָריזאָנט — — — — — — — — —

אַלץ אַרום אָטעמט מיט געמיטלעכקייט, שלווהדיקייט, זאָרגלאָזיקייט און לעבנסלוסטיקייט.

מאָריס גאָלדמינץ און פרוי זיינען געלעגן אויסגעצויגענע אויף די וויג־שטולן און געפּילט אויף זיך די וואַרעמע זון־שטראַלן, די לאַשטשנדיקע ווינטלעך פון ים, דער פרייער ליכטיקער אַרום, דאָס העלע שימערירנדיקע זאַמד, וואָס האָט געפינקלט ווי געשליפענע קליינע דימענטלעך, דער ים, וואָס האָט געכישופט מיט אַ בלוילעכן אָפּגלאַנץ, האָבן אָנגעפּילט דעם אַרום מיט אַ גליענדיקן רייץ פון פאַרבן און קלאַנגען, וואָס האָט זיי אַוועקגעטראָגן אין אַ וועלט פון וווּנדערלעכע חלומות...

מיט אַמאָל איז אַ דינער פון האָטעל אָנגעלאָפן אַ פאַרסאָפּעטער, זיי געמאָלדן, אַז אַ דרינגענדיקער טעלעפאָנישער רוף וואַרט אויף זיי.

ביידע האָבן זיך האַסטיק אַ הויב געטאָן פון די וויג־שטולן דערשראָ־קענע, זיך אָנגעשטויסן אַז דער טעלעפאָנישער רוף ברענגט זיי נישט קיין גוטע בשורה... און זיי זיינען געלאָפן מיט גיכע איילנדיקע טריט צום טעלעפאָן.

מאָריס גאָלדמינץ האָט אַ נעם געטאָן דעם טרייבל און אויפגעכאַפּט אַ פרויען־קול, וואָס האָט אַריינגעהעשעט אינעווייניק, זיך פאַרגאַנגען אין אַ געכליפּ... דאָס האָט די טאָכטער איבערגעגעבן טאַטע־מאַמע אַ טרויעריקע בשורה, אַז איר מאַן איז פּלוצים פאַרשלאָפט געוואָרן, אַז זיין צושטאַנד איז זייער ערנסט, מ׳מוז טאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך אים צו ראַטעווען...



ווי אַן אַנקומענדיקע כמאַרע אין אַ העלן זוניקן טאָג, אַזוי האָט די ידיעה זיי דערשיטערט, אויפגעריסן זיי פון אַ שיינעם פאַרוויגנדיקן חלום... דער גאַנצער ליכטיקער אַרום, דער רהבותדיקער האָטעל, דאָס ווייסע פינקלדיקע זאַמד, דער כוואַליעדיקער ים, וואָס האָט געכישופט מיט בלויע פאַרבן, אַלץ האָט זיך געטוקט און זיך פאַרצויגן מיט אַ נעפלדיקער טונקל־קייט... ס׳האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז אַ געדיכטער נעפּל איז אויפגעגאַנגען, דורכגענומען דעם גאַנצן ים־ברעג. אַלע זייערע פּלענער און אויסרעכענונגען זיינען אויסגערונען... אַלץ האָט אָפּגעטראָטן, זיך גערוקט הינטערוויילעכץ, זיך דערווייטערט פון זיי מיט אַ שווינדלדיקער שנעלקייט... אין דעם נעפּל האָבן זיי געזען דאָס געשטאַלט פון זייער ווייַנענדיקער טאָכטער, ווי זי בעט זיך פאַרצווייפלט מ׳זאָל ראַטעווען איר מאַן... און דער עכאָ פון איר ווייַנענדיקער שטים הילכט אָפּ אין גאַנצן אַרום, און אין ביידנס רעיונות האָט די פאַנטאַזיע געמאָלן בילדער איינע שרעקלעכער פאַרן אַנדערן...

מאָריס גאָלדמינץ איז געבליבן שטיין אָפּהענטיק און פאַרלוירן. ער האָט געקוקט צו זיין פרוי, וועלכע איז אַרומגעגאַנגען הין און צוריק, געבראָכן מיט די הענט פון פאַרצווייפלונג, זאָרג, אומרו און אַנגסט... און נישט געקענט קומען צו זיך. ער האָט אַ וואָרף געטאָן דאָס טרייבל, אויסדריקנדיק מיט דעם זיין כעס, אַנטוישונג און זיין אומצופרידנקייט... צוגעגאַנגען צו זיין פרוי, אָנגענומענדיק זי פאַרן אָרעם, געוואָלט זי באַרויקן, איינשטילן און נישט געפונען קיין ווערטער, און געזאָגט דערנאָך מיט אַ באַדויערנדיקן קול:

— מסתמא איז דאָך אונדז נישט באַשערט צו האָבן אַ חיי־שעה... געניסן פון עפּעס... לאָמיר גיין צו אונדזער אַפּאַרטאַמענט, איינפּאַקן די זאַכן, אונדזערע וואַליזעס, מיר פאָרן גלייך צוריק אַהיים... די קינדער נויטיקן זיך אין אונדז... — — —

# אַ קינדס ליידן

די יונגע טאַטע־מאַמע האָבן זיך געשפּיגלט אין קינד, אַ קליין מיידעלע מיט אָפענע שוואַרצע אייגעלעך, פאַרשאַרצטע ליפּעלעך, דורך וועלכע ס׳האָבן אַרויסגעקוקט ווייסע שיטערע ציינדעלעך, וואָס האָבן אויסגעזען ווי אינקרוסטירטע פּערעלעך; אַז דאָס קינד פלעגט לאַכן, האָבן די ווייסע שיטערע ציינדעלעך מיטגעשמייכלט, אַרויסגעבלישטשעט פון קליינעם קינ־דישן מיילעכל.

טאַטע־מאַמע האָבן אָנגעקוואָלן פון קינד, ביידע האָבן געזען אין קינד ענלעכע שטריכן פון זיך, אייגנשאַפטן און כאַראַקטער.

— גיב אַ קוק ווען דאָס קינד שמייכלט, באַקומט זי אַזעלכע חן־גריבע־לעך פּונקט ווי דו — זאָגט דער מאַן, און גיט דער פרוי אַ צערטלעכן גלעט איבערן געזיכט.

דאָס חנדלדיקע פּנים פון דער פרוי שיינט אויף, די לאַכנדיקע חן־גריבעלעך צעגייען זיך פון תענוג.

— און מיר דוכט זיך אַז זי איז אינגאַנצן געראָטן אין דיר, אַלע זאָגן אַז ס׳איז דער טאַטע מיט די ביינער. און זי האָט דיין כאַראַקטער, דיין עקשנות, זי מוז שטענדיק אויספירן אירס, זי וויל מיך קיינמאָל נישט פאָלגן. אַ סך מאָל רייס איך מיר אויס דאָס האַרץ, און זי קוקט אויף מיר און לאַכט מיט די שיטערע ציינדלעך, ווי זי וואָלט זיך גערייצט מיט מיר — וויל די פרוי זיך באַקלאָגן.

— אַ קינד בייט זיך, זי וועט ווערן עלטער וועט זי מער פאַרשטיין, — וויל דער מאַן זי פאַרטיידיקן — און זי איז דאָך אַ בית־יחידקע, אַלע גיבן איר נאָך, פאַרוואָס זאָל זי דיך פאָלגן?

— ביסט גערעכט — זאָגט די פרוי און פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע — איין איינציק קינד האָדעוועט זיך נישט גוט, ס׳ווערט צעפּיעשטשעט, קאַפּריזנע, מ׳גיט דאָס אַלץ נאָך, דערנאָך אַז ס׳ווערט עלטער ליידט דאָס

פון דעם, ס׳באַקומט פאַרשיידענע קאָמפּלעקסן וואָס ס׳איז שווער דערנאָך אויסצוואָרצלען.

דאָס קינד באַמערקט אַז טאַטע־מאַמע ריידן צווישן זיך, זיינען אַזוי פאַרטאָן אין שמועס, אַז זיי באַמערקן זי אַפילו נישט, לייגן נישט קיין אַכט אויף איר, פילט זי זיך געקריוודעט, זי טוט אַלץ אויף צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון טאַטע־מאַמע, לאָזט זיי נישט ריידן, און אַז ס׳געלינגט איר נישט, הויבט זי אָן זיך טוליען צו דער מאַמען, מאַכט זיך שלעפעריק. בעט זיך ביי דער מוטער אַז זי זאָל איר זינגען איילינע, ליוליע, שטענדיק פאַרן שלאָפן דאַרף מען איר זינגען.

די מוטער נעמט זי אויף די הענט, טוליעט זי צו זיך, הויבט זי אָן פאַרשלעפערן, און אַז דאָס קינד הערט דער מוטערס זינגענדיק קול, וואָס נעמט זי איין, ווערט זי באַרואיקט; איצט איז איר גוט, זי האַלט פעסט אַרומגענומען די מוטער און דרימלט ביסלעכווייז איין.

ביידע זעצן פאָר דעם איבערגעריסענעם שמועס.

— צוויי קינדער האָדעווען זיך אַ סך בעסער, — זאָגט די פרוי — מ׳ציטערט נישט און מ׳פלאַטערט נישט ווי איבער איין און איינציק קינד, און אַז ס׳וועט קומען אַ ברודערל, וועלן מיר דאָך אַוודאי זיין צופרידן. — אַ גליקלעכער שמייכל שטראַלט אַרויס פון אירע אויגן, די חן־גריבלעך לאַכן מיט, צעגייען זיך פון פרייד.

— דאָס קינד איז ערשט אַלט אַ פאָר יאָר, וועלן מיר ווידער ווערן צוגעבונדן צום שטוב. מיר וועלן אין ערגעץ נישט קאָנען אַרויסגיין פאַר־ברענגען. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? — וויל דער מאַן זיך קעגנשטעלן.

— זיי וועלן זיך האָדעווען ביידע צוזאַמען, — וויל די פרוי אים איבער־צייגן, — און דערנאָך, אַז ס׳וועט אַריבערגיין אַ פאָר יאָר, די קינדער וועלן ווערן גרעסער, וועלן מיר ווידער ווערן פרייע מענטשן, מיר וועלן זיין יונגע טאַטע־מאַמע.

די פרוי דערנעענטערט זיך צו אים, פאַרוואַרפט אירע אָרעמס אַרום זיין האַלדז, קוקט אים אַריין אין די אויגן מיט אַ שטומען געבעט, זי טוליעט זיך צו אים, איר אָפן מויל ציטערט פון באַגער, אירע הייסע ליפּן בריען אים, פאַרשיכורן אים.

דאָס טונקעלע צימער ווערט דערנאָך אָנגעפילט מיט צערטלעכע שעפּ־טשערייען, ווי אַ שטילער וואָרקען פון טויבן. זי הערט אים נישט אויף

צו קושן נאָכאַנאַנד, ביז ס׳ווערט שטיל. אַ מידע רואיקייט, צעלייגט זיך איבערן צימער, אַלץ ווערט אַרומגענומען מיט אַ פאַרוויגנדיקער שלווה...



ס׳איז אַריבער אַ שטיקל צייט. דאָס קליינע מיידעלע האָט באַמערקט אַז ס׳איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין שטוב. ביז אַהער איז זי געווען אַלעמענס ליבלינג, טאַטע־מאַמע האָבן זיך געשפּילט מיט איר אין דער פריערער צייט, אַרויסגעוויזן איר צערטלעכקייט און ליבשאַפט. איצט באַמערקט זי, אַז זיי ריידן אַ סך מאָל צווישן זיך שטיל, שושקען זיך זי זאָל נישט הערן, און דער טאַטע איז איצט מער אויפמערקזאַם צו דער מאַמען, לאָזט זי זיך נישט איינבייגן, נישט טאָן קיין שום שווערע אַרבעט, און קוקן זיך איבער אַ סך מאָל, ווי זיי וואָלטן אויסבאַהאַלטן פאַר איר אַ סוד... און די מאַמע, וואָס איז פריער געווען אַזוי רירעווודיק, אַרומגעלאָפן אַ גאַנצן טאָג פאַרנומען מיט דער אַרבעט, איז איצט אַנדערש, זי באַוועגט זיך שווער, גייט מיט אַ מאָדנעם גאַנג און בלייבט אַ סך מאָל זיצן ווי זי וואָלט געווען זייער מיד.

טאַטע־מאַמע ריידן אַ סך מאָל צווישן זיך וואָס זי קאָן נישט פאַרשטיין. זי פילט אָבער אַז מ׳פּלאָנט עפּעס קעגן איר... זי כאַפּט אויף אַ סך מאָל דאָס וואָרט „ברודערל”, „קינד” און זי פאַרשטייט, אַז אינגיכן וועט זי שוין נישט זיין די איינציקע אין שטוב, און טאַטע־מאַמע וועלן זי שוין נישט ליב האָבן ווי פריער.

דאָס קינד פאָלגט נאָך די מאַמע, באַטראַכט איר פיגור, איר גאַנג און פאַרקלערט זיך, די שוואַרצע אויגעלעך ווערן אומעטיק, די שיטערע ציינדעלעך שמייכלען מער נישט ווי פריער, זי ענטפערט אומווייליק אַז מ׳פרעגט זי עפּעס, זי טראָגט אַ כעס אויף טאַטע־מאַמע, אויף אַלעמען.

די יונגע טאַטע־מאַמע וואָס באַמערקן די ענדערונג אין קינד, גייען אַרום פאַרדאגהט, זוכן זי צו צעשטרייען. דער טאַטע נעמט זי אָן פאַרן הענטל און הויבט אָן אַרומלויפן מיט איר איבערן צימער. דאָס קינד בלייבט ערנסט, שווייגט פאַרביסן, ווי ס׳וואָלט זי נישט פאַראינטערעסירט די שפּיל, נאָר זי זוכט אויסצודריקן איר פּראָטעסט...

דער פאָטער נעמט זי אָן פאַרן גאָמבעלע, קוקט איר אַריין אין די פאַרטרערטע אויגעלעך און פרעגט:

— נו לייקעלע, ווייז ווי אַזוי איז איצט דער מאַמעס גאַנג? ווי אַזוי גייט די מאַמע?

דאָס קינד גיט זיך אַ שטעל אַוועק, סטאַרטשעט אויס דאָס בייכל פאָרויס און הויבט אָן גיין מיט אַ וויגנדיקן גאַנג.

ביידע שיסן אַרויס מיט אַ הילכיקן געלעכטער, קוועלן אָן פון קינדס חכמה.

און אַז ס'גייט אַריבער אַ שטיקל צייט, באַמערקט דאָס קינד אַז די מאַמע האָט זיך אינגאַנצן געביטן, דאָס פּנים איז איר מיט פלעקן, געשוואָלן, קאָן קוים אַרומגיין איבערן שטוב, ליגט מערסטנטייל און רוט. און אַז זי גייט צו צו איר און וויל זי עפּעס פרעגן, האַלט זי זי אין איין קושן און גלעטן.



אין אַ פרימאָרגן, ווען דאָס קינד איז אויפגעשטאַנען, איז די מוטער שוין נישט געווען. דער פאָטער וויל זי איינבעמען, גיט איר אָן פאַרשיידענע תירוצים, אָבער דאָס קינד קאָן זיך נישט באַרואיקן, גייט אַרום אַ גאַנצן טאָג פאַרקלערט, צעקלעמט. איצט פאַרשטייט זי אַז דער מאַמעס אַוועקגיין האָט אַ שייכות צו יענעם סוד, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן זיך שטענדיק באַמיט אויסצובאַהאַלטן פאַר איר, און וואָס האָט ביי איר אַרויסגערופן אַזויפיל פאַרדרוס און מורא, אַז אַן אַנדער קינד וועט איצט פאַרנעמען איר פּלאַץ אין שטוב, און אין איר וועט מען אינגאַנצן פאַרגעסן.

אין אָוונט קאָן זי נישט אַנטשלאָפן ווערן. דער פאָטער בלייבט אַ לאַנגע צייט נעבן איר בעטל, האַלט זי פאַר די הענטלעך, גלעט זי איבערן קעפּל, פאַרציט שטיל אַ וויג־ליד, דאָס קינד הויבט אָן דרימלען, שלאָפט ביסלעכ־ווייז איין.

אויפצומאָרגנס איז דער פאָטער אַריינגעלאָפן אַ צעיאַכמערטער, אַרומ־געכאַפּט דאָס קינד, זיך אָנגעהויבן דרייען מיט איר איבערן צימער, און קושנדיק איר געזאָגט מיט פרייד.

— ווייסט לייקעלע? האָסט שוין אַ ברודערל, אַ קליינינקן אַזאַ, אַ פּיטשעמאָנטשיקל, היינט וועלן מיר גיין אָפּנעמען די מאַמען און אויך ברענגען דאָס ברודערל אַהיים.

דאָס קינד האָט אַ ציטער געטאָן, אירע אויגלעך זיינען געוואָרן פאַר־

טרערט, שרעק און נייגעריקייט האָבן זיך צונויפגעמישט אין קינדערשן מוחל פאַר דעם ווייטערדיקן וואָס וועט געשען.

זי מיטן טאַטן זיינען געגאַנגען מיט שנעלע טריט, און דערנאָך צוגע־קומען צו אַ גרויסער ווייסער געביידע מיט אַן אַ שיעור פענצטער, און אַז זיי זיינען אַרויף אויף די טרעפּ, איז די מוטער געזעסן אויף אַ באַנק און געוואַרט, זי האָט געטוליעט צו זיך דאָס איינגעוויקלטע קינד וואָס זי האָט געהאַלטן אויף די הענט, איר אויסגעבלייכט פּנים האָט גוטמוטיק געשמייכלט צו זיי.

דאָס קינד האָט זיך אַ ריס געטאָן פאָרויס, געלאָפן דער מאַמען אַנטקעגן, און אַז די מוטער האָט זיך אָנגעבויגן צו איר, האָט דאָס קינד זיך באַגעגנט מיט אַ קליין שלאָפנדיק פּנימל וואָס האָט אַזוי רואיק געדרימלט אויף דער מוטערס אָרעמס, זי האָט אַרומגעכאַפּט די מוטער מיט ביידע הענטלעך, אַריינגעגראָבן דאָס קעפּל און ס׳האָט זיך דערהערט אַ קינדיש כליפּנדיק געוויין.

נאָכן קומען אין שטוב איז זי נאָך מער געוואָרן אָנגעשפּיצט און גע־שפּאַנט. די מוטער איז כּסדר פאַרנומען מיט אים. מיטן וואַשן, באָדן און זויגן, און זי פילט זיך ווי אַן איבעריקע אין שטוב... ס׳וועקט זיך אין איר אַ כעס און קנאה צום ברודערל, וואָס וויל פאַרנעמען איר פּלאַץ אין שטוב, און צונעמען די ליבשאַפט פון טאַטע־מאַמע. זי קאָן נישט פאַרנעמען זיינע געשרייען, זיין אַרויסווייינען אַלעמאָל, און וואָס די מאַמע האַלט זיך אין איין פאָרען אַרום אים. און פאַרגעסט אין איר אינגאַנצן...

די מוטער נעמט זי אויף די הענט, ווייזט איר אויף אַ שפּילצייג וואָס שטייט אויפן שראַנק און זאָגט:

— זעסט? דאָס האָט דיר דאָס ברודערל געשענקט, דאָס איז זיין מתנה פאַר דיר. דאַרפסט דאָס ברודערל ליב האָבן, דאָס ברודערל איז אַ גוטס. ער האָט דיך אויך ליב.

— ניין! — שטופּט אָפּ דאָס קינד דאָס שפּילעכל און זאָגט מיט אַ וויי־נענדיקן קול — כ׳וויל אים נישט! כ׳האָב אים פיינט! כ׳דאַרף אים נישט פאַר קיין ברודערל.

די מוטער טוליעט זי צו זיך, גלעט זי איבערן קעפּל און זאָגט:

— דאַרפסט דאָס ברודערל ליב האָבן. ער איז אַ גוטער, ער וועט זיין גוט צו דיר און וועט דיך אויך ליב האָבן.

אין אָוונט זיצן טאַטע־מאַמע נעבן קינדס בעטל און קוקן פאַרזאָרגט אויפן קינד, וואָס האַלט זיך אין איין דרייען אין בעטעלע, זיפצט אַרויס פון מאָל צו מאָל און קאָן בשום אופן נישט איינשלאָפן. די נערוועזע אָנגעשטרענגטע אייגעלעך קוקן צום צווייטן צימער ווו דאָס ניי־געבוירענע קינד געפינט זיך.

— דאָס קינד ליידט זייער — זאָגט די מוטער פאַרדאַגהט. — זי איז שטאַרק אייפערזיכטיק, ווייל כ׳קען זיך נישט אָפּגעבן מיט איר ווי פריער, און זי מיינט, אַז מ׳האָט זי מער נישט ליב.

— ס׳וועט איר איבערגיין, זי וועט זיך ביסלעכווייז צוגעוווינען. ביי אַ סך קינדער פּאַסירט דאָס, דאַרפסט זיך פון דעם נישט נעמען צום האַרץ, — ווייל זי דער מאַן באַרואיקן.

— ביסט אַ קאַלטער לונג־און־לעבער, פילסט נישט מיט דעם קינד, כ׳האָב מורא זי זאָל נישט קראַנק ווערן. גיב אַ קוק ווי דאָס קינד זעט אויס — בלאַס, מאָגער, די אייגעלעך איינגעגראָבן, קוים ווי די הויט האַלט זיך אויף איר. ס׳גייט איין פון טאָג צו טאָג, און זי וויל דאָך גאָרנישט עסן אַפילו. מ׳וועט זי דאַרפן נעמען צום דאָקטער.

טאַטע־מאַמע בלייבן זיצן שטיל נעבן קינדס בעטעלע. דאָס קינד בעט זיך ביי זיי אַז זיי זאָלן זי האַלטן פאַר די הענטלעך, זי האָט מורא צו זיין אַליין, זיי זאָלן נישט אַוועקגיין, נאָר בלייבן מיט איר. פון טאַטע־מאַמעס אָנוועזנהייט פילט זיך דאָס קינד באַרואיקט, באַשיצט. זי הויבט אָן פאַרמאַכן די אייגעלעך און ווערט ביסלעכווייז אַנטשלאָפן, און באַלד כאַפּט זי זיך אויף מיט אַן אומהיימלעך געשריי, כליפּעט אַרויס אויפן קול — דאָס קינד! דאָס קינד! כ׳וויל אים נישט! נעמט אים צו פון דאַנעט! — זי ציטערט אינגאַנצן, די פאַרגאָסענע אייגעלעך קוקן מיט טרויער און פאַרצווייפלונג, זי שלוכצט אַלע ווײַלע אַרויס מיט אַ יאָמערדיקן געוויין און שרייט מיט אַ פאַרשטיקט קול — דאָס קינד! דאָס קינד!

טאַטע־מאַמע קומען צולויפן דערשראָקענע און קוקן הילפלאָז אויפן וויינענדיקן קינד, וואָס לאָזט זיך נישט איינשטילן, קאָן נישט קומען צו זיך. זיי טוליען און צערטלען זי, ווילן זי באַרואיקן, נאָר עס געלינגט זיי נישט. די פאַרגאָסענע אייגעלעך קוקן מיט תרעומות, זיינען פול מיט אַ טיפן ווייטיקלעכן צער און ס׳דוכט זיך זיי, אַז ס׳איז נישטאָ קיין טרייסט צו דעם קינדס אומגעהויערע ליידן...

# אִיטשע בעל־בטחון

איטשע בעל־בטחון, ווי אַלע פלעגן אים רופן, איז געווען אַ הויכער, אַן איבערגעוואַקסענער, מיט שמאַלע פּלייצעס און לאַנגע אויסגעצויגענע הענט. ער איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען מיט אַ האַרציק שמייכעלע אויף די ליפּן. פון זיינע מילדע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ צוגעלאָזנקייט און פריינדלעכקייט צו אַלעמען, ווי ער וואָלט שטענדיק געווען גרייט אַרומצונעמען חברלעך יעדן איינעם מיט זיינע לאַנגע אויסגעצויגענע הענט און איינטענהן, אַז ס׳איז נישט כדאי זיך צו נעמען צום האַרצן, וואָס ס׳זאָל נישט פּאַסירן, טאָר מען נישט גיין מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, מ׳דאַרף האָבן בטחון, מ׳דאַרף זיך נישט מאַכן קיין שברון־לב, טראַכטן אַז די וועלט גייט אונטער. אָט אַ ביישפּיל פון אים אַליין. ער האָט אָנגעהויבן מיט די צען פינגער און ביסלעכווייז זיך דערשלאָגן צו אַן אייגן געשעפט, מיט אַ נאָמען, מיט קרעדיטן און גאָט צו דאַנקען, ס׳דרייט זיך, ס׳רוכעוועט זיך, און וויפל מאָל האָט ער אַליין געהאַלטן גאַנץ שמאָל, געמיינט, אַז ער ווערט שוין אויס סוחר, אָבער מ׳קומט אַלץ איבער, אַבי מ׳קאָן קריגן אַ גמילת־חסד ביי אַ גוטן ברודער, און מ׳קאָן צאָלן אַ וועקסעלע, טאָר מען נישט זאָרגן, ווייל זאָרגן, — גיט איטשע בעל־בטחון צו פאַרשטיין, נעמט אָן יענעם פאַר די לאַצן און רעדט איין אים אַריין, ווי ער זאָל וועלן אַריינדרינגען מיט זיינע רייד — דאָס נעמען זיך צום האַרצן ברענגט צו אַלע קראַנקייטן, שברת־הלב איז די ערגסטע זאַך — גיט ער צו דערקלערן מיט אַ גמרא־ניגון — דאָס גראָבט אונטער דאָס געזונט, מאַכט אַ תל פון אַ מענטש, און וואָס העלפט דאָס זאָרגן, גיט ער צו און ס׳דוכט זיך, אַז איטשע בעל־בטחון, דער געוועזענער ישיבה־בחור, זיצט און שאָקלט זיך ביי דער גמרא און באַלד וועט זיך הערן דער ציקלדיקער ניגון „תנו רבנן, האָבן די רבנן אונדז געלערנט״...

די ערשטע צייטן האָט איטשע בעל־בטחון געהאַלטן דאָס קלייטל אויף אַ הינטער־גאַס, אַנטקעגן אַן אַלטער געביידע, פון וועלכער ס׳האָבן זיך

געטראָגן אַלערליי ריחות פון פאַרשיידענע געשטעלן וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען, עסנוואַרג, אַלערליי פּרוכטן, געבעקסן, פאַרשיידענע סאָרטן פליישן, פיש־געשטעלן, ווו די בעלי־בתים זיינען געשטאַנען מיט ווייסע כאַלאַטן און לאַנגע שפּיציקע מעסערס און גערייניקט און צעשניטן די צוגעלעגענע פיש וואָס האָבן אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ שלעכטן ריח.

ווען די אַרומיקע קליינע געשעפטלעך, די גאַלאַנטעריי קלייטלעך, די שכנים פון איטשע בעל־בטחון, האָבן אין מלחמה־צייט זיך וואַזשנע אַרויפּ־געאַרבעט, די סטאַגן סחורה האָבן זיך אַלע מאָל פאַרגרעסערט, און האָבן זיך ביסלעכווייז אַריבערגעצויגן אין צענטער שטאָט, אויף אַ הויפּט־גאַס, צווישן די גרויסע הורט־געשעפטן, האָט זיך איטשע בעל־בטחון געשפּירט איינזאַם, נישט געהאַט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן, דערציילן אַ מעשה־לע, כאַפּן אַ גמילת־חסד. די גרויסע געביידע מיט די אַלטע טונקעלע ווענט האָט אָנגעוואָרפן אַן אומעט אויף דער גאַס מיט איר אָפּגעלאָזנקייט און חושכדיקייט, מאָדנע פאַרדעכטיקע טיפּן פון מענער און פרויען האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומדרייען אויפן גאַס, געטומלט מיט זייערע שיכורע הייזעריקע קולות און געשרייען, צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אַלעמען.

ס׳קלייטל ביי איטשע בעל־בטחון האָט געפּוסטעוועט. פון די ליידיקע פּאָליצעס, פון די האַלב־ליידיקע שאַכטלען האָט אַראָפּגעקוקט אַן אומ־היימלעכקייט, אַ נעבעכדיקייט.

איטשע בעל־בטחון מיט זיין מילדן פריינדלעכן בליק און פריילעך טענצלדיקן גאַנג, האָט אַלץ מער געדאַרפט לויפן נאָך גמילת חסדים צו גוטע ברידער, זיך אַראָפּגעכאַפּט אין דער פּראָווינץ, פאַרקויפט באָדאַי היג־טערן קרן, אַבי צו האָבן באַלד דאָס געלט, צו קאָנען סילוקן די חובות.

די גוטע פריינד, ביי וועלכע ער פלעגט קומען בעטן אַ גמילת־חסד אַ טובה־וועקסעלע, האָבן אים קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט, געטראָגן אים דאָס געלט פאַרויס, נאָר בשעת מעשה געטראַכט פאַר זיך, אַז איטשע בעל־בטחון איז אַ ווילער מענטש, אַ בעל־בטוח, נאָר אַ גרויסער שלים־מזל, שטייט אַזוי פיל יאָרן מיט אַ געשעפט און נישט באַוויזן זיך אַרויפצואַרבעטן, קאָן זיך אַליין קיין עצה נישט געבן, דאַרף אָנקומען צו גמילת חסדים.

ער האָט איבערגעטראָגן דאָס קלייטל אויף אַ הויפּט־גאַס, ווו ס׳האָבן זיך איבערגעצויגן זיינע פריערדיקע שכנים, וואָס זיינען איצט געשטאַנען מיט גרויסע געשעפטן, מיט פולע לאַגערן סחורות. צוליב זייער פאַרגרע־

סערטן פֿאַרמעגן, צוליב זייער אָנזען, האָבן זיי געבלאָזן פֿון זיך, אַראָפּגע־קוקט האָפֿערדיק, געגאַנגען מיט קליינע מיושבדיקע טריטעלעך, אַ באַ־ווייז, אַז זיי האָבן זיך שוין נישט וואָס צו איילן. אַז זיי האָבן זיך אַריינגעזעצט אין זייערע גלאַנציקע אויטאָמאָבילן האָבן זיי געקוקט מיט ביטול צו איטשע בעל־בטחונס קלייטל, ווי זיי וואָלטן באַדויערט, וואָס ער האָט זיך איבערגעצויגן אויף דער הויפּט־גאַס און וויל זיך אויסגלייכן מיט זיי...

איטשע בעל־בטחון האָט זיך איצט געפֿילט ווי אַ פֿיש אין וואַסער. ער האָט געהאַט אַרום זיך אַלע גוטע ברידער, פֿריינד און באַקאַנטע. ער האָט געהאַט פֿאַר וועמען צו דערציילן זיינע מעשהלעך, די גמרא־ווערטלעך. זיי האָבן אים גערן אונטערגעטראָגן אַ גמילת־חסד, אַ הלוואה, ווייסנדיק, אַז ער איז אַ בטוח, אַן ערלעכער מענטש און וואָס ס׳זאָל נישט פּאַסירן איז דאָס געלט ביי אים זיכער.

איטשע בעל־בטחון איז איצט געווען מער פֿאַרשמייעט ווי פֿריער. דאָס געשעפֿט האָט זיך פֿאַרגרעסערט, די פּאָליצעס מיט סחורות זיינען געוואַקסן, די פֿולע אָנגעשטאָפּטע שאַכטלען האָבן ווילעריש אַראָפּגעקוקט צו די אַריינקומענדיקע קונים. אָבער צוזאַמען מיט דעם האָבן זיך אויך פֿאַרגרעסערט די צאָלונגען, די וועקסלען, די קרעדיטן.

ער האָט קיינמאָל נישט נאָכגעקוקט די אַריינגעקומענע סחורות, נאָכ־געפֿאָרשט די פּרייזן, די קוואַליטעט, צי ער קאָן קאָנקורירן מיט אַנדערע. ער האָט אַלעמען געגלויבט אויפֿן וואָרט און געזאָגט אויף זיך אַליין, אַז ער איז אַ קנאַפּער מבין, אַז ער ווייסט נישט דעם אונטערשייד פֿון איין סחורה ביז דער צווייטער. ביי אים זיינען אַלע גלייך און עס קריכט אים גאָרנישט אין קאָפּ אַריין. ער ווייסט נאָר, אַז ס׳קאָסט אים אַזוי פֿיל און ער דאַרף זיך שטעלן אַ געוויסן פֿאַרדינסט.

איטשע בעל־בטחון האָט איצט צוליב די פֿיל צאָלונגען, געמוזט פֿאָרן אויף דער פּראָווינץ, געלאָזן דאָס געשעפֿט פֿאַרן ווייב, וואָס איז געשטאַנען פֿון אין דער פֿרי ביז שפּעט אין אָוונט, געווען פֿאַרנומען מיט די „פּעדי־דאָס״ וואָס מ׳האָט געדאַרפֿט אַרויסשיקן צו דער צייט, קאָנטראָלירן די ביכער, די חשבונות, די „פּאַגאַרייען״. זי איז געגאַנגען מיט דראָבנע מיושבדיקע טריטעלעך ווי אַ קליין־שטעטלדיקע רביצין, דאָס ווייסע רונדע פּנים האָט שטענדיק געשיינט פֿון צופֿרידנקייט, ווי זי וואָלט איי־בערגענומען דעם מאַנס האַרציקייט און גוטמוטיקייט. זי איז געגאַנגען

פאַרקעמט אויף אַרויף מיט צוויי אויסגעפּלאָכטענע צעפּעלעך ביזן שטערן, וואָס האָבן באַצירט איר רונד פּנים ווי מיט אַ קרוין, און פון איר האַל־טונג און באַנעמונג האָט געווייעט מיט יידישער צניעות און באַשיידנקייט.

איטשע בעל־בטחון פלעגט קומען פון דער פּראָווינץ אַ שיינענדיקער, אַ צופרידענער. נישט נאָר צוליב דעם וואָס די קונים האָבן גערן ביי אים געמאַכט באַשטעלונגען, געצאָלט אים די חובות, נאָר ווייל די סוחרים פון דער פּראָווינץ האָבן מער צייט און געדולד, הערן זיי אים אויס אַזוי איפּמערקזאַם זיינע מעשהלעך און גלייכווערטלעך, קוקן אים אין מויל אַריין, באַוואונדערן זיין געלערנטקייט, זיין חכמה, און באַראַטן זיך מיט אים וועגן געוויסע פאַמיליע־ענינים, בעטן ביי אים אַן עצה.

נאָר אַז ער קומט אַריין אין געשעפט, לייגט אַרויס די באַשטעלונגען, די חשבונות, און דאָס ווייב הויבט אָן פאַרצייכענען, קאָנטראָלירן, איי־בערקוקן, אַריינשרייבן אין די ביכער, ווערט ער פול מיט מיטלייד צום ווייב, וואָס זי איז אַזוי פאַרוואָרפן מיט ארבעט צוליב זיין שולד, ער האָט זיך אַזוי אַריינגעדרייט מיט מסחרים, אָנגעקויפט סחורות, ס׳לויפן אָן די צאָלונגען און מדאַרף מאַכן וואָס מער „פּעדידאָס" און דאָס אַלץ פאַלט אויף איר שווער.

ער גייט צו צו איר, נעמט איר אָן פאַרן האַנט, קוקט איר אַריין אין די אויגן און זאָגט מיט אַ צערטלעך קול:

— זיי מיר מוחל, טייבעלע, איך האָב זיך נישט ווילנדיק אַריינגע־דרייט, אָנגעקויפט אַ סך סחורות, איך מוז מערער פאָרן אויף דער פּראָווינץ, איינמאָנען די חובות, פאַרקויפן, דו בלייבסט אַליין, ס׳איז צופיל פאַר דיר, איך בין שולדיק אין דעם.

— נו, איטשע, אַלעמען לערנסטו, אַז מ׳טאָר זיך נישט זאָרגן, מ׳דאַרף שטענדיק האָבן בטחון, און מיר, דיין אייגן ווייב, גייסטו מאַכן אַ שווער האַרץ. זי צעלאַכט זיך מיט אַ שטיל האַרציק געלעכטערל, פון וואָס איטשע בעל־בטחון ווערט גערירט, קוקט אויף איר מיט ליבשאַפט און דאַנק־באַרקייט.



די צייט האָט זיך פאַרערגערט, ס׳האָט זיך דערנעענטערט אַ קריזיס. די סטאַגן אָנגעקויפטע סחורות זיינען געבליבן ליגן אויף די פּאָליצעס.

ס׳זיינען אָנגעלאָפן די וועקסלען, די צאָלונגען, איטשע בעל־בטחון האָט

נישט געהאַט ווו צו כאַפּן אַ גמילת־חסד, אַ טובה־וועקסעלע. די אַרומיקע סוחרים, זיינע גוטע ברידער, האָבן צוליב דער אינפלאַציע זיך אויך אָנגע־גרייט מיט לאַגערן סחורות און אַז מ׳האָט אויפגעהערט לייזן, זיינען זיי געבליבן הינטערשטעליק, זיינען אַרומגעלאָפן מבולבל, צעטראָגן, נישט גע־ווּסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט זיי גייען אַרום. די קונים האָבן נישט געצאָלט, אָפּגעצויגן מיט די וועקסלען, געגעבן טשעקן אָן דעקונג. די פאַבריקאַנטן האָבן געריסן פּאַסן, אַלעמאָל געהעכערט די פּרייזן, געפאָדערט מ׳זאָל זיי געבן געלט פאָרויס, איטשע בעל־בטחונס שכנים זיינען אַרומגעגאַנגען אָנגעכמורעטע, פאַרביטערטע. די ניט געסילוקטע וועקסלען האָבן זיי נישט געלאָזט שלאָפן די נעכט, די נישט סטאַבילע פּרייזן האָט זיי געהאַלטן אין אַ כסדרדיקן געשפּאַנטן צושטאַנד פון אומזיכערקייט און מורא און זיי האָבן אַליין געדאַרפט זוכן הלוואות.

איטשע בעל־בטחון האָט זיך נישט פאַרלאָרן. אַז דאָס ווייב האָט אים איינמאָל צוגעטראָגן אַ ליסטע מיט וועקסלען צום צאָלן, געשטאַנען פאַר־דאגהט, געוואַרט אויף זיין ענטפער, ווייל ס׳איז נישט געווען קיין מזומן, איז ער געבליבן אַ ווײַלע פאַרקלערט, זיין שטענדיק גוטמוטיק פּנים איז געוואָרן ערנסט, אָבער באַלד איז ער געקומען צו זיך, ער האָט צערטלעך אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף דער פרויס אַקסל און געזאָגט מיט אַ ווייך בעטנדיק קול:

— זיי נישט ברוגז אויף מיר, טייבעלע, און זאָלסט זיך נישט קעגנ־שטעלן, — האָט ער געפּרוווט זאָגן האַלב באַפּעלעריש, — כ׳וויל קיינעם נישט בלייבן שולדיק קיין איין סענט, און כ׳האָב נישט קיין אַנדער ברירה, כ׳האָב באַשלאָסן צו פאַרקויפן די שטוב וואָס מיר האָבן, אַזוי וועלן מיר קאָנען סילוקן אַלע חובות.

— אָבער איטשע, — האָט דאָס ווייב אַ געשריי געטאָן, געפּרוווט אים אָפּווענדן, — וואָס גייסטו טאָן? נאָך אַזוי פיל יאָרן האָבן מיר זיך קוים דערשלאָגן צו עפּעס אייגנס, ווו וועלן מיר גיין וווינען? מיר וועלן בלייבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, ס׳איז אַן אומזין, איטשע, ס׳איז אַ גרויסער אומזין.

— מיר וועלן קריגן אַ קלענערע דירה, טייבעלע, — האָט ער זי געפּרוווט איינבעמען, — מיר וועלן זיך ווי עס איז אַן עצה געבן, אַבי מיר זאָלן זיך אַרומצאָלן מיט די חובות, מיין נאָמען זאָל זיין ריין, איך זאָל קיינעם נישט בלייבן שולדיק.

איטשע בעל־בטחון האָט אויסגעפירט זיינס. אויף דער ווייבס טענות און פאָרוואורפן אַז ער טוט ווי אַ בטלן, אַז ס׳מאַכט זיך אַ שלעכטע צייט, מ׳קאָן נישט צאָלן, רופט מען די „אַקרעדאָרן" און מ׳קומט דורך, מ׳פאַרגלייכט זיך און מ׳אַרבעט ווייטער, און אַז ס׳גייט אַריבער אַ שטיקל צייט, קומט מען ווידער צו זיך. אויף דעם האָט איטשע בעל־בטחון איר געענטפערט — פון יענעמס געלט וויל איך קיין הנאה נישט האָבן, כ׳וועל זיך שטענדיק פילן שולדיק, נישט קאָנען קוקן יענעם גלייך אין די אויגן.

לויט זיינע רייד, לויט זיין פעסטן טאָן, האָט דאָס ווייב געזען, אַז זי וועט גאָרנישט קאָנען אויספירן, אַז זי וועט גאָרנישט קאָנען פועלן.

איטשע בעל־בטחון האָט נאָר געבעטן, אַז מ׳זאָל צוּוואַרטן ביז ער וועט פאַרקויפן די שטוב. שפּעטער, אַז ער האָט אַריינבאַקומען דאָס געלט און געסילוקט אַלע חובות, איז אים אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן, ווי ער וואָלט באַפרייט געוואָרן פון אַ שווערער לאַסט, זיין גוטמוטיקע פריילעכע שטימונג האָט זיך ווידער צוריקגעקערט צו אים.

דער רעספּעקט און דרך־ארץ צו איטשע בעל־בטחון איז געוואָרן אין לשער. סוחרים און פאַבריקאַנטן האָבן אים געקלאַפּט גוט־ברודעריש אין פּלייצע, אויסגעדריקט זייער פאַרערונג, אַז מ׳האָט אים שטענדיק געהאַלטן פאַר אַ בעל־בטוח, אַן ערלעכער מענטש, וואָס פאַרלאַנגט נישט יענעמס, און אַז זיין קרעדיט איז אָפן און אומבאַגרענעצט. מ׳האָט אים פאָרגעלייגט סחורות, אָנגעבאָטן קרעדיטן, „קאָרעדאָרן" האָבן אים באַלאַגערט, מיטגע־בראַכט מיט זיך פולע אָנגעשטאָפּטע וואַליזעס מיט מוסטערן פון אַלערליי סחורות, אים צוגעזאָגט צו געבן די בעסטע קאָנדיציעס אַלערליי פאַר־לייכטערונגען צו צאָלן, ער זאָל קומען צו זיך, ער זאָל קאָנען שטיין אויפן פלאַץ און אַרבעטן ווי פריער.

איטשע בעל־בטחון איז ווידער געגאַנגען מיט זיין פריילעך טענצלדיקן גאַנג, די לאַנגע אויסגעצויגענע הענט האָבן ווידער גוט־ברודעריש און חבריש זיך געשטרעקט צו אַלעמען. ער האָט ווידער דערציילט זיינע מעשהלעך, זיינע גלייכווערטלעך, און משלים און שטענדיק געראָטן אַלעמען, אַז וואָס ס׳זאָל נישט פּאַסירן, זאָל מען זיך נישט זאָרגן, נישט זיין ביי זיך געפאַלן, מ׳דאַרף שטענדיק האָבן בטחון, האָפן אַז די שלעכטע צייט וועט אַריבערגיין. זאָרג, דאגות, עצבות איז אַ שלעכטע מידה, וואָס מ׳טאָר נישט צולאָזן צו זיך, פּרווּוט ער איינטענהן, געבן צו דערקלערן, מ׳דאַרף נאָר

האָבן אַ ביסעלע געדולד און אויסדויער, קומט מען אַלץ דורך. ווייל ס׳דרייט זיך איבער און ס׳קומט דערנאָך אַרויס צום גוטן.

ער ווייזט אַ ביישפּיל פון זיך אַליין וויפל מאָל האָט שוין געהאַלטן אַז ער זאָל איינפּאַקן דאָס קלייטל, ווערן אויס סוחר, און דאָך קומט מען אַלץ איבער, ער שטייט אויפן פּלאַץ און אַרבעט ווייטער.

די שכנים פון איטשע בעל־בטחון, וואָס זיינען צוליב דעם קריזיס אַרומגעגאַנגען צעטראָגענע פאַרזאָרגטע, האָבן זיך איינגעהערט צו זיינע שיינע מעשהלעך, זיינע עצות, האָבן אים באַוואונדערט, געטראַכט בשעת מעשה, אַז אָט דער איטשע בעל־בטחון אין אַ טייערער מענטש, אַ גוטע נשמה, וואָס נעמט זיך נישט צום האַרצן פון קיין זאַך, איז שטענדיק פריילעך און צופרידן, השמח בחלקו, נישט אומזיסט רופט מען אים „איטשע בעל־בטחון״.

# זיך אומגעקערט צו זיין שטאַם

דער קינסטלער ברוך־לייב זאַנג האָט געקענט נעמען דעם עולם מיט זיינע רעציטאַציעס. ער האָט געקענט אַריינציען, מיטרייסן מיט זיין טעמפּעראַמענט, מיט זיין קלאָרער דיקציע, מיט זיין שאַרפער אויסשפּראַך און מיט זיין האַרציק זינגענדיק קול וואָס האָט אַריינגעדרונגען טיף אין דער נשמה, אויפגערודערט טיפע פאַרבאָרגענע סענטימענטן און אַ סך מאָל אַרויסגערופן טרערן.

ברוך־לייב זאַנג איז געווען אַ ליבלעך האַרציקער מענטש, מיט אַ קאָפּ צעשויבערטע גרויע האָר, וואָס האָט אים צוגעגעבן חשיבות און ערנסטקייט, מיט אַ מילדן גוטמוטיקן בליק פול מיט חברה׳שער פריינדשאַפט.

שוין עטלעכע צענדליק יאָר ווי ער און זיין פרוי זיינען ביידע אין דער „באַוועגונג״. אַלע חברים זיינען געווען זייערע פריינד, גוטע ברידער, מ׳האָט געלעבט ווי איין משפחה.

כאָטש די לעצטע יאָרן איז ער נישט געווען איינשטימיק מיט דער „ליניע״, האָט ער דאָך נישט געקענט אינגאַנצן איבעררייסן מיט זיי, ווי ס׳האָבן געטאָן אַ סך חברים און פריינד וואָס זיינען אַוועק אַנטוישטע, פאַרביטערטע...

ס׳איז אים שווער געווען צו פאַרלאָזן מיט איינמאָל די סביבה ווו ער האָט זיך איינגעלעבט מיט אַלע פריינד און חברים וואָס ער האָט געקענט נאָך פון דער אַלטער היים. כאָטש ער האָט זיך אַליין באַשולדיקט אַלס שוואַכלינג, אַז ער דאַרף איינמאָל פאַר אַלע מאָל איבעררייסן מיט זיי, האָט ער ווייטער געפירט די קולטור־אַרבעט, צוגעגרייט טעאַטער־פאָרשטעלונגען, אַנגעפירט און רעזשיסירט, צונויפגעשטעלט קינסטלערישע פּראָגראַמען אויף קולטור־אָוונטן, ווו ער האָט רעציטירט שאַפונגען פון יידישע שרייבער און דיכטער, געהאַלטן רעפעראַטן, וועגן ליטעראַטור און געשפּירט, אַז אָן די אַלע אַרבעטן וועט זיין לעבן זיין פּוסט, אויסגעליידיקט.

ווען איבער דער וועלט האָבן זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערטראָגן אומ־קלאָרע ידיעות, אַז מ׳האָט אין יענעם לאַנד אומגעבראַכט יידישע שרייבער, אינטעלעקטואַלן און וויסנשאַפטס־לייט, איז ברוך־לייב זאַנג אַרומגעגאַנגען דערשיטערט, צעבראָכן. איצט האָט ער געשפּירט אַז אַ טיפער תהום איז אויסגעוואַקסן צווישן זיי און אים... אַז ער האָט מער נישט קיין שום שייכות מיט זיי, און ס׳האָט אים איצט באַנג געטאָן פאַר די פאַר־גאַנגענע יאָרן זיינע וואָס זיינען אָוועקגעגאַנגען לאיבוד. ער האָט זיך אָפּגעזונדערט פון זיי, נישט געוואָלט האָבן מיט זיי קיין מגע־ומשא און אַז ער האָט זיך אַמאָל געטראָפן מיט די געוועזענע חברים, האָט ער מיט זיי נישט פאַרפירט קיין וויכוחים, געוווּסט אַז ס׳זיינען אַרויסגע־וואָרפענע רייד, ער וועט זיי נישט איבערצייגן, דאָס זיינען פאַרגלויבטע און פאַרעקשנטע, פאַרפירטע פאַנאַטיקער. ער האָט געקוקט אויף זיי מיט מיטלייד און באַדויערן און געטראַכט, אַז אפשר וועלן זיי אַמאָל זיך באַזינען...

סיי ער און סיי זיין פרוי האָבן ביידע געטראָגן דעם יאָך פון פרנסה. שוין יאָרן ווי ער אַרבעט ביי זיין פאַך אַלס שניידער און ציט פון דעם חיונה. ער זיצט ביי דער מאַשין און זיין פרוי זיצט אַנטקעגן אים, ענדיקט אַרויס די אַרבעט, דערלאַנגט אים צו דער האַנט.

געוועזן צייטן, ווען די אונטערנעמער, אייגנטימער פון גרויסע קאָנ־פעקציע־געשעפטן, וואָס גיבן אַרויס די אַרבעט, האָבן זיך געבעטן ביי אים: ברוך־לייב, זייט נישט קיין בטלן, אַרבעט איז דאָ איבערן קאָפּ, מיר וועלן אייך אַריינשטעלן בייע מאַשינען, נעמט צו נאָך מענטשן און ס׳זאָל גיין אַ גאַנג. מיר וועלן אייך צושטעלן אַרבעט וויפל איר ווילט אַליין.

די סוחרים האָבן אים נישט געקענט איבעררעדן, האָבן געהויבן מיט די פּלייצעס, נישט געקענט פאַרשטיין, אַ מענטש זאָל זיין אַזוי נאַיוו, מיינט אַז ער וועט ראַטעווען די וועלט, אויסלייזן די מענטשהייט.

ברוך־לייב זאַנג האָט געשאָקלט עקשנותדיק מיט זיין טשופּרינע אויף ניין, ער וויל נישט געניסן פון יענעמס פּראַצע, ער וויל לעבן פון זיין האָרעוואַניע, ער וויל נישט איינרייסן די וועלט, ווערן רייך.

— אָבער די גאַנצע וועלט פירט זיך היינט אַנדערש — האָבן זיי געפּרוווט אים אויפווייזן, זעענדיק אַז ער לאָזט זיך נישט איבערצייגן — אייערע אייגענע חברים האָבן זיך איינגעאָרדנט מיט גרויסע „טאַזשערן״, צוגענומען

אַרבעטער און ביסלעכווייז זיך אַרויפגעאַרבעט, געוואָרן גבירים, אַנדערע שטייען שוין מיט אייגענע געשעפטן.

ברוך־לייב זאַנג האָט זיי נישט געלאָזט רעדן, — ס'איז אומזיסט זייערע טענות, ער וועט מער קיין אַרבעט נישט אַרויסנעמען נאָר וויפל ער קאָן אַליין אויסאַרבעטן, מער דאַרף ער נישט, ער וויל נישט רייך ווערן.

זיי האָבן אים נישט געקענט איבערצייגן. ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס, און אַזוי פירט ער זיך, אַז ער ענדיקט אַ פּאַרטיע אַרבעט, מאַכט ער פון דעם אַ פּעקל, וויקלט עס איין אין אַ טונקעלן געוואַנט, לייגט עס אַרויף אויפן אַקסל און טראָגט עס אַוועק אין געשעפט וואָס געפינט זיך אויף איינער פון די צענטראַלע גאַסן פון שטאָט.

אַז ער קומט אַריין אין געשעפט פילט ער זיך ווי פאַרלוירן אַנטקעגן דעם רעש און טומל פון אינעווייניק. זיין קליין פּעקל אַרבעט זעט אויס נעבעכדיק אַנטקעגן דעם גרויסן לאַגער פול מיט פאַרטיקע סחורות. די פולע פּאָליצעס קוקן אַראָפּ צו אים מיט גדלות, ווי זיי וואָלטן אים געזאָגט: אָט זע וויפל אַרבעט אַנדערע „טאַזשערן" גיבן אַרויס, שיין וואָלטן מיר אויסגעזען, ווען מיר זאָלן דאַרפן וואַרטן ביז דו וועסט זיך אויסקראַצן מיט דיין פּעקל אַרבעט. מיט אַזעלכע ווי דו קאָן מען נישט גיין צום טיש.

ברוך־לייב זאַנג בלייבט שטיין אין אַ זייט, נעבן אים ליגט זיין אויפ־געבונדן פּעקל אַרבעט. די באַוועגונג אין געשעפט איז איצט גרעסער ווי שטענדיק, קונים שטייען ביי די לאַנגע טאָמבאַנקן און מאַכן באַשטע־לונגען, לייגן אָפּ סחורות, דינגען זיך מיט די פּרייזן, בעטן לענגערע קרעדיטן, די טעלעפאָנען האַלטן אין איין קלינגען, רופן. די אַנגעשטעלטע לויפן אַרום פאַרשמייעטע, האַלטן די „פעדידאָס" אין די הענט און לייגן אָפּ די סחורות, מאַכן אַ קרומע מינע ווען ס'פעלט אויס אַן אַרטיקל, ווייל ס'ווערט איבערגעריסן די גאַנצע אַרבעט.

אין ביוראָ זיצן די אָנגעשטעלטע, פאַרצייכענען אין די ביכער, שרייבן בריוו, אַנדערע קלאַפּן אויף די שרייב־מאַשינקעס, אויף די רעכן־מאַשינען, און זיינען אַזוי פאַרטיפט אין דער אַרבעט ווי זיי וואָלטן קיין זאַך נישט געזען אַרום זיך.

אויבן־אָן נעבן אַ גלאַנציקן פּאָלירטן שרייב־טיש זיצט דער באַלעבאָס פאַרטיפט אין אַ שמועס, אַנטקעגן אים זיצט אָנגעבויגן הכנעהדיק אַן עלטערער מענטש, האַלט מוסטערן פון שטאָפן וואָס ער טראָגט אים צו

צום ווייזן מיט אַן אונטערטעניקן שמייכל, האַלט אין איין לויבן די סחורה, די קוואַליטעט, דעם ביליקן פּרייז. ער האַלט גרייט זיין נאָטיץ־ביכל מיטן בלייפעדער, וואַרט אויפן באַפעל פון אייגנטימער צו פאַרצייכענען אַ באַ־שטעלונג.

ברוך־לייב זאַנג שטייט און וואַרט, ער ווערט אומגעדולדיק, פילט זיך באַליידיקט וואָס זיין אַרבעט ווערט געהאַלטן ווי מינדערוויכטיק. ס׳קומט אויס אַז מ׳רעכנט זיך אָפּ מיט אים פאַר זיין עקשנות, פאַרוואָס ער וויל נישט צונעמען נאָך מענטשן און פאַרגרעסערן זיין „טאַזשער" אַרויסגעבן מער אַרבעט.

ביז אַן אָנגעשטעלטער וואָס ווערט פריי באַמערקט אים כלומרשט, ווי ער וואָלט אים אָקאָרשט דערזען, נעמט איבער דאָס פּעקל אַרבעט, ציילט איבער, קאָנטראָלירט צי ס׳איז גוט אַרויסגעענדיקט און טראָגט אים אונטער אַן אַנדער פּעקל. ברוך־לייב זאַנג בינדט עס צונויף, לייגט עס אַרויף אויפן אַקסל און גייט אַ שווייגנדיקער אַוועק.



שוין אַ צייט ווי ברוך־לייב זאַנג גייט אַרום מיט אַ טרויעריק געמיט דאָס שטענדיק שמייכלענדיק פּנים איז ערנסט און פאַרטראַכט, און אַז ער זיצט ביי דער מאַשין און נייט, שווייגט ער, פאַרציט נישט קיין זמרל ווי ס׳איז געווען זיין געוווינהייט פריער, ווען ער פלעגט אָנהויבן און די פרוי האָט אים באַגלייט, מיטגעהאָלפן.

איצט זיצט זיין פרוי אַנטקעגן אים און נייט מיט דער האַנט. זי פּרוּווט פון צייט צו צייט עפּעס זינגען, רעציטירן אַ שיינעם פּערז. זי וויל אים אויפמונטערן, אָפּציען פון זיינע רעיונות, און אַז ס׳געלינגט איר נישט, ער האַלט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ פאַרטיפט אין דער אַרבעט און שווייגט, בלייבט זי שטיל, רייסט איבער איר זינגען, קוקט אויף אים פאַרזאָרגט, וואָס לעצטנס וויל ער אין ערגעץ נישט אַרויסגיין, מיידט אויס זיך צו טרעפן מיט באַקאַנטע, גייט אַרום פאַרדמיונט, פאַרטראָגן, בלייבט זיצן אין די אָוונטן אין שטוב אָפּגעזונדערט אין זיין ביבליאָטעק, פאַרטיפט ביז שפּעט אין דער נאַכט אין לייענען ביכער, זשורנאַלן. זי פאַרשטייט אים, פילט אים מיט און זוכט אויס אַלע מיטלען אים צו צעשטרייען.



ס׳איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין זייער לעבן. פון זינט זיי האָבן

אָנגעהויבן באַקומען בריוו פון ישראל פון זייערעביידע טעכטערלעך, האָט ברוך־לייב זאַנג זיך אײנגאַנצן געביטן. די בריוו האָבן אויסגעדריקט ליבשאַפט און בענקשאַפט צו טאַטע־מאַמע און אויך פרייד און צופרידנ־קייט. ביידע האָבן דאָרט חתונה געהאַט, לעבן אין אַ קיבוץ און האָבן געשריבן — אַז זיי פילן זיך גליקלעך אין אייגענעם לאַנד, אַז דאָס לעבן דאָ איז פול מיט ליבשאַפט, אימפעט און ענטוזיאַזם. אַז דאָ ווערט אַלץ געטאָן מיט צוגעבונדנקייט פאַר אַן אידייע און זיי האָפן צו דערלעבן דעם טאָג ווען די עלטערן וועלן קומען קיין ישראל און זיין צוזאַמען מיט זיי אין קיבוץ.

די בריוו האָבן אים אויפגעמונטערט. דער פאַרטונקלטער האָריזאָנט האָט אָנגעהויבן אויפשיינען. ער האָט די בריוו שטענדיק געטראָגן מיט זיך, געוויזן אַלעמען די פאָטאָגראַפיעס פון די קינדער, פון די אייניקלעך, וועלכע האָבן אַראָפּגעשיינט פון די בילדער, זייערע לאַכנדיקע פולע פּנימלעך, זייערע שמייכלענדיקע אייגעלעך האָבן אים אָנגעשטעקט מיט פרייד און נחת־רוח, די ליכטיקע העלע צורהלעך האָבן צו אים אַזוי ליבלעך געשמייכלט, ווי זיי זאָלן וועלן אים צעשטרייען, צונעמען די שווערע רעיונות.

ביידע האָבן איצט געלעבט מיט די קינדער, זיך פאַרגעשטעלט אין געדאַנק, אַז היינט־מאָרגן וועלן זיי ווינען מיט זיי אין קיבוץ, זיי וועלן זיך זען מיט די אייניקלעך וואָס זיי קאָנען נאָר פון די בילדער און אַז דאָרטן וועלן זיי זיך נישט פילן אַזוי עלנט און איינזאַם.



ברוך־לייב זאַנג איז געזעסן ביי דער מאַשין און געניייט. געשפּירט אַ טיפע אויפרודערונג אין דער נשמה. ער האָט עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט די מאַשין, גענומען דאָס בריוול אין האַנט און שוין צום וויפלטן מאָל געלייענט: „דער אינסטיטוט פאַר וויסן און קולטור" פאַרבעט אים אָנטייל צו נעמען אין אַ געדענק־אָוונט געווידמעט די אומגעבראַכטע יידישע שרייבער אין רוסלאַנד.

ער האָט געהאַלטן דאָס בריוול אין האַנט און געציטערט פון אויפ־רעגונג, געדאַנקען און רעפלעקסן האָבן זיך געוויקלט ווי אַ קנויל אין זיין מוח, אים געצויגן, געשטורכעט, ווי זיי זאָלן אים דערמאָנען די אַלע יאָרן וואָס ער איז געווען מיט זיי, אַוועקגעגעבן זיין יוגנט, די בעססע

יאָרן. די רעיונות האָבן געיאָגט איינע די אַנדערע, זיך געהויפנט אין זיין באַוווּסטזיין, אים צו באַשולדיקן, אים ווײ צו טאָן.

ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, די טשופּרינע האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, אַ צייכן אַז ער נעמט אָן די פאַרבעטונג, אַז ער וועט אָנטייל נעמען אויף דעם אָוונט, ער וועט זיך באַטייליקן אין דעם צער און צאָרן פון זיין פאָלק, קעגן דעם אומרעכט און גרויזאַמען פאַרברעכן, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן צו די יידישע שרייבער און קינסטלער, וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אַלס יידן...

ער האָט אַוועקגעלייגט די אַרבעט און איז אַריין אין זיין ביבליאָטעק, ווו ס׳זיינען געשטאַנען פולע פּאָליצעס מיט ביכער, מיט אַלערליי איינבונדן און פאַרשידענע אויפשריפטן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, געזוכט אין די רייען אויסגעשטעלטע ביכער און געבליבן שטיין. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז ס׳קוקן צו אים אַראָפּ טרויעריק די ביכער פון די אומ־געבראַכטע יידישע שרייבער, די גאָלדענע אויפשריפטן אויף די רוקנס לייכטן מיט אַ טונקעלן שיין, ווי זיי וואָלטן געוועזן איינגעהילט אין טרויער נאָך זייערע מחברים... ער האָט אַראָפּגענומען עטלעכע ביכער, געהאַלטן זיי אין האַנט אַ ווײַלע און געשוויגן עטלעכע סעקונדן, געפילט אַ הייליקן ציטער, ווי ער וואָלט אין דער קורצער צייט פון זיין שטילשווייגן אויס־געדריקט זיין באַצערונג פאַר זייער אָנדענק...

ער האָט זיך דערנאָך אַוועקגעזעצט, אָנגעהויבן בלעטערן, זוכן שטעלן און פראַגמענטן פאָרצולייענען. ער האָט זיך פאַרטיפט, ערטערווייז האָט ער אַרויסגעלייענט צווישן די שורות, אַז זיי האָבן געלעבט ווי אנוסים, קיינמאָל זיך נישט געפילט דערווייטערט פון יידישן כלל און פאָרויס־געפילט זייער גורל ווי זין פון יידישן פאָלק...

און אַז ער האָט שוין אַלץ געהאַט גרייט, וועלכע שטעלן ער וועט פאָרלייענען, איז ער געבליבן אָפּהענטיק. ער האָט געשפּירט דאָס קלאַפּן פון זיין האַרץ, ס׳איז אים שווער געווען אָפּצוציען דעם אָטעם, דאָס פּנים האָט אים געפלאַמט און ס׳האָט אים געטרייסלט אין קעלט.

— כ׳ווייס נישט וואָס מיר איז, פייגעלע, — האָט ער זיך געווענדעט צו זיין פרוי מיט אַ צאַרטער שטים, ווי ער וואָלט זיך באַקלאָגט פאַר איר. — כ׳פיל זיך שוואַך, אָן כוחות, כ׳ציטער פון קעלט, כ׳האָב מורא

אַז מיינע רעציטאַציעס זאָלן נישט אַרויסקומען ווי ס׳דאַרף צו זיין. דווקא היינטיקן אָוונט וואָלט איך וועלן אויסדריקן מיין גאַנצן צער און ווייטיק.

די פרוי גייט צו צו אים, לייגט אים צו די האַנט צום שטערן, קוקט אים אַריין אין די אויגן און זאָגט:

— זיי נישט באַזאָרגט, דיר איז גאָרנישט, דו האָסט געלייענט די פראַגמענטן, געוויסע עמאָציאָנירנדיקע שטעלן, האָט דאָס געווירקט אויף דיר, האָסטו זיך איבערגענומען, דו ביסט זייער עמפּינדלעך, ווען דו וועסט נאָר אָנהויבן רעציטירן, וועסטו זיך באַהערשן ווי שטענדיק — וויל זי אים באַרואיקן און ביידע הויבן זיך אָן צו גרייטן צו גיין אויפן אָנדענק־אָוונט.



ברוך־לייב זאָגט מיט זיין פרוי זיינען געזעסן צווישן עולם אין דעם גרויסן ליכטיקן זאַל, וואָס איז געווען געפּאַקט פון ברעג צו ברעג, זיך איינגעהערט צו די רעדעס, די אָפּשאַצונגען, אַנדערע האָבן אויפגעוויזן זייער פאַרגלויבטקייט און געטריישאַפט דעם רעזשים, זייער האָפּערדיקייט, זייער גלויבן און באַזינגען, זייער גרויסע אַנטוישונג, זייערע ליידן, ווען זיי האָבן צוגעזען זייער טראַגישן סוף... און אַז אַ טייל פון זיי האָבן געהאַט חרטה, זיינען געוואָרן בעלי תשובה, זיך געקלאַפּט על חטא פאַר זייערע באַגאַנגענע טעותן...

נאָכן רעדנער־טייל, ווען ברוך־לייב זאַנג האָט פאַרנומען די טריבונע, איז געוואָרן אויסערגעוויינלעך שטיל, אַ געשפּאַנטע שטילקייט, ווי אַלע וואָלטן איינגעהאַלטן דעם אָטעם. ער האָט זיך איינגעקוקט אין עולם, אין די בילדער פון די אומגעבראַכטע שרייבער וואָס זיינען געווען איינגעראַמט אין שוואַרצן און האָבן אַראָפּגעקוקט מיט צער און טרויער.

ער האָט אָנגעהויבן שטיל, ווי ער זאָל נישט וועלן איבעררייסן די געשפּאַנטקייט אין זאַל. זיין קול האָט געציטערט, זיך געבראָכן אין דער אַרומיקער אָנגעצויגנקייט, און באַלד האָט ער זיך באַהערשט, געקומען צו זיך, זיין קול האָט זיך געשטאַרקט אָפּגעקלונגען הילכיק איבערן זאַל, ווי ער זאָל מאָנען און וואָרענען, פאָדערן אַ דין־וחשבון פאַר די קדושים וואָס מ׳איז געקומען זיי באַערן...

דער עולם אין זאַל איז געוואָרן מיטגעריסן, עמאָציאָנירט, די געלייענטע

שאַפונגען האָבן אַריינגעצויגן, געוועקט, די ווערטער ווי געוואָרפענע פונקען האָבן געבריט, אָנגעצונדן, מ׳האָט אויפגעכאַפּט זיין יעדע תנועה, זיינע זשעסטיקולאַציעס, זיין טיף־אַריינדרינגענדיק קול, וואָס האָט הילכיק אָפּגע־קלונגען איבערן זאַל, האָט אויפגעשטורעמט, מיטגעצויגן, גערופן.

ווען ער האָט געענדיקט, האָט דער גאַנצער עולם זיך אַ וויג געטאָן, העגט האָבן זיך געשטרעקט צו אים פון אַלע זייטן, אים באַגריסט, אים אַרומגעאָרעמט, אויסגעדריקט זייער באַגייסטערונג, זייער פאַרערונג און דאַנקבאַרקייט. ער האָט געשפּירט אַז די אַלע פאַרזאַמלטע פון זאַל וואָס רינגלען אים אַרום, זיינען זיינע נאָענטע פריינד, פון וועלכע ער איז געווען אָפּגעפרעמדט און דערווייטערט, דער יידישער גורל האָט זיי צונויפגעפירט, זיי האָבן זיך דערקענט און דערנעענטערט, האָבן זיך ווידער פאַראייניקט און ס׳האָט אים נאָר באַנג געטאָן אויף די פאַרלאָפענע יאָרן וואָס זיינען געגאַנגען לאיבוד, וואָס האָבן אים געהאַלטן דערווייטערט פון זיין שטאָם... פון זיין אייגן פאָלק...

# „קאַנטעגריל"
(רעפּאָרטאַזש)

„קאַנטעגריל" רופט מען די געגנט וואָס געפינט זיך הינטערן שטאָט, ווו עס וווינען די „ביטשיקאָמעס" (וואַגאַבונדן), אָרעמע אַרבעטס־מענטשן, וואָס האָבן באַזעצט די פרייע פּלעצער, צונויפגעזשעברעוועט אַלטע פּאַר־זשאַווערטע בלעכן, און האָבן צונויפגעשטעלט „ראַנטשאָס" זיך צו באַשיצן פון די קעלטן, רעגנס און ווינטן וואָס בושעווען דאָ אומגעשטערט.

דער אויסזען, אָפּגעלאָזנקייט און הלבשה פון די מענטשן וואָס דרייען זיך אַרום די בלעכענע „ראַנטשאָס" מאַכט דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן געווען אַנטלויפנדיקע סאָלדאַטן וואָס ציען זיך בהלהדיק צוריק נאָך אַ פאַרלוירענער שלאַכט און האָבן צייטווייליק זיך אָפּגעשטעלט דאָ הינטערן שטאָט זוכן אַ מקום מנוחה, זייענדיק גרייט צו יעדער צייט אויף אַן אומ־געריכטער אַטאַקע פון שונא.

ווען מ'זעט די חושכדיקע „ראַנטשאָס", די מענטשן וואָס דרייען זיך אַרום, די קויטיקע קינדער מיט נאָכהענגנדיקע שמאַטעס וואָס זיי טראָגן אויף זיך, קומט אויפן געדאַנק, אַז דאָס וואָס מ'האָט אַ נאָמען געגעבן די געגנט „קאַנטעגריל" קלינגט ווי אַ ביטערער חוזק, אַ שפּאָס אַזאַ. ווייל „קאַנטעגריל" דערמאָנט די אַריסטאָקראַטישע געגנט נעבן ים, אַרומ־גערינגלט מיט סאָסנע־וועלדלעך, נאָדל־ביימער, עוקאַליפּטוס־ביימער, וואָס גיבן אַרויס פאַרשיכורנדיקע ריחות, מישן זיך אויס מיט די אָנקומענדיקע געזאַלצענע ים־ריחות און די לופט ווערט אָנגעפּילט ווי מיט אַ זיסלעך־זויערלעך געטראַנק וואָס וויגט איין און פאַרשלעפערט. „קאַנטעגריל" דער־מאָנט די לוקסוס־ווילַיעס געבויט מיטן גאַנצן קאָמפאָרט. די רחבותדיקע טעראַסעס און באַלקאָנען, די ברייטע אַריינגאַנגען, די זאָרגפעליק אָפּגע־היטע גערטנדלעך מיט די רונדע צוציענדיקע בלומען־בייטן, די שטילע שאָטנדיקע אַלייען מיט די גלייכע אונטערגעשוירענע גראָזן, וואָס זעען אויס פון וויטן ווי גרינע אויסגעשפּרייטע טעפּיכער. „קאַנטעגריל" דער־מאָנט די אויפנאַמעס און בעלער וואָס ווערן געמאַכט אין די ליכטיק

רחבותדיקע זאַלן, די „קאַסינאָס״ און נאַכט־לאָקאַלן וואָס זיינען אָפן ביז שפּעט אין דער נאַכט, לאָקן און רופן די טוריסטן; פון די לייכטנדיקע שילדן צינדן זיך אָן פייערדיקע אותיות, וואָס זאָגן צו פרייד, געגוס און גליק. די מענטשן וואָס קומען דאָ פאַרברענגען זעען אויס צופרידענע, זאָרגלאָזע און אויפגעלייגטע, די קינדער אויסגעקעכלטע גוט־דערנערטע, שפּילן זיך פריילעך נעבן ים, פאַרהילכן די לופט מיט זייערע קלינגענדיקע שטימעלעך, וואָס צעגייען זיך איבער די גערונצלטע ים־כוואַליעס און קלינגען אָפּ ווי צוויטשערנדיקע קולות פון זינגענדיקע פויגל. די געגנט איז אַרומגערינגלט פון דריי זייטן מיט ים. די לופט איז קיל און פריש, מ׳שפּירט ווי אַ לייכטער ים־ווינטל ווייעט פון אַלע זייטן, גלעט און צערטלט די באַזוכער, די איינוווינער.

די האָטעלן הויבן זיך אַרויס פון די איבעריקע געביידעס, מיט זייער פאַרשידנאַרטיקע סטילן און אַרכיטעקטאָנישן געבוי; אַנדערע זעען אויס ווי הויכע וואָלקן־קראַצערס מיט אָן אַ שיעור פענצטער, מ׳זאָל קאָנען זען פון אַלע זייטן די ווונדערבאַרע פּאַנאָראַמעס, און אַנדערע מאַכן דעם איינדרוק ווי שטילע געבעט־הייזער וואָס זאָגן צו דעם באַזוכער, אַז נאָר דאָרטן וועט ער געפינען רו און געמיטלעכקייט. פאַראַן האָטעלן וואָס האָבן די פאָרם פון אַ טוי־בנשלאַק, זייער אויסזען דערמאָנט אַ רואיקע אָפּגעזונדערטע נעסט, ווו מ׳קען זיך אָפּרוען און געניסן אַ פרעמד אויג זאָל נישט באַמערקן.

וואָס פאַראַ קאָנטראַסט פון די ביידע געגנטן.

די געגנט „קאָנטעגריל״ געפינט זיך ווייט הינטערן שטאָט, צווישן פאַרלאָזטע „קאַנטעראַס״ וואָס וואַרפט אָן אַ פּחד אין די נעכט, ווי ריזיקע מאָנסטערס וואָלטן דאָרטן געלויערט. אין די טיפע גריבער ליגן זיי פאַרטייעטע גרייט אָנצופאַלן אויף די פאַרבייגייער וואָס פאַרבלאָנ־דזשען דאָ.

אין די רעגנדיקע טעג איז אוממעגלעך דורכצוגיין די געגנט, צוליב די טיפע בלאָטעס און קאַלוזשעס. די קינדער בלייבן אין די „ראַנטשאָס״, אומעטיקע און פאַרבענקטע קוקן זיי אַרויס דורך די קליינע פענצטערלעך. זיי זעען דאַן אויס ווי געפּאַנגענע פייגל אין בלעכענע שטייגן וואָס גאַרן אַרויסצוגיין אויף דער פריי.

דערפאַר, אין אַ שיינעם וועטער, ווערן די קינדער איינגעשפּאַנט

אין יאָך; זיי העלפן שטופן דאָס וועגעלע וואָס טאַטע־מאַמע פירן איבערן שטאָט באַלד פון באַגינען, ווען מ׳שטעלט אַרויס פאַר די טירן די פולע בלעכן מיסט. זיי לייגן צו אַ האַנט, פילן אָן דאָס וועגעלע מיט פאַר־שיידענע חפצים וואָס זיי געפינען אין די בלעכן: פּאַפּיר, פלעשער, בלעכענע פושקעס, און אַז מ׳געפינט אַ צעבראָכענע שפּילצייג וואָס עמיצער האָט אַרויסגעוואָרפן — ווערט עס אויפגענומען מיט אַ באַזונדער׳ער פרייד, ווייל מ׳וועט קאָנען געבן אַ מתנה אַ ברודערל אָדער אַ שוועסטערל, וואָס וועלן זיך שטאַרק פרייען מיט דעם.

און אַז די וועגעלעך ווערן פול, מאַכן זיי דעם מאַרשרוט צוריק, לייגן אָפּ דעם גאַנצן ראַמש סחורה נעבן דער „ראַנטשאָ", הויבן דאָס אָן צו סאָרטירן, כדי דאָס צו קאָנען פאַרקויפן פאַר אַ שיבוש, זיי זאָלן נישט דאַרפן הונגערן אַ גאַנצן טאָג.

ביינאַכט באַקומט די געגנט אַן אימהדיקן אויסזען. פון דער געדיכטער פינצטערניש שיילן זיך אַרויס די טונקעלע „ראַנטשאָס" וואָס זעען אויס ווי ליימענע נאָרעס. מענטשלעכע סילועטן דרייען זיך אַרום, שושקען זיך אין דער שטיל, פאַרדעכטיק, ווי זיי זאָלן זיך גרייטן צו עפּעס. צומאָלס ווערט איבערגעריסן די שווערע אָנגעשטרענגטע שטילקייט, ס׳דערהערן זיך געשרייען, הייזעריקע פאַרדומפּענע קולות, אַ פחד, אַן אומהיימלעכקייט הויערט איבערן גאַנצן געגנט. פון צייט צו צייט הערט מען דאָס בילן פון אַ הונט וואָס פאַרגייט זיך אין אַ היילנדיקן געיאָמער, ווי ער וואָלט באַדויערט און באַוויינט אָט די עלנטע, אַרויסגעשטויסענע, וואָס האָבן זיך דאָ פאַרקליבן הינטערן שטאָט, לעבן ווי אָפּגעזונדערטע, וואָס האָבן געפונען אַ מקום מקלט אין דער פאַרוואָרפענער געגנט, וואָס טראָגט דעם נאָמען „קאַנטעגריל". — — — — — — — — — — — — — — — —

# אַ פאַרשטערטע היים

די מוטער איז איבערגעגעבן אינגאַנצן מיטן קראַנקן קינד. אַלע אירע געדאַנקען זיינען פאַרנומען מיט אים, מיטן געבן אים צו דער צייט די רפואות, די ספּעציעלע מאכלים וואָס זי גרייט צו פאַר אים, אַרויסנעמען אים שפּאַצירן אַלע טאָג, כדי ער זאָל בעסער שלאָפן ביינאַכט. זי נעמט אים אָפטער צום דאָקטער ער זאָל אים אונטערזוכן, זען זיין צושטאַנד, זי ווייסט אַז ער מוז זיין אונטער דעם דאָקטערס אויפזיכט און זי פירט אויס פּינקטלעך זיינע אָנווייזונגען.

דער מאַן פילט זיך געטראָפן וואָס די פרוי זיינע האָט פאַרגעסן אין אַלעמען, גיט זיך נאָר אָפּ מיטן „כערליאק", וואָס זינט ער איז געבוירן געוואָרן, האָבן זיי נאָך קיין גוטן טאָג פון אים נישט געהאַט, ער מאַטערט און פאַרפינצטערט אַלעמען דאָס לעבן. דער מאַן פילט זיך ווי אַן איבער־ריקער אין שטוב, ווי דאָס קראַנקע קינד וואָלט אַלעמען באַזייטיקט, צוגענומען די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פאַר זיך... ער ווענדעט זיך אַ סך מאָל צו דער פרוי, ער וויל סימולירן זיין פאַרביטערטקייט, רעדט צו איר מיט איבערגעבנקייט.

— גיסט אים אַלץ נאָך, וואָס ער רעדט אַרויס טראָגסטו אים באַלד אונטער. ער ווערט צעפּיעשטשעט ווי אַ קליין קינד, דערנאָך וועט אים זיין שווער אָפּצוגעוויינען און מ'טאָר נישט אַזוי זיך אָפּזונדערן — גיט ער צו — איזאָלירן זיך פון אַלעמען, מיר זיינען נאָך יונגע מענטשן.

— כ'קען נישט, מיין האַרץ לאָזט מיך נישט, איך זאָל גיין פאַר־ברענגען און אים לאָזן אַליין, כ'וואָלט פון מיר געריסן שטיקער. ער איז דאָך אַזוי געשטראָפט און אומבאַהאָלפן.

— דו האָסט אים שלעכט איינגעוווינט, — זאָגט דער מאַן מיט אַ האַרט קול, וויל איר פאַרוואַרפן — דו לאָזט אים קיינמאָל נישט אַליין, ציטערסט און דו פלאַטערסט איבער אים. ער ווערט אַלץ מער צוגעבונדן צו דיר, דערנאָך וועט אים זיין שווער אָפּצוגעוווינען.

— וואָס זאָל איך טאָן? — צעשפּרייט די פרוי אירע הענט איןביידע זייטן, ווי זי זאָל זוכן פון ערגעץ הילף. — אַז מיינע געפילן זיינען אַנדערש, אַז איך פאָלג דיך און מיר גייען ערגעץ אַרויס, טראַכט איך כסדר פון אים, אַז ער איז אַליין. ס׳גייט מיר קיין זאַך נישט איין. ס׳האַרץ ווייטיקט מיר אויפן קינד.

— דו טוסט אים נישט קיין טובה מיט דעם, ער ווערט נאָך מער קאַפּריזנע און צעפּיעשטשעט און מיר האָבן זיך דערווייטערט פון אַלעמען צוליב אים.

— מיר מוזן אָננעמען אונדזער שווערן גורל, — זאָגט די פרוי אָנט־שלאָסן, — אַז ס׳איז נישטאָ קיין אַנדערע ברירה, — ס׳איז אונדזער קינד, אונדזער בלוט און פלייש, מיר האָבן אים געבראַכט אויף דער וועלט, איז אונדזער פליכט אים צו דערציען, אים צו העלפן.

דער מאַן בלייבט שטיל, פאַרטראַכט, האַלט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ. אַלע זיינע אַרגומענטן רינען אויס פון אים. ער קען איר גאָרנישט ענטפערן. דער פרויס ווערטער זעט אים אויס ווי אַ שווערער פּסק־דין וואָס ס׳איז אוממעגלעך צו ענדערן, און וואָס האָט צעשטערט זייער היים.

דער פאָטער ווערט אַלץ מער דערווייטערט פון קינד, ער קען אים נישט פאַרטראָגן, זיין אָנוועזנהייט אַליין רעגט אים אויף. אַ סך מאָל וווּנדערט ער זיך, וואָס ער האָט נישט צו אים קיין סענטימענט ווי צו אַן אייגן קינד, נאָר ווי ער וואָלט געווען אַ פרעמדער וואָס האָט זיך אַריינגעריסן צו זיי אין שטוב, פאַראומערט זיי דאָס לעבן, האָט צעשטערט דעם שלום־בית און האָט געמאַכט אַזוי אַז ער זאָל זיך פילן ווי אַן איבער־ריקער ביי זיך אין דער היים. ער קען אים דעריבער אויף די אויגן נישט זען.

דאָס קראַנקע קינד הויבט אָן אַ סך מאָל נאָכגיין דעם פאָטער, ווי ער זאָל פילן דעם פאָטערס פרעמדקייט צו אים און ער זאָל וועלן אַרויס־ווייזן זיין צוגעבונדנקייט, זיין באַענטקייט.

דער פאָטער ווערט דענערווירט, הויבט אָן שרייען אויף אים וואָס ער פלאָנטערט זיך אַרום, לאָזט קיינעם צורו און די גאַנצע שטוב איז אים ווייניק. ער גיט אים אַ לייכטן שטויס, ווי ער זאָל אים וועלן אָפּשטופּן פון זיך.

דאָס קינד בייגט אַראָפּ דעם קאָפּ, פאַרבייסט די ליפּן פאַר באַליידיקונג

און פאַרדרוס, ער לויפט אַוועק מיט אַ כליפּענדיקן געוויין צו דער מאַמען, גייט פאַרמסרן דעם טאַטן.

די מוטער קומט צולויפן אַ דערשראָקענע, הויבט אָן איינגעמען דאָס קינד וואָס פאַרגייט זיך פון געוויין, ווערט בלאָס, שטיקט זיך, פאַרלירט דעם אָטעם, פאַרוואַרפט מיטן קאָפּ און פאַרגלייזט די אויגן.

די מוטער פאַרלירט זיך נישט, זי איז שוין צוגעוווינט צו דעם, דאָס פּאַסירט מערסטנטייל ווען ער רעגט זיך אויף, אָדער ווען ער פילט זיך באַליידיקט. זי פירט אים אַרויס אין דרויסן ער זאָל איינאָטעמען פרישע לופט. זי פּעטשלט אים איבערן פּנים, רייבט אים די שלייפן, דריקט אים פאַרן נאָז, ביז ער קומט צו זיך. זיין בלאָס פּנים הויבט זיך אָן רויטלען, ער עפנט די אויגן, דערזעט די מוטער נעבן זיך און טוליעט זיך צו צו איר.

— ביסט אַן אכזר! אַ פאַרדאָרבענער מענטש! אַז דו קענסט אַרויפּ־לייגן אַ האַנט אויף אַ געשטראָפט קינד, — זאָגט די פרוי מיט אַ ווייטיק־לעך קול. — האָסט נאָר אינזינען זיך אַליין, דיינע באַקוועמלעכקייטן, ווייטער גייט דיר קיין זאַך נישט אָן, פילסט קיינעם נישט מיט.

— וואָס האָב איך אים געטאָן? אַז ער איז אומעטום פול, פּלאָנטערט זיך אַרום און לאָזט קיין זאַך נישט טאָן, האָב איך נישט ווילנדיק אַ שטויס געטאָן, איז ער באַלד געלאָפן צו דיר פאַרמסרן — וויל דער מאַן זיך פאַרענטפערן.

— נישט ווילנדיק אַ שטויס געטאָן, אַז דאָס קינד איז זיך אַזש פאַר־גאַנגען, געחלשט, קען קוים קומען צו זיך.

— דאָס ביסטו שולדיק! האָסט געמאַכט פון אים אַ לעמעשקע, אַ צע־קראָכענע ליאַלע. פון יעדער קלייניקייט הויבט עס באַלד אָן וויינען און גייט גלייך פאַרמסרן צו דער מאַמען. האָסט אים צופיל צעפּיעשטשעט, — וויל דער מאַן אַרויסלייגן זיינע שטענדיקע טענות.

— ביסט אַן עגאָיסט! האָסט דאָס קינד קיינמאָל נישט טאָלערירט, נישט מיטגעפילט ווי אַ פאָטער צו זיין אייגן קינד, צו זיין בלוט און פלייש, — זאָגט די פרוי און האַקט אָפּ דעם שמועס, נעמט דאָס קינד און גייט מיט אים אַריין אין צווייטן צימער.

אין אָוונט זיצן מאַן און פרוי און שמועסן. אַלע נאַכט, ווען זיי בלייבן אַליין, ריידן זיי וועגן קינד, וואָס פאַרנעמט אַלע זייערע רעיונות. דער

מאַן וויל אַרויסווייזן זיין געטריישאַפט און פאַרגלעטן דעם פריערדיקן איבעררייד.

— אַ סך מאָל אַז איך קוק אויף דיר, רייסט מיר דאָס האַרץ, אונדזער זונס קראַנקייט האָט געמאַכט פון דיר אַ תל. דו געדענקסט אַז איך פלעג דערזען ביי דיר אַ גרויע האָר אין קאָפּ האָב איך דאָס נישט געקענט פאַרליידן. איצט זיינען דיינע האָר אינגאַנצן ווייס געוואָרן. ביסט דעם גאַנצן מעת־לעת פאַרנומען מיטן קינד, וואָס וועט זיין ווייטער? דו זעסט דאָך נישט אָן די ליכטיקע שיין.

— אפשר איז דאָס אונדזער גורל, — זאָגט די פרוי פאַרטראַכט, דער־מאָנט זיך די פריערדיקע מחלוקת און ס'טוט איר באַנג דאָס איבער־ווערטלען זיך. — אונדז איז נישט באַשערט צו געניסן פון לעבן, האָבן אַ ביסל גליק. זי באַקומט רחמנות אויפן מאַן. טראַכט, אַז זי געפינט זיך צווישן צוויי פייערן..

— הער מיך אויס, — זאָגט דער מאַן, זעענדיק אַז די פרוי איז אויפ־געלייגט — איך האָב אַ פּלאַן, דאָ אין שטוב וועט פון אים קיין לייט נישט זיין, מוזן מיר געפינען אַזאַ אַנשטאַלט ווו ער וועט זיך אַ ביסל אָפּגעווווינען פון אונדז, פון דער היים. דאָרטן וועט ער נישט קענען אויס־פירן זיינע קאַפּריזן, קיינער וועט אים דאָרטן נישט טשעטשקען, וועט זיין אַ סך בעסער פאַר אים. כ'האָב שוין גערעדט מיטן דאָקטער, — גיט ער צו, ווי ער זאָל ווייזן, אַז דער דאָקטער איז אויך מיט זיין מיינונג. ס'איז פאַראַן אַזאַ שולע פאַר דעפעקטיווע קינדער ווו מ'לערנט זיי, מ'דערציט זיי, זיי זיינען אונטער אַ געוויסער דיסציפּלין, אונטער דער אויפזיכט פון דאָקטוירים.

— ניין, ניין! — האַקט די פרוי איבער זיינע רייד, לאָזט אים נישט פאַרענדיקן, וואָרנט אים אַז זי וועט פאַר קיין פאַל נישט מסכים זיין.

— דאָס איז צוליב דיין טובה וועגן, דו וועסט קענען קומען צו זיך און ס'וועט פאַר אים אויך זיין בעסער, דערנאָך וועסטו זען אַז איך בין געווען גערעכט.

— איך וועל נישט קענען זיין ווייט פון אים, — זאָגט די פרוי מיט אַן אומעטיק אָנגעלאָדן קול. — כ'וועל איבערטראַכטן, איבערקלערן, טאָמער האָט עפּעס פּאַסירט מיט אים.

— ווייבערשע טענות, — זאָגט דער מאַן מיט ביטול. — אין דער

שול זיינען דאָ אויפזעערס, דאָקטוירים, לערערס, דערציערס, ס'וועט אים זיין בעסער ווי אין שטוב.

— ער וועט נישט זיין אַליין אָן מיר, ער וועט בענקען. זיין צושטאַנד קען זיך פאַרערגערן.

— ער טאָר נישט זיין אין שטוב! ער וועט אונדז אַלעמען פאַר־מאַטערן! — וויל דער מאַן אָנשרעקן, — אין דער שול וועט ער זיין צוזאַמען מיט אַנדערע קינדער, דאָרטן וועט מען אים איבערדערציען און ער וועט נישט האָבן אין וועמען זיך מתקנא צו זיין און פאַר דיר וועט אַוודאי זיין בעסער.

— ניין, ניין, פאַר מיר נישט! זאָג ניט אַז דו טוסט דאָס צוליב מיר, — זאָגט די פרוי. — איך בין צופרידן אַז איך קען עפּעס טאָן פאַר אים, אַז איך קען אים פאַרגרינגערן. ער איז אַזוי געשטראָפט, אומגליקלעך, זיין מזל איז געגנוג פינצטער. מאַך נישט קיין רחמנות־פּנימל אַז דו טוסט דאָס צוליב מיר, אַז דו ביסט מיר געטריי. ער איז דיר אַ שטער, ווילסט זיך באַפרייען פון אים. האָסט אים קיינמאָל נישט אַרויסגעוויזן קיין ליב־שאַפט־געפילן ווי צו אַן אייגן קינד. פון קליינווייז אָן האָסטו אים נישט פאַרטראָגן, נישט מיטגעפילט, איצט ווילסטו פון אים פּטור ווערן. דו האַסט אים! האָסט אים פיינט!

זי גיט זיך האַסטיק אַ הויב פון איר פּלאַץ, לויפט מיט שנעלע טריט צום קראַנקן קינד, ווי אים וואָלט געדראָט אַ געפאַר און זי איילט זיך אים צו באַשיצן. זי גייט אַריין אין זיין צימער אויף די שפּיץ־פינגער און באַמערקט אַז ער איז וואַך. ער זיצט אַ צעשויבערטער אין בעטל, ער קוקט פאַר זיך אָנגעשטרענגט, צעשראָקן און איז אינגאַנצן צערודערט, ווי דער שאַרפער וויכוח פון טאַטע־מאַמע וואָלט אים אויפגעוועקט פון שלאָף און אָנגעוואָרפן אויף אים אַ פּחד, ער איז באַזאָרגט פון טאַטנס שאַרפע רייד, פון זיינע דראָונגען.

די מוטער גייט צו צו אים, נעמט אים צערטלעך אַרום, הויבט אים אָן טוליען צו זיך און גלעטן. זי פּרובירט אים באַרואיקן, איינגעמען מיט שטילע מילדע רייד, פאַרזיכערט אים אַז זי וועט אים קיינמאָל נישט פאַרלאָזן. ער זאָל נישט מורא האָבן, זיך נישט שרעקן. ביז דאָס קינד פילט

זיך באַרואיקט, באַשיצט, ס׳קלעפּן זיך אים די אויגן און ער הויבט אָן איינשלאָפן. די מוטער האַלט אים אַרומגענומען, טוליעט אים צו זיך און שעפּטשעט אין דער שטיל, איבערחזרנדיק די ווערטער: „מיין אָרעם קינד, מיין טייער קינד...״



# ביים ברעג ים

(רעפּאָרטאַזש)

די אויסגעפּוצטע ווילּיעס, די לוקסוסדיקע „טשאַלעען" ביים ברעג ים זיינען געבויט אין פאַרשידנאַרטיקע סטילן — אַלע האָבן זיי אָבער ברייטע אַריינגאַנגען, טעראַסעס מיט אונטערגעשפּאַרטע קאָלאָנעס, וואָס זעען אויס ווי אויפגעשטעלטע טריומף־טויערן, אויפצונעמען די חשובע איינוווינער אָדער פאַרבעטענע געסט...

אין די הייסע דושנע זומער־טעג, אין די פאַרנאַכטן, זיצן די אייגנ־טימער פון די ווילּיעס אויף די טעראַסעס, אין די אַלייען פון די פאַר־פּוצטע גערטנדלעך, צעלייגן זיך רחבותדיק אויף די וויג־שטולן, אויף די האַמאַקן, וואָס שטייען צעשטעלט אין די באַבלומטע אַלייען.

די קילע דערפרישנדיקע ים־ווינטלעך דערנעענטערן זיך צו די ווילּיעס, גלעטן און צערטלען מיט זאַנפטע באַרירונגען די וואָס זיצן צעלייגט אויף די וויג־שטולן, פאַרוויגן זיי אין אַ לייכטן דרימל.

די ווילּיעס זיינען געבויט אויף די העכסטע פּלעצער און דעריבער זעט עס אויס ווי זיי וואָלטן אַראָפּגעקוקט מיט גאווה. און טאָמער וויל איינער בויען זיין ווילּיע אויף אַ פּלאַץ וואָס איז נידעריקער ווי די איבעריקע, געפינט ער אַן עצה — לאַסט־אויטאָס קומען כסדר און ברענגען פולע אָנגעלאָדענע קאַסטנס ערד, הויבן אויף דעם פּלאַץ, און אַז דער „טשאַלעט" ווערט אַרויסגעהעכערט און שטייט גלייך ווי די איבעריקע, זעט אויס ווי ער וואָלט זיך דורכגעוווּנקען מיט די שכנים — מיר האָבן זיך אויסגעגלייכט, מיר זיינען דאָך פון איין שטאַנד...

פונקט אַנטקעגן די לוקסוס־ווילּיעס אויפן אַנדערן ברעג ים, וואָס איז אַ סך נידעריקער, זעט מען די פישער־שטיבלעך, אין וועלכע די פישערס האַלטן זייערע מכשירים, זייער גאַנץ קלאַפּער־געצייג, אין וואָס זיי נויטיקן זיך.

די שטיבלעך וואָס זעען אויס ווי בלעכענע „ראַנטשאָס", זיינען אַרומ־

געצוימט מיט קליינעביימעלעך אַרום און אַרום — וועלכע באַשיצן פון די ווינטן וואָס בושעווען דאָ פראַנק און פריי — די ביימעלעך גיבן אויך אַ קילן שאָטן אין די הייסע דושנע זומער־טעג.

אַנדערע פישער־שטיבלעך פאַרמאָגן אויסגעפּלאַסטערטע שטיינערנע אַריינגאַנגען, שטיינערנע טיש און בענק צום זיצן, אַרומגעצוימט מיט נידעריקע פאַרקנדלעך, ענלעך ווי די וויליעס פון אַנטקעגן. נאָר די אַרויס־געהאָנגענע נעצן אויף די הילצערנע שטאַנגען, וואָס הענגען אין די זוניקע טעג צום טריקענען — דערמאָנען אַז דאָס זיינען שטיבלעך וואָס געהערן צו אָרעמע פישערס.

אין די רעגנדיקע טעג, אָדער ווען דער ים איז שטורעמדיק און די פישערס קענען נישט אַרויספאָרן, דאַן קוקן אַרויס די פישער־שטיבלעך מיט געפאַלענער איינזאַמקייט צו די וויליעס פון אַנטקעגן וואָס זיינען באַוווינט, פון די קוימענדלעך שלענגלט זיך אַ רויך אין די פרימאָרגנס, קינדער לויפן אַרום און שטיפן, זייערע קלינגענדיקע שטימען הילכן אָפּ איבערן ברעג ים ווי פויגלשע טרילערייען און זיי שטייען עלנטע און פאַרלאָזטע. אָ׳ונטצייט, די פישער־שטיבלעך זיינען פאַרזונקען אין חשכות. פון זייערע פאַרראָסטע פענצטערלעך קוקט אַרויס אַ בענקנדיקער אומעט. דאַן בליצן אַרויס פון די וויליעס די אָנגעצונדענע לאָמפּן און ס׳הערן זיך מענטשלעכע שטימען, זאָרגלאָזע געלעכטערס, פול מיט פרייד און לוסט — ווי זיי וואָלטן אויסגעלאַכט די אָרעמע פישער־שטיבלעך.

די שיפלעך וואָס שטייען פאַראַנקערטע ביים ברעג, וואַרטן אויך אומ־געדולדיק, בענקען נאָך די פישער־יונגען, נאָכן קלאַנג פון זייערע שטימען. זיי קומען צוגיין, טרעטן מיט שווערע טריט איבערן זאַמד, הייבן אָן אָפּצובינדן די אַנקערס, שטופּן דאָס שיפל אַלץ מערער צום ברעג, זעצן זיך דערנאָך אַריין און הייבן אָן רודערן מיט די וויאָסלעס, פאָרן אַלץ ווייטער פון ברעג, צו פאַרוואַרפן די נעצן.

דערפאַר אין די שיינע זומערדיקע טעג, ווען דער ים איז רואיק — און ס׳קומען די פישערס — באַקומען די פישער־שטיבלעך אַן אַנדער אויסזען. מיט איינגעהאַלטענער פרייד קוקן זיי צו, ווי די פישערס הייבן אָן אַרויסטראָגן זייערע מכשירים, הענגען אַרויס די נעצן אויף די היל־צערנע שטאַנגען, זעצן זיך אויס און שמועסן געמיטלעך. אַנדערע צינדן אָן אַ פייער, גרייטן צו וואַרעם וואַסער צו טרינקען אַ „מאַטע״ — און

שווייגן בשעת־מעשה פאַרטיפט, ווי זיי זאָלן זיך פוילן דאָ ביים ברעג ים, ביים רויש פון די כוואַליעס צו פירן געשפּרעכן, וואָס זאָל זיי שטערן דאָס צוגרייטן צום פיש־פאַנג.

און אַז די פישערס זיצן שוין אויסגעזעצט, יאָוועט זיך באַלד אויס־געהונגערטע, היימלאָזע קעץ און הינט, וואָס דרייען זיך אַרום און קוקן אָן מיט אומהיימלעכע בליקן יעדן פאַרבייגייער וואָס דערנעענטערט זיך. זיי ווייסן אַז שפּעטער וועלן זיי אויך באַקומען זייער חלק — און זיי ווילן אַרויסווייזן זייער געטריישאַפט.

די פישערס זיצן אויסגעזעצט נעבן זייערע שטיבלעך ברייטלעך, פילן זיך מעשה באַלעבאַטים. זייערע זשעסטן און באַוועגונגען זיינען געלאַסענע, געדולדיקע.

נאָר אַז די זון הייבט אָן פאַרגיין, דער גאַנצער אַרום ווערט באַגאָסן מיט אַ גאָלדענעם שיין, דער ים ווערט רואיקער, שטילער, ווי ער וואָלט איינגעהאַלטן זיין שטענדיקן גערויש און וואָלט זיך צוגעקוקט פאַרגאַפט צו דער פאַרגייענדיקער זון, דאַן זעצן זיך די פישערס אַריין אין די קליינע שיפלעך, הויבן אָן רודערן מיט די וויאָסלעס, דערווייטערן זיך אַלץ מער פון ברעג. און אַז זיי פאַרוואַרפן די נעצן ווייט אין ים, פאַרן זיי צוריק, פאַראַנקערן די שיפלעך און הייבן אָן אַרויסציען די שטריק, גייען הינטערוויילעכץ טריט ביי טריט שווייגנדיקע, פאַרטיפטע, פאַר־גאָסענע מיט דער בראָנדזענער שיין פון דער אונטערגייענדיקער זון, זעען זיי אויס ווי מיסטעריעזע פיגורן וואָס באַוועגן זיך פאַרזיכטיק איבערן זאַמד.

און אַז די נעץ ווערט אַרויסגעצויגן באַווייזן זיך גאַנצע טשאַטעס הונגעריקע מעוועס — וואָס הייבן זיך אָן אַרומדרייען, מאַכן הקפות און זייערע פּישטשענדיקע הונגעריקע קולות פאַרהילכן דעם אַרום, ווי דאָס וויינען פון קליינע הונגעריקע קינדער, וואָס בעטן עסן.

ביים אַרויסציען די נעץ פון ים דערשפּירן באַלד די פיש די סכנה און זיי הייבן אָן שפּרינגען צוריק אין וואַסער, אַנדערע צאַפּלען זיך און גייען דערנאָך אויס אין גסיסה־יסורים, און אַז דער פאַנג גיט זיך איין, דאַן הייבן די פישערס אָן אויססאָרטירן די פאַרשיידענע סאָרטן פיש, לייגן זיי אַריין אין קעסטלעך און גייען צופרידענע אַהיים.

# צער און טרייסט

די פאַרצווייגטע משפּחה איז די ערשטע צייטן געבליבן צערודערט דערשלאָגן פון דעם אומגעריכטן קלאַפּ, צוליב דעם צעפּיעשטשעטן בן־יחיד, וואָס האָט געפּרוווט מאַכן אַ סוף צו זיין לעבן. מ׳האָט זיך געגריבלט, נאָכ־געטראַכט וואָס האָט אים געטריבן צו באַגיין אַזאַ שריט, און מ׳האָט נישט געקענט קומען צו קיין שלוס.

אַ טייל האָבן אָפּן אויסגעדריקט זייער כעס קעגן אים, פאַרוואָס ער האָט נישט נאָכגעטראַכט אַפילו איין סעקונדע, אַז זיין אַקט קען פאַר־אומגליקלעכן זיך און די גאַנצע משפּחה. מ׳איז נישט געשלאָפן קיין נעכט. דער געדאַנק, אַז אפשר ווען מ׳ווייסט פריער וואָלט מען געקענט פאַרמיידן אַזאַ גרויסן אומגליק, האָט געריסן שטיקער. אַנדערע האָבן זיך דערמאָנט, אַז ער איז די לעצטע צייטן אַרומגעגאַנגען אומעטיק, מרה־שחורהדיק, אפשר האָט ער זיך שוין דעמאָלט אַרומגעטראָגן מיט דעם פינצטערן געדאַנק און מ׳האָט גאָרנישט געוווּסט.

אין זיין געפערלעכן צושטאַנד האָט מען אַלץ פאַרגעסן. אַלעמען האָט באַהערשט איין געדאַנק — מ׳דאַרף אים ראַטעווען, מ׳מוז אים צוריק־ברענגען צום לעבן... מ׳האָט אים אַרומגערינגלט מיט ליבשאַפט און צערטלעכקייט, אָפּגעהיט טאָג און נאַכט. מ׳האָט געציטערט און געפלאַטערט איבער אים, און ס׳האָט אויסגעזען אַז אַלע פריינד און קרובים פילן זיך עפּעס שולדיק, אַז זיי האָבן אים פאַרזען... און ווילן איצט מתקן זיין...

און אַז ער איז געקומען צו זיך, האָבן אַלע פרייער אָפּגעאָטעמט. די שפּאַנונג האָט נאָכגעלאָזן, די אָנגעצויגענע מאַטערנדיקע רעיונות זיינען זיך צעגאַנגען, אָפּגעטראָטן. ביסלעכווייז האָבן די פריינד אָנגעהויבן קומען זעלטענער. געפאַלן איז נאָר די לאַסט אויף טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן פאַרבונדן זייער לעבן מיטן לעבן פון זייער געראַטעוועטן זון...

די מוטער טרעט נישט אָפּ פון בעט. זי פילט אַז איר אָנוועזנהייט פאַרלייכטערט זיינעליידן. זי קוקט אויף אים און איר האַרץ ווערט פאַר־

קלעמט פון ווייטיק, אַלץ אין איר ווײַנט אויף זיין דערדריקנדיקן מצב, אויף זיין אומבאַהאָלפנקייט. וויפל מאָל זי האָט אים אַרויסגעראַטעוועט פון סכנה, פון שווערע קראַנקייטן, אינפעקציעס, אַלץ האָט זיך געטשע־פּעט צו אים. קיין זאַך האָט אים נישט אויסגעמיטן. וויפל מאָל האָבן דאָקטוירים אים אָפּגעזאָגט דאָס לעבן, געהייסן איר רעזיגנירן... זי האָט זיך נישט אונטערגעגעבן, אים אַ סך מאָל ארויסגעריסן פון די בעגל פון טויט... ביז זי האָט אים געשטעלט אויף די פיס. ער איז אַלץ איבערגעקו־מען. זי האָט זיך אַליין נישט געגלויבט, ער איז אויסגעוואַקסן, געוואָרן קרעפטיק, אַפילו די שוואַכע ראיה האָט זיך אויך ביי אים געבעסערט. איצט מיט זיין פאַרצווייפלטן שריט וואָס ער איז באַגאַנגען האָט ער מער ווי אַלעמאָל געטראָפן זי... איר גאַנצע מי פון אַזויפיל יאָרן, איר געזונט, אירע יונגע כוחות, דאָס גאַנצע לעבן וואָס זי האָט זיך מקריב געווען פאַר אים — אַלץ ליגט איצט צעשטויבט, צעטראָטן און פאַרשעמט...

ס׳איז אָוונט־צייט. דער מאַן שפּאַצירט אַרום איבערן צימער מיט שטילע איינגעהאַלטענע טריט. ס׳איז אים שווער צו שפּרייזן אין דער אָנגעצויגענער שטילקייט. ער געפינט זיך קיין אָרט נישט. די געמיטלעכע היים ווו ער פלעגט אויפנעמען די קינדער, די אייניקלעך, וואָס האָבן שטענ־דיק אָנגעפילט די שטוב מיט פרייד און היימלעכקייט, איז איצט פאַרצערט מיט אומעט און אַנגסט. אַלץ דרייט זיך אַרום קראַנקן, די זין, די שניר קומען אַליין, נעמען נישט מיט די אייניקלעך, זיי זיינען אונטער אַ ווײַלע און גייען באַלד אַוועק. זיי קענען נישט צוזען דעם צער פון טאַטע־מאַמע.

די טיר פון קראַנקנס צימער איז האַלב אָפן, און אַז דער מאַן גייט פאַרביי זעט ער זיין פרוי, זי זיצט האַלב איינגעבויגן מיטן קאָפּ אָנגע־שפּאַרט אין קאַנט פון בעט און דרימלט, זי האַלט דאָס מויל אָפן און איר געזיכט דריקט אויס אַנגסט און אומרו...

ס׳הויבט אים אָן שטיקן אין האַלדז, די אויגן ווערן אים פאַרלאָפן, ער שפּירט ווי דינע ריטשקעלעך וואַלטן געשטראָמט פון אַלע ווינקעלעך פון זיין ווענז, פאַרפלייצן אים אינגאַנצן. אויף זיין פרוי האָט דאָס גע־ווירקט מער ווי אויף אַלעמען... אָ, ווען מ׳וואָלט דאָס געקענט פאַרויסזען, וויפל פּיין און עגמת־נפש האָט מען געקענט אויסמיידן. ווי דער גורל שפּילט זיך מיטן מענטשנס לעבן... טראַכט ער.

איצט זיצט זיין פרוי אַן איינגעבויגענע, אַ צעבראָכענע און טרעט

נישט אָפּ פון בעט. ווי קיין זאַך וואָלט גאָרנישט עקזיסטירט, נאָר דער צימער, דאָס בעטל און דער קראַנקער זון, וואָס ראַנגלט זיך צווישן לעבן און טויט...

זי היט און וואַכט איבער אים, האָט נישט צו קיינעם קיין צוטרוי, קוקט אויף אַלעמען מיט תרעומות, ווי אַלע וואָלטן געהאַט אַ שולד וואָס מ׳האָט אים פאַרזען... און אַז זי ווערט מיד, ס׳באַפאַלט זי דער שלאָף, שפּאַרט זי אָן די הענט אין קאַנט פון בעט און דרימלט, כאָטש איר געהער איז אָנגעשפּיצט, גרייט טאָמער דאַרף דער קראַנקער עפּעס.

און אַז ער הויבט אָן זיך צו בעסערן, ער גייט ביסלעכווייז אַראָפּ פון בעט, מישן זיך אויס אין איר געפילן פון פרייד און טרויער, צער און האָפענונג. ער זעט אויס ווי אַן איינגעקאָרטשעטער בוים וואָס מ׳האָט געפּרוווט איבערהאַקן די וואָרצלען... ער האַלט כסדר אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ ווי ער וואָלט געהאַלטן אויף זיך אַ שווערע משא. איין אויסגערונען אויג זעט אויס ווי פאַרגליווערט, פאַרשטאַרט. דאָס צווייטע אויג ציטערט, פּינטלט, קוקט אַרום זיך מיט שרעק, אומצוטרוי... יעדן טראָט וואָס ער שטעלט קומט אים אָן שווער, ווי ער וואָלט געגאַנגען אויף אַ גליטשיקן באָדן.

די מוטער פירט אים ווי אַ קליין קינד, וואָס מ׳לערנט גיין. זי ווייסט אַז ער זעט ווייניק און זי לאָזט אים נישט אַ סעקונדע אַליין. ער גייט עטלעכע שריט און שטעלט זיך אָפּ, זיפצט אַרויס און קוקט פאַר זיך מיט אַ ווייטן אומהיימלעכן בליק. די מוטער האַלט אים פעסט פאַרן אָרעם ער זאָל נישט אומפאַלן, זי רעדט צו אים מיט אַן אויפמונטערנ־דיקן קול.

— איצט, אַז דו גייסט שוין גאָט צו דאַנקען אַרום, וועסטו אַלץ איבערשטאַרקן. דאָס ערגסטע ביסטו שוין איבערגעקומען. דאַרפסט זיך נעמען אין די הענט, זיך שטאַרקן.

דער קראַנקער פּלאָנטערט מיטן צונג, שטאַמלט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער וואָס די מוטער קען נישט אויפכאַפּן זייער באַדייט. ער פילט זיך מיד און פאַרמאַטערט פון דעם קורצן שפּאַציר וואָס דער דאָקטער האָט געהייסן מאַכן. ער פאַלט אַוועק אויף אַ שטול, פאַרברעכט מיט די הענט און האַלט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן צו דר׳ערד.

די מוטער זוכט אים צו צעשטרייען. זיין דערשלאָגנקייט לאָזט זי נישט רוען, זי נעמט אַ בוך און וויל אים פאָרלייענען. דער קראַנקער

ווייל זיך קאָנצענטרירן, זיין שיקלדיק אָפּן אויג הערט אויף צו ציטערן, ער הערט דאָס געלייענטע און כאַפּט נישט אויף דעם זין פון די ווערטער, דער מאַמעס רייד דערגרייכן נישט צו אים. זי נעמט אים אונטערן אָרעם פירט אים אַריין צו זיך אין צימער ער זאָל זיך לייגן אין בעט.



שפּעט נאָך האַלבע נאַכט. דער קראַנקער איז וואַך. די מוטער זיצט נעבן זיין בעט און וואַרט ער זאָל איינשלאָפן. דער קראַנקער איז אומ־רואיק, ער דרייט זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער. ער קנייטשט מיטן שטערן, ווי ער זאָל זיך ווילן דערמאָנען וואָס מיט אים איז פאָר־געקומען. זיין שיקלדיקער בליק קוקט ביסטרע, אָנגעשטרענגט, ער ווענדעט זיך צו דער מוטער:

— כ׳וויל וויסן — זאָגט ער מיט אַ שטאַמלענדיק לשון און זיין קול ציטערט, ברעכט זיך — וואָס איז מיט מיר געשען? כ׳בין געווען קראַנק? כ׳געדענק גאָרנישט.

— דיר האָט געטראָפן אַן אַקצידענט — זאָגט די מוטער צעטומלט. — דו ביסט געווען לעבנס געפערלעך. אָבער דו ביסט שוין אַלץ איבער־געקומען בשלום.

— אַן אַקצידענט? — חזרט ער איבער דאָס וואָרט מיט גרויס פאַר־וווּנדערונג. ער בלייבט פאַרטראַכט, אַלץ אין אים גריבלט זיך, פאָרשט צו דערגיין, זיך דערמאָנען די לעצטע פּאַסירונגען. איבערגעריי־סענע פאַרטעפּעטע פעדים קניפּן זיך אין זיין מוח און ס׳קומט אים אָן שווער זיי אויסצופּלאָנטערן.

מיטאַמאָל גיט ער זיך האַסטיק אַ זעץ אויף אין בעט. אַ מטושטשדיקער רעיון וויקלט זיך אָפּ אין אים און ער דערמאָנט זיך עפּעס. ער הויבט אָן ציטערן און טרייסלען מיטן גאַנצן קערפּער, ווי אַ שווידערנדיקע קעלט וואָלט אים דורכגענומען. ער באַוועגט מיטן קאָפּ היין און צוריק און שלוכצט אַרויס מיט אַ הייזעריק פאַרדומפּן קול, וואָס וואַרפט אָן אַ פּחד אויף דער מוטער.

— צו וואָס האָט איר מיך געראַטעוועט? צו וואָס? — — — —

די מוטער לויפט ברענגען אַ פּיל אים צו באַרואיקן. זי געדענקט דעם דאָקטערס פאַראָרדענונג. זי הייסט אים לייגן זיך, זי וויל אים איינ־

נעמען, איינשטילן און ס׳געלינגט איר נישט. ער בלייבט ליגן צערודערט, פאַרטראָגן. זיין צונויפגעקנוילטער קערפּער צוקט און טרייסלט זיך און ער קען נישט איינשלאָפן. דאָס קראַנקע אויג קוקט שטאַר, ביסטרע, זעט אויס ווי אַן אָפּגעקרישלט שטיקל גלאָז. דאָס אַנדערע אויג פינטלט כסדר, קוקט צעשראָקן, באַהערשט פון אַן אומבאַגרייפלעכן פחד...

די מוטער טרעט נישט אָפּ פון זיין בעט. זי האַלט אים כסדר פאַר די הענט. איר אָנוועזנהייט דערמאָנט אים אַז ער איז נישט אַליין... ביז ס׳הויבן אָן אַריינדרינגען אין צימער די ערשטע ליכט־שטראַלן וואָס זאָגן אָן דאָס אויפגיין פון אַ נייעם אויפשיינענדיקן טאָג, ווי שפּילנדיקע האַרפע־סטרונעס וואָלטן אָנגעפילט דאָס טונקעלע צימער מיט אַ ציטער־דיק אויפוואַכנדיק געראויש, פאַרטרייבן די שווערע טוכלע ריחות, דעם אומעט און אַנגסט. די בלאַסע שטראַלן ווי דינע פעדים פון אַ זילבערנער נעץ שפּרייטן זיך אויס אַרום קראַנקן, רינגלען אים אַרום. דער קראַנקער פאַרנעמט אַ שטיל איינוויגנדיק געזאַנג וואָס באַרואיקט אים, מידט אים איין און פאַרשלעפערט אים. דאָס פאַרוויגנדיקע געזאַנג קומט פון ערגעץ ווייט און איז פול מיט פרייד, האָפענונג און געגעזונג...

ס׳דוכט זיך אים, אַז ער איז אַ קליין קינד. די מוטער טוליעט אים צו זיך... האַלט אים אַרומגענומען, פאַרוויגט אים מיט אַ צערטלעך גלעטנדיק געזאַנג. ס׳גייען אַוועק פון אים אַלע ווייטיקן. ער פילט זיך זיכערער, באַשיצט... און אויף זיין בלאַס געזיכט שיינט אויף אַ גליקלעך געגעזנדיקער שמייכל.

# אַ הויכע מדרגה

די צייט ווען ער, מאַוריסיאָ גאָלדוויין, איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ וועגעלע איבער דער שטאָט און אויפגעקויפט אַלטע אייזנס, אַלטע חפצים, זעט אויס ווי אַ ווייטער חלום... ער וויל זיך נישט דערמאָנען... ס'פּאַסט אים נישט, לויט זיין איצטיקן שטאַנד און פּאָזיציע וואָס ער פאַרנעמט... אַז ער איז אַרומגעגאַנגען ווי אַלע „ביטשיקאָמעס" און גע־שטופּט דאָס וועגעלע... דאָס וואָלט געמינערט זיין אָנזען און חשיבות... און אַז ער דערמאָנט זיך יאָ, ווערט ער רויט פון חרפּה, פאַרשעמט זיך... ער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַלטע אָפּגעטראָגענע מלבושים, געשטופּט דאָס וועגעלע און געשריגן אויף אַ קול: אַלטע אייזנס, אַלטע חפצים קויף איך! כ'צאָל די העכסטע פּרייזן. אין די גרעסטע היצן, אין די גרעסטע קעלטן פלעגט ער אַזוי אַרומגיין, אויסמעסטן די גאַסן פון שטאָט, איינהאַנדלען מציאות. ער איז געוואָרן אָפּגעברענט, באַקומען אַ טונקעלע הויט, נישט צו דערקענען.

אין דער פרי איז אים געווען לייכטער, דאָס ליידיקע וועגעלע פלעגט לויפן, אונטערשפּרינגען ווי אַ יונג פערדל, ער האָט נישט געדאַרפט אָנווענדן קיין כוח. און אַז דאָס וועגעלע איז געוואָרן אַלעמאָל פולער, איז דאָס שוין געגאַנגען סקריפּענדיק, ווי עס וואָלט געקרעכצט פון דער שווערער משא. די אייזנס, אַלטע און פאַרזשאַווערטע, וואָס זיינען געלעגן אָנגעהויפנטע איינער אויפן אַנדערן, דאָבן אַרויסגעגעבן אַ פאַרשטיקט גרילצנדיק גערויש, ווי זיי וואָלטן אויסגעדריקט זייער בייזקייט, וואָס מ'פירט זיך אַרום מיט זיי איבער די גאַסן פון שטאָט, מ'ווייזט זיי פאַר אַלעמען — אַז דאָס זיינען אַלטע, אָפּגענוצטע זאַכן וואָס טויגן צו גאָרנישט...

אין מלחמה־צייט האָט דער פולער אָנגעהויפנטער לאַגער פון אַלטע אָפּגענוצטע זאַכן באַקומען אַלץ מער ווערט... יעדער שטיקל אייזן איז

פילפאַכיק געשטיגן. מ׳האָט געריסן פון די הענט, אים געצאָלט די העכסטע פרייזן, וואָס ער האָט אַפילו נישט געחלומט. ס׳איז געוואָרן אַ בהלה, אַן אויסכאַפּעניש פון די אַלע אָנגעזאַמלטע אַלטע סחורות.

מאַוריסיאָ גאָלדווין האָט געלאָזן שטיין דאָס וועגעלע און איז מער נישט געגאַנגען אין גאַס. ער איז געשטאַנען אין „גאַלפּאַן" און געוואַרט אַז מ׳זאָל קומען צו אים. איצט האָבן אַנדערע אים צוגעשטעלט די סחורות — דאָס זיינען געווען די „ביטשיקאָמעס" וואָס האָבן געוווינט הינטערן שטאָט. אַלע זיינען זיי געגאַנגען אָנגעטאָן אין שמאַטעס וואָס זענען נאָכגעהאָנגען אין שטיקער. באַוואַקסענע, פאַרשמאָדערטע, פאַרוואָר־לאָזטע, מיט זייערע פאַרהוישכטע פּנימער — האָבן זיי אויסגעדריקט דער־שלאָגנקייט, גלייכגילטיקייט און רעזיגנאַציע...

פאַר אַ שיבוש פלעגט ער אויפקויפן ביי זיי די פולע אָנגעפּאַקטע וועגעלעך. אַלץ איז ביי אים געווען אַ סחורה — אַלטע שמאַטעס, פּאַפּיר, פלעשער, אַלטע בלעכן, שטיקער קאַרטאָן וואָס זיי האָבן צונויפגעזשעב־רעוועט פון די בלעכן מיסט אין די פרימאָרגנס, אַלץ האָט געהאַט אַן אָפּגאַנג.

זיי האָבן זיך קיינמאָל נישט געדונגען מיט די פרייזן, נישט געוואַגט זיך קעגנצושטעלן. האָבן צוגענומען אונטערטעניק דאָס געלט און שווייגנדיקע אַוועק צוריק שטופּנדיק די ליידיקע וועגעלעך.

אַ סך מאָל האָט ער געקוקט אויף זיי מיט מיטלייד און רחמנות... זיך דערמאָנט, ווי ער אַליין איז אַזוי אַרומגעגאַנגען מיטן וועגעלע און ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג צו העכערן זיי די פרייזן, פאַרגיטיקן זיי... דערנאָך האָט ער זיך באַטראַכט, אַז ס׳איז אַרויסגעוואָרפענע געלט, סיי־ווי־סיי גייען זיי דערנאָך דאָס פאַרשיכורן...

אַ גאַנצן טאָג ציען זיך צו אים גאַנצע קאַראַוואַנען מיט פולע אָנגע־לאָדענע וועגעלעך. צווישן זיי זיינען דאָ טאַטעס מיט קליינע קינדער, וואָס זיי איז געוואָרן לאַנגווייליק צו זיצן אין די פאַרוואָרפענע „ראַנטשאָס" און האָבן זיך אָנגעבאָטן צו באַגלייטן דעם טאַטן, פרייען זיך וואָס זיי שפּאַצירן איבער די רוישיקע גאַסן פון דער שטאָט.

ביי אַנדערע וועגעלעך גייען צוזאַמען מאַן און פרוי. ער איז ווי איינ־געשפּאַנט, האַלט מיטביידע הענט די האָלאַבליעס און גייט פאָרויס, זי העלפט נאָר אונטערשטופּן דאָס וועגעלע, ס׳זאָל אים זיין גרינגער. פון ווייטנס

זעט עס אויס „אידיליש" דאָס העלפן דעם מאַן שלעפּן דעם יאָך, ווייזט די געטריישאַפט און איבערגעגעבנקייט פון איינעם צום אַנדערן...

און אַז ס'איז דאָ ווייניק וואָס צום טאָן, ווערט אים לאַנגווייליק, ער נודזשעט זיך, ער דרייט זיך אַרום אין „גאַלפּאַן", גענעצט און ווייסט נישט וואָס צו טאָן. ער קאָן נישט פאַרליידן די אַלע שלעפּערס וואָס קומען מיט די וועגעלעך. ס'זעט אים אויס, אַז זיי טו'ען זייער אַרבעט אומווילּיק, ווי מ'וואָלט זיי געצוווּנגען. ער קאָן נישט פאַרנעמען זייער נעבעכדיקייט און געפאַלנקייט וואָס קוקט אַראָפּ פון זיי... דערציילן פון אַ מיזערבעם לעבן ערגעץ אין אַ חושכדיקער "ראַנטשאָ" ווייט הינטערן שטאָט. ער טראַכט, אַז זיי וואָלטן זיך געוואַרעמט אַנטקעגן דער זון און געטרונקען אַ „ביטערע" ווען נישט דער הונגער וואָס הויבט זיי אָן פייניקן... זיי שטייען אויף גאַנץ פרי און הויבן אָן מאַכן זייער מאַרשרוט באַלד אין פרימאָרגן, ווען מ'שטעלט אַרויס די פולע בלעכן מיסט אויף די טראָטואַרן — מ'קאָן דאַן צונויפקלייבן אַ פיינעם ראַמש וואָס מ'זעצט עס גלייך אָפּ, צו קאָנען שטילן דעם הונגער... און דערנאָך קאָן מען שוין דעם גאַנצן טאָג אַרומגיין ליידיק, פוסט־און־פּאַסעווען.

מאַוריסיאָ גאָלדווין וויל נישט האָבן צו טאָן מיט זיי. ער קאָן נישט פאַרטראָגן זייער אָפּגעלאָזנקייט, באַוואָקסנקייט, זייערע אָפּגעכוימערטע מלבושים, פון וועלכע ס'טראָגט זיך אַן איבלדיקער ריח. ער קאָן נישט קוקן אויף זייערע פאַררויטלטע און פאַרשוויצטע פּנימער, וואָס זעען אויס ווי אָפּגעפּאַרעטע פון דער ברענענדיקער זון.

ער שטעלט אָן אַ מענטש וואָס זאָל האָבן צו טאָן מיט זיי, אַלץ איבער־נעמען. ער אַליין שטייט נאָר ביי דער קאַסע און צאָלט זיי אויס דעם באַטרעף.

*

מאַוריסיאָ גאָלדווין איז געוואָרן האָפערדיק. דער לאַגער מיט די אָנגע־זאַמלטע סחורות איז געוואַקסן. זיין פאַרמעגן האָט זיך פאַרגרעסערט און אויך זיין געשמאַק. ער איז געוואָרן אויסגעאיידלט, בייט אַלעמאָל די אָנצוגן, די קראַוואַטן, און בלאָזט פון זיך כסדר, היט זיך, רירט זיך נישט צו צו אַלטע פאַרזשאַווערטע אייזנס, צו די אַלטע חפצים וואָס קאָנען

פאַרשטויבן זיינע נייע מלבושים, קאַליע מאַכן דעם קנייטש פון זיינע געפּרעסטע הויזן.

פאַרנאַכט צו וואָרט ער שוין מיט אומגעדולד צו שליסן דאָס געשעפט און גיין אַהיים.

און ווי ער קומט נאָר אַריין אין זיין בייעם „טשאַלעט”, וואָס ער האָט נישט לאַנג אויסגעבויט, פאַרשווינדט פון אים די לאַנגווייליקייט און די נודנעקייט. באַלד ביים אַריינגאַנג האָט ער איינגעאָרדנט אַ „באַר” אויסגעשטאַט מיט מאָדערנע איינריכטונגען, מיט רונדע הויכע בענקלעך זיך צוצוזעצן, וואָס דערמאָנט יעדן אַריינגעקומענעם וואָס טרעט נאָר איבער די שוועל, אַז דאָ זיינען פאַראַן אַלערליי געטראַנקען און מ׳קען דאָ כאַפּן אַ כוסה.

מאַוריסיאָ גאָלדווין גיט אַ דריק אַ קנעפּל און די טירלעך פון „באַר” צערוקן זיך, פאַרשווינדן ווי דורך אַ כישוף. זיינע אויגן צעגלאַנצן זיך, ער דערזעט די פאַרשידענע פלעשער געטראַנקען, די פלעשער וויסקי און קאָניאַק, די ווייַנען און ליקערן פון אַלערליי מאַרקעס און קאָלירן וואָס קוקן אַרויס צו אים גוטברודעריש, ווינקען צו אים מיט זייערע גאָלד־געליישטע אויפשריפטן, וואָס דערציילן פון זייערע אייגנשאַפטן און סובסטאַנצן, זייער יחוס, פון וואַנעט זיי שטאַמען, וויפל יאָרן זיי זיינען געשטאַנען אין די ווײַן־קעלערן, אַנדערע יחסענען זיך מיט זייערע גאָלד־קערנדלעך וואָס שווימען אַרום אינעווייניק, זעען אויס ווי קליינינקע גאָלדענע פישעלעך. זיי דייטן אָן זייער אייגנאַרטיקייט, זייערע מעלות און קוואַליטעט, וואָס קיינער קען נישט קאָנקורירן מיט זיי. ער בלייבט שטיין פאַרגאַפט, קען נישט אָפּרייסן די אויגן, ס׳דוכט זיך אים, אַז די אַלע פלעשער געטראַנקען רופן אים, חנדלען זיך צו אים, ער זאָל זיך אָנטאָן דעם תענוג, פאַרזוכן און הנאה האָבן פון זייער ווונדערלעכן געשמאַק.

ער נעמט אַרויס אַ גראָב בייכיקע פלאַש, גיסט זיך אָן אַ גלעזל, אָטעמט איין אין זיך דעם שאַרפן ריח און פילט ווי ער וואָלט דורכ־גענומען געוואָרן מיט אַ שמעקעדיקן פערפום. ער פאַרוואַרפט דעם קאָפּ אויף הינטער זיך, פאַרמאַכט די אויגן, ווי ער זאָל זיך ווילן פאַרטיפן און גיט אַ קער אַריין אין זיך דאָס גלעזל, פאָסמאַקעוועט זיך פון דעם טייערן געטראַנק.

און ווען עס קומט צו אים אַ גאַסט, שטעלט ער זיך אַוועק נעבן „באַר״ מיט די צעעפנטע טירלעך אין דער גאַנצער ברייט, כדי דער גאַסט זאָל זען דעם „אוצר״ וואָס ער פּאַרמאָגט... ער הויבט אָן אויסרעכענען אַלערליי משקאות, זייערע מאַרקעס פון באַרימטסטע פירמעס, זייער יחוס, ער באַט אים אָן ברייטהאַרציק, ער זאָל אַליין אויסקלייבן פון וועלכע ער וויל מאַכן אַ לחיים, און אַז אַ גאַסט ענטפערט אים, אַז פאַר אים איז אַלץ איינס, ער קען נישט אונטערשיידן, ווערט ער ברוגז, גלאָצט אויס אַ פּאָר פאַרחידושטע אויגן, ווי ער זאָל נישט קענען באַגרייפן, ווי אַזוי קען אַ מענטש זיין אַזוי אומוויסנד... אָפּגעשטאַנען... קען נישט אָפּשאַצן די באַזונדערע אייגנשאַפטן פון די פאַרשיידענע ליקערן און ווייַנען, זייער ספּעציפישן ריח און געשמאַק, זייערע אייגנאַרטיקע סובסטאַנצן, די צונויפ־געקאָמבינירטע עסענצן, פון וועלכע עס שאַפן זיך פאַרשיידנאַרטיקע קוואַליטעטן.

אין אַ צווייטן גלעזערנעם שראַנק, וואָס האָט פאַרנומען די גאַנצע וואַנט, איז געשטאַנען אַ קאָלעקציע פון קליינע פלעשעלעך. דאָס איז געווען אַ באַזונדערע אָפּטיילונג אין „באַר״. אין דעם שראַנק זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין גלייכע רייען מיניאַטור־פלעשעלעך פון אַלע סאָרטן געטראַנקען, ווייַנען און ליקערן, פון וויסקי און קאָניאַק מיט אויפשריפטן אין אַלערליי שפּראַכן, פון פאַרשיידענע לענדער און מקומות, פון אומ־באַקאַנטע שטעט און ווייטע געגנטן. ער האָט געהאַט אַ געוואַלדיקן פאַר־געניגן זיך אַוועקצושטעלן נעבן שראַנק און זיך איינקוקן צו די פאַרשיידנאַרטיקע פלעשעלעך געטראַנקען, לייענען די אויפשריפטן, זיינע נאָז־פליגל פלעגן זיך פאַנאַנדערשפּרייטן, ווי ער וואָלט געשפּירט פאַר־שיכורנדיקע ריחות פון כלערליי עסענצן און עקסטראַקטן וואָס דערגרייכן צו אים. ער ציט אַריין אין זיך און פילט זייער ווונדערלעכן געשמאַק און טעם. דער שראַנק איז אַלעמאָל געוואָרן פולער, די קאָלעקציע גרעסער, אויסגעשטעלטע אין רייען — האָבן זיי אויסגעזען ווי אויסגעמושטירטע סאָלדאַטלעך, וואָס שטייען גרייט מיט די פאַרריכטענע העלדזלעך און וואַרטן אויף זיין באַפעל...

*

אַלע נאַכט פאַרברענגט מאַוריסיאָ גאָלדווין אין קלוב פון די פלעש־שעלעך־קלייבער. דאָס איז אַזאַ פאַראיין וואָס האָט זיך געגרינדעט פון

פערזאָנען, וואָס קאָלעקציאָנירן די קליינע פלעשעלעך געטראַנקען. קיין אַנדערער האָט נישט קיין רעכט צו זיין קיין מיטגליד, אַזוי זאָגן די סטאַטוטן. דאָרטן, אין קלוב, קומט מען זיך צונויף, איינער דעם צווייטן גיט איבער וועגן זיין קאָלעקציע, זיין דערפאַרונג און קענטעניש, זיין באַהאַוונטקייט און מבינות, אויב איינער האָט עטלעכע פלעשעלעך פון זעלבן סאָרט, טוישט ער דאָס איבער ביי אַ צווייטן מיטגליד אויף אַ צווייטער מאַרקע. אַמאָל ברענגט איינער צו טראָגן אַן עקזאָטיש פלעשעלע, אַן אומבאַקאַנטס, דאַן צעגלאַנצן זיך ביי אַלע די אויגן, דאָס פלעשעלע גייט איבער פון האַנט צו האַנט, יעדער איינער זאָגט אַרויס מבינות, ער ווערט פון אַלעמען באַגריסט וואָס זיין קאָלעקציע וועט באַרייכערט ווערן מיט אַזאַ זעלטענעם עקזעמפּליאַר.

צווישן די מיטגלידער קומט פאָר אַ פאַרמעסט. איינער וויל איבער־שטייגן דעם צווייטן, פאַרגרעסערן און באַרייכערן זיין קאָלעקציע ער זאָל האָבן די זכיה צו באַקומען די העכסטע אויסצייכענונגען פון פאַראיין. ס׳קומען אויך פאָר פאַרשיידענע קאָנקורסן מיט פאַרשיידענע פּרעמיעס. און אַז מען דערוויסט זיך, אַז ערגעץ אין אַ פּלאַץ זיינען אָנגעקומען נייע סאָרטן פלעשעלעך, יקר־המציאותן, טאָר קיינער נישט פאַרלויפן דעם וועג, דאָס וואָלט געהייסן ברעכן די תקנות פון פאַראיין... די אָנפירער קויפן עס אָפּ און צעטיילן דאָס דערנאָך צווישן די מיטגלידער וואָס האָבן מער פאַרדינסטן פאַרן קלוב.

מאַוריסיאָ גאָלדוויין איז פאַררעכנט געוואָרן פאַר איינעם פון די אָנגעזעענסטע מיטגלידער, וואָס פאַרמאָגט די גרעסטע און ווערטפולסטע קאָלעקציע. און אַז ער האָט איינמאָל איינגעלאַדן צו זיך די לייטונג פון פאַראיין, זיי זאָלן אָנקוקן זיין „אוצר״, זיינען אַלע געבליבן געפּלעפט, געשטאַנען און באַוואונדערט דעם שיין־איינגעאָרדנטן „באַר״, די גלעזערנע שראַנקען, די אָן אַ צאָל אויסגעשטעלטע פלעשעלעך, די זעלטענע עקזעמ־פּליאַרן, די יקר המציאותן, געלייענט די אויפשריפטן אין אַלערליי שפּראַכן, און זיך נישט געקענט זאַט אָנקוקן. אַלע האָבן אים באַגריסט, גראַטולירט צו זיין דערפאָלג, און איינשטימיק אָנערקענט, אַז ער האָט זיך פאַרדינט די העכסטע אויסצייכענונג... דעם טיטול „ערן־פאָרזיצער פון פאַראיין״. מאַוריסיאָ גאָלדוויין האָט איבערגעלעבט רירנדיקע מאָמענטן. דאָס איז געווען דער גליקלעכסטער טאָג אין זיין לעבן... אין קלוב פון די פלעשעלעך־

קלייבער איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכער באַנקעט. דאָס האָט די העכסטע אינסטאַנץ איינשטימיק באַשלאָסן אַלס צייכן פון אָנערקענונג אים געבן דעם העכסטן טיטול „ערן־פּאָרזיצער פון פאַראיין״, צוליב דעם איז פאָר־געקומען דער יום־טוב.

מאַוריסיאָ גאָלדווין איז געווען עמאָציאָנירט, באַרוישט, ווי ער וואָלט געגאָסן פון אַ זעלטענעם געטראַנק. טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן. אין דעם מאָמענט, איז אים געקומען אויפן רעיון, ווי ער פלעגט אַמאָל מיט יאָרן צוריק אַרומגיין איבער די גאַסן ווי אַ „ביטשיקאָמע״, געשטופּט אַליין דאָס וועגעלע, געשריגן אויפן הויכן קול, אַז ער קויפט אויף אַלע סאָרטן אַלטוואַרג; זיין מערכה דאַן, זיין אויסזען, זיין הילוך, קיינער האָט זיך נישט גערעכנט מיט אים... מ׳פלעגט אים אויסמיידן... ווי מ׳וואָלט זיך געשעמט מיט אים... און איצט... איצט זיצט ער אויבן־אָן, אַלע קוקן צו אים מיט רעספּעקט און דרך־ארץ... מ׳גיט אים אָפּ כבוד, ער ווערט פון אַלעמען געשעצט און פאַרערט... און פון אַלע מיטגלידער פון פאַראיין פון די פּלעשעלעך־קלייבער, שטייט ער אויפן ערשטן פּלאַץ...

און אַז מ׳האָט אים דערלאַנגט אַ פּאַרמעט אונטערגעשריבן פון אַלע אָנוועזנדיקע, האָט ער דאָס אָנגענומען מיט ציטערדיקע הענט, ווי ער וואָלט אָנגערירט אַ הייליקע זאַך... האַרציק געדאַנקט און געטראַכט, אַז מ׳האָט אים היינט צוגעטיילט די העכסטע אויסצייכענונג וואָס ער האָט זיך געקענט ווינטשן, פאַרשטעלן... דעם גרעסטן טיטול פון אָנערקענונג און ווירדע... פון באַרימטקייט און חשיבות...

# אַ קינדישער חלום

אין דער רייכער לוקסוסדיקער ווילִיע, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט אַ גאָרטן, מיט קילע, שאָטנדיקע טעראַסעס, באַלקאָנען, אַלטאַנקעס, מיט ברייטע באַקוועמע האַמאַקן און וויג־שטולן, אויף זיך אָפּרוען, זיך צולענען אין אַ געמיטלעכן פּאַרוויגנדיקן דרימל.

די גערוימע רחבותדיקע ווילִיע ווערט פון צייט צו צייט אויפגערודערט. ס'הערט זיך אַ טומל, אַ רעש, אַ גערודער, ס'הערן זיך אומצופרידענע געמורמלערייען, אויפגערעגטע שטימען, ברוגזדיקע פאָרווורפן, אַ האַסטיק קלאַפּן מיט די טירן, און פון די גערוימע צימערן ווייעט מיט אומרו, פאַרביטערטקייט, פאַרדרוס און אַלץ גייט כאַדאָראָם.

דאָס פּאַסירט מערסטנטייל אין די יום־טוב־טעג, ווען די דינערשאַפט גייט אַוועק און די באַלעבאָסטע בלייבט אַליין. דאַן קען מען צו איר נישט ריידן. זי שפּרינגט פון דער הויט, שרייט זיך אויס דאָס האַרץ מיט די קינדער, וואָס ווילן זי נישט פאָלגן. פאַלט אָן אויפן מאַן מיט אַ געבייזער. גייט אַרום אַ גאַנצן טאָג מיט אַן אַרומגעבונדן טיכל,ליידט פון שרעקלעכן קאַפּווייטיק. וואָס זי הייבט אָן צו טאָן, פאַלט איר פון די הענט. ס'הערט זיך אַ בראַזג פון צעבראָכענע כלים, די קינדער וויינען אויפן קול און די שטילע רואיקע געמיטלעכקייט פון דער ווילִיע פאַרשווינדט.

מאַן און פרוי זיינען אויפגערעגט. ענטפערן זיך אָפּ איינע די אַנדערע, זאָגן זיך אַריין, זיינען קידער־ווידער. אין די צימערן הערשט אַן אומ־אָרדענונג. אַלץ איז אָנגעוואָרפן, צונויפגעקאָדערט און אַלץ ווערט אומ־דערטרעגלעך.

אין אָוונט קומען געסט. אַלע זעצן זיך אויס אין גאָרטן, אין די ברייטע באַקוועמע וויג־שטולן, אין די וויגנדיקע האַמאַקן. זיי קוקן אַרויס מיט אָפּענער גאווה צו די דורכגייער. די באַלעבאָסטע „דאָניאַ מאַריאַ" גייט אַרום, באַמיט זיך שמייכלען צו די געסט, אויפנעמען זיי העפלעך, אַרויס־

ווייזן גאַסטפרײַנדלעכקייט. איר רוגזהדיק פּנים, אירע שיקלדיקע אויגן ווערן מילד, צוגעלאָזן און נאָכגיביק. זי באַקלאָגט זיך אויף איר קאַפּ־ווייטיק, אויף איר בלייבן אַליין אין די יום־טוב־טעג. די דינסטן צעלויפן זיך און זי קען נישט אַלץ אַליין באַוויַיזן, פּיעשטשעט זי זיך פאַר די פריינד, פאַרן מאַן, וואָס שמועסט מיט די געסט, זיי זאָלן איר מיטפילן...

די געסט, די פרויען מערסטנטייל, שאָקלען מיט די קעפּ, ווי זיי וואָלטן באַדויערט, איר מיטגעפילט... אַן עלטערע פרוי שטעלט אַוועק דאָס געטראַנק אויפן טישל, ווישט זיך אָפּ פאַרזיכטיק די ליפּן, די פאַרב זאָל נישט אַראָפּגיין, נעמט זי אַן פאַר די הענט און זאָגט מיט איבערגעגעבנקייט און געטריישאַפט:

— זי דאַרף זיך נישט מאַכן שלעכט בלויז צוליב אַזאַ קליייניקייט. עס וווּנדערט זי פאַרוואָס זי האָט שוין לאַנג נישט אָנגעגעבן אַ ביטע אין דער „היים פאַר פאַרלאָזענע קינדער” — דאָרטן קען זי לייכט קריגן אַ מיידל, זי וועט איר נישט דאַרפן צאָלן קיין הויכן געהאַלט און זי וועט נישט ווערן אַזוי אויסגעריסן, און די הויפּטזאַך — זי וועט זי האָבן שטענדיק צו איר דיספּאָזיציע... די־אָ האָבן דאָך קיינעם נישט — גיט זי אַ פינטל מיטן אויג — טאָרן זיי אַן אַ דערלויבעניש קיינמאָל נישט אַוועק־גיין פון שטוב, וועט זי שטענדיק זי האָבן ביי זיך און זי וועט אויך קענען אַכטונג געבן אויף די קינדער — גיט זי צו מיט אַ ליבלעך חניפהדיק שמייכעלע.

די באַלעבאָסטע הערט זיך איין מיט אויפמערקזאַמקייט, פּרובירט אָפּווענדן, זיך קעגנשטעלן:

— זי האָט געהערט, אַז די מיידלעך זיינען זייער צעלאָזענע, פירן זיך אויף שלעכט, שטאַמען פון נידעריקע היימען, און דעריבער האָט זי זיך ביז איצט אָפּגעהאַלטן פון אַריינגעמען אַזאַ אין איר שטוב...

די פרוי פאַרמרוזשעט די בליקן, רויטלט זיך, פילט זיך געטראָפן, וואָס מען נעמט אויף אירע אַן עצה מיט פאַרדאַכט, גיט אַ זיפץ אַרויס אויפן קול און זאָגט:

— אַוודאי דאַרף מען אויף זיי אַכטונג געבן, האַלטן אַן אויג. מען טאָר זיי איבערן שוועל נישט אַרויסלאָזן, מען דאַרף זיי היטן און שטענדיק האַלטן מיט זיך, מענטשלען זיי זיך ביסלעכווייז אויס...

ביי דער באַלעבאָסטע פאַרשווינדט מיט אַמאָל דער קאַפּווייטיק, די

אומצופרידנקייט, אַלע ווייטיקן ווערן צוגענומען, פאַרשווינדן ווי דורך אַ כישוף; זי דאַנקט דער פרוי פאַר דער עצה, זי צעקושט זיך מיט איר צוויי מאָל פאַרן אַוועקגיין, אַלס צייכן פון דאַנקבאַרקייט און באַשליסט באַלד מאָרגן זיך אָנהויבן אינטערעסירן מיט דעם.

*

דאָס קליינע אויסגעדאַרטע מיידעלע מיטן צעשראָקענעם פּנים און פאַרחידושטע בליקן, וואָס מ׳האָט אַרויסגענומען פון דער „היים פאַר פאַרלאָזענע קינדער״, איז די ערשטע צייט ווען מ׳האָט זי געבראַכט אין דער געראַמער רחבותדיקער דירה, געבליבן פאַרבליפט, געקוקט אויף אַלץ מיט גאַפנדיקע אויגן. די גערוימע ליכטיקע צימערן מיט די גלאַנציקע פאָלן, די שווערע שטיקער מעבל מיט די בראָנדזענע באַפוצונגען, די אייל־בילדער מיט די באַגילדעטע ראַמען אויף די ווענט, די טייערע געשיר, די צעשטעלטע וואַזעס מיט בלומען, די פאָרצעלייענע פיגורלעך און סטאַטועס, וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף די קליינע רונדע טישעלעך, אַלץ האָט איר אויסגעזען ניי, פרעמד און ווונדערלעך; זי פלעגט מורא האָבן צו טרעטן אויפן געוועקסטן פאַרקעט. ביי יעדן טראָט האָט זיך איר געדוכט, קען זי זיך אויסגליטשן און פאַלן. ביי יעדן ריר האָט דער פאַרקעט אַרויסגעגעבן אַ מאָדנעם קוויטש, ווי פאַרטייעטע חיהלעך וואָלטן געלעגן פאַרבאַהאַלטן צווישן די שפּאַלטן און קוויטשן אַרויס כדי זי אָנצושרעקן.

זי פלעגט מורא האָבן זיך צוצורירן צו די פאָרצעלייענע פיגורן און סטאַטועטקעס, ציטערן אַז זיי קענען איר לייכט אַרויספאַלן פון האַנט און זיך צעברעכן. די פיגורן, די סטאַטועטקעס, די וואַזעס, פלעגט מען אַלע טאָג דאַרפן איבערווישן, איבערפוצן, אַראָפּנעמען דעם שטויב. זי פלעגט אַרומגיין מיטן פלעדערוויש, אַרומווישן די גאָלדענע ראַמען און געציטערט פאַר דער באַלעבאָסטע „דאָניאַ מאַריאַ״, ווי אַלע פלעגן איר רופן, אַרויס־ריידן איר נאָמען מיט אַ טיפן רעספּעקט. די באַלעבאָסטע פלעגט דערנאָך אַלץ רעווידירן, נאָכקוקן, אַלץ האָט געדאַרפט שעמערירן, גלאַנצן, קיין שטויבעלע האָט זיך נישט געטאָרט געפינען.

אַ גאַנצע וואָך איז דאָס קינד צו אַלעמענס דיספּאָזיציע. דאָ האָט

מען געדאַרפט אַרויסהעלפן דער קעכין ביים צוגרייטן דאָס עסן, איבער־וואַשן דאָס גרינס, דערנאָך וואַשן די כלים, אויסווישן, פאַנאַנדערשטעלן, אָדער מען פלעגט זי שיקן אין גאָרטן באַגיסן דאָס גראָז, די בלומען־בייטן, און דאָ פלעגט זי דאַרפן אַכטונג געבן אויף די קינדער, זיך ניאַנטשען מיט זיי, פאַרשפּילן זיי, געבן זיי עסן, אויכשטיין זייערע קאַפּריזן, זייערע צעבאַלעוועטע שפּיצלעך, און ביינאַכט פלעגט זי אַוועקפאַלן אויפן בעטל אין איר קליין צימערל, אַ מידע, אַ צעבראָכענע...

אין די יום־טוב־טעג, אין די פרייע זונטיקן, ווען די דינערשאַפט גייט אַוועק, קוקט דאָס מיידל זיי נאָך מיט קנאה און בענקשאַפט... יעדער פון זיי, זעט זי, איילט זיך אַוועקצוגיין צו זיך אַהיים... צו אייגענע, פריינד, משפחה, זיך טרעפן מיט עמעצן אַ באַקאַנטן, אַ חתן, און זי בלייבט אַליין, האָט נישט צו וועמען צו גיין, מיט וועמען זיך צו טרעפן, און אויפן צווייטן טאָג, אַז זיי קומען, האָט יעדערער פון זיי צו דערציילן די איינדרוקן, די איבערלעבונגען פון דעם פרייען טאָג, ווי אַזוי זיי האָבן פאַרבראַכט, זיך פאַרוויילט.

זי הערט זיך צו שווייגנדיק צו אַלעמענס רייד, וואָס גיבן איבער פון זייער פאַרברענגען. און ביי איר איז דער פרייער טאָג נאָך ערגער ווי אַ גאַנצע וואָך...

די באַלעבאָסטע גייט איר נאָך, קאָנטראָלירט זי, גייט אַדורך מיטן פינגער די מעבל, איבער די גאָלדענע ראַמען און קוקט זיך צו צי איז נישטאָ קיין שטויבעלע. די פרייע טעג דאַרף דאָס מיידל אַלץ טאָן. זי דאַרף ראַמען די שלאָפצימערן, דעם אויפנאַמס־זאַל, וואָס איז ריזיק גרויס, העלפן אין קיך, וואַשן די כלים, מאַכן גאַנגען, אָנטאָן די קינדער, אַרומ־וואַשן זיי, געבן זיי עסן.

נאָך מיטאָג דאַרף זי ווידער אַכטונג געבן אויף די קינדער. דאַן שלאָפן מאַן און פרוי די „סיעסטא". מען טאָר זיי נישט שטערן, מען דאַרף קיין פּיפּס נישט הערן, מען טאָר די קינדער נישט אַריינלאָזן אין דער ווילע. זי זעט זיי צו פאַרשפּילן, זי גייט אַרום מיט זיי איבערן גאָרטן, זוכט אויס פאַרשיידענע שפּילערייען זיי צו פאַרווײלן, זיי צו פאַראינטערעסירן.

און אַז זיי שטייען אויף פון דער „סיעסטא", הייבט אָן רופן, קלינגען דער „גאָנג" וואָס געפינט זיך איבער דאָניאַ מאַריאַס בעט. זיין ליאַרעמדיקער

אָפּקלאַנג הילכט אָפּ מיט אַ רוגזהדיקן ציטער איבערן גאַנצן גאָרטן. דער קלאַנג זוכט זי אויף ווו זי זאָל זיך נישט געפינען...

דאָס מיידל קומט צולויפן אַ פאַרציטערטע. זי ווייסט, אַז טאָמער פאַרשפּעטיקט זי אַ פּאָר סעקונדן, כאַפּט זי אַריין אַ גאַב. „דאָניאַ מאַריאַ״ הייבט אָן שרייען, זידלען, אַז זי דאַרף זיך נישט אויסעסן דאָס האַרץ פאַר יעדער קלייניקייט; אַז זי האָט זי אַריינגענומען אין שטוב, גיט איר עסן און קליידן און ס׳פעלט איר קיין זאַך נישט... דאַרף זי וויסן ווי איר דאַנקבאַר צו זיין; הייסט איר דערלאַנגען געטראַנקען, צובייסן, נאַשערייען.

דער רוישנדיקער ציטערנדיקער קלאַנג פון „גאָנג״ וואַרפט שטענדיק אָן אויף איר אַ פּחד... דאָס איז ביי איר ערגער, ווי דאָס גלעקל, וואָס זי הערט אַ סך מאָל ביי איר אין צימערל, וואָס זשומעט מיט אַ פאַרשטיקטן געוויש. זי ווייסט, אַז מיטן גלעקל באַנוצן זיך אַלע, דער מאַן, אַז ער דאַרף עפּעס האָבן, די דינערשאַפט, אַז מ׳דאַרף זיי צוהעלפן, די קינדער, אַז מ׳דאַרף זיי עפּעס דערלאַנגען — קלינגען זיי נאָכאַנאַנד, צודרינגלעך, אָדער, אַז עס ווערט זיי לאַנגווייליק, קלינגען זיי גלאַט אַזוי, און אַז זי קומט צולויפן, צעלאַכן זיי זיך אויפן קול, עס טוט זיי הנאה פון זייערע שפּאַסן. זי איז שוין צוגעוווינט צו דעם צודרינגלעכן געוויש פון גלעקל אין איר צימערל, וואָס שאַנעוועט זי קיינמאָל נישט, סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט, שטענדיק, ווען זי רוט זיך אָפּ, און אַפילו אַז זי ליגט שוין אויפן בעטל, האַלט ביים איינשלאָפן, כאַפּט זי זיך אויף אַ צעטומלטע פון שרעק, זי פילט ווי דאָס האַרץ קלאַפּט איר הילכיק, זי כאַפּט שנעל אַרויף אויף זיך דאָס אָנטאָן און לויפט פאַרסאָפּעט. אירע הילצערנע שיך קלאַפּן איבער די שטיינער, זי וויל אויסדריקן מיט דעם איר פאַרדרוס, איר אומצופרידנקייט... און אַז זי דערפילט דעם פאַרלאַנג, גייט זי צוריק, בלייבט ליגן אויף איר שמאָל בעטל און קוקט מיט אויפגעריסענע אויגן, קען אַ לאַנגע צייט נישט איינשלאָפן. דער פאַרדרוס, די אומצופרידנקייט, דער איבערגעריסענער שלאָף, די קאַלטע לופט, וואָס נעמט זי אַדורך ווען זי דאַרף דורכגיין די שטרעקע פון איר צימערל ביז צו דער ווילע, נעמט צו ביי איר דעם שלאָף, עס טרייסלט זי אין קעלט און זי קען אַ לאַנגע צייט נישט איינשלאָפן.

ערגער איז פאַר איר דער קלאַנג פון „גאָנג״, דער אָפּהילך קלינגט אָפּ

און דערגרייכט צו איר צימערל מיט אַ ירגזונדיקן ציטער, מיט אַ ליאַרעם; זי ווייסט, אַז מיטן „גאַנג״ באַנוצט זיך נאָר די באַלעבאָסטע אַליין. דער גאַנג הענגט איבער איר בעט און זי דערקענט לויטן קלאַנג, אַז זי מוז זיין שטאַרק אין כעס. ביים אַריינקומען וועט זי אויסלאָזן איר גאַנצע אויפגערעגטקייט צו איר...

זי שלייכט זיך אַריין אין צימער מיט רוישלאָזע טריט אויף די שפּיץ פינגער, באַמיט זיך נישט אָנצומאַכן קיין רויש, ניורעט זיך איין אין זיך און זעט דאַן אויס ווי אַ קליין צונויפגעקנוילט חיהלע, ווען עס באַמערקט אַ געפאַר... מיט אַ שטיל הכנעהדיק קול, האַלטנדיק די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דר׳ערד, פרעגט זי — וואָס ווינטשט די „סעניאָראַ״?

נאָך ערגער איז פאַר איר, ווען אין אַ זונטיק־טאָג לאַדט איין די באַלעבאָסטע געסט צו מיטיק. דאַן דאַרף זי אויסשטיין אַלע אירע קאַפּריזן, געשרייען און זידלערייען. אירע אויגן קוקן ווילד אַרויסשטאַרצנדיק, מיט אַ שיקלדיקן ציטער, אירע אימפּעטדיקע זשעסטן וואַרפן אָן אויף איר אַ פּחד; זי דאַרף איר העלפן אויפראַמען די צימערן, אויספּוצן דעם „ליווינג״, אויסשטויבן די דיוואַנען, העלפן אין קיך, צוגרייטן פאַר אַלעמען דאָס געשיר, אַלץ דאַרף בליאַסקען, שימערירן.

אין אַזאַ טאָג ווייס שוין אַפילו דער אייגענער מאַן, אַז ער טאָר צו איר נישט אויסריידן אַ וואָרט. זי שפּרינגט פון די נערוון. די קינדער ציטערן, כאַפּן אַריין קלעפּ, און ווען זיי הייבן זיך אָן דרייען איבער די אויפגערוימטע צימערן, טרייבט זי אַלעמען אַרויס אין דרויסן, הייסט זיי גיין אין גאָרטן, זי פאַרהאַקט די טירן, און דאָס מיידל בלייבט דאַן מיט איר אַליין, און אַלע אירע אויפרעגענישן און כעס לאָזט זי אויס צו איר...

און אַז ס׳קומען געסט, סטראַיעט זי די באַלעבאָסטע אויס מיט אַ ווייַ־סער געפּרעסטער שירץ. „דאָניאַ מאַריאַ״ נעמט דאַן אויף מיט אַ צעגאָסן שמייכעלע די פאַרבעטענע פריינד. דאַן דאַרף דאָס מיידל איר העלפן באַדינען, צונעמען ביי די געסט די מלבושים און אַוועקלייגן אין אַ באַזונ־דערן צימערל; דערנאָך מוז זי העלפן דערלאַנגען צום טיש די מאכלים, די פאַרשיידענע שפּייזן, אַכטונג געבן אַז קיינעם זאָל גאָרנישט פעלן.

נאָכן מאָלצייט גייען די געסט אַרויס אין גאָרטן, צעלייגן זיך מיט רחבותדיקער פוילקייט איבער די ברייטע באַקוועמע שטולן, איבער די האַמאַקן, שמועסן געמיטלעך און לאַכן אַלעמאָל אַרויס אויפן הויכן קול.

דער „גאַנג״ רופֿט ווידער. איצט דאַרף זי אונטערטראָגן די געסט שוואַר־צע קאַווע מיט טאָרט, טעצעלעך איינגעמאַכטס, זיסע צובייסעכץ, נאַשערייען, וואָס זאָל העלפֿן פֿאַרדייען אַלע מאכלים, פֿאַרזיסן די צוגעווירצטע פּאָטראַוועס.

דאָס מיידל לויפֿט ווידער הין און צוריק, כאַפּט אויף דער באַלעבאָסטעס באַפֿעלן, פֿאַראָרדענונגען, אירע ווונקען, טראָגט מיט אַ ציטערדיקער פֿאָר־זיכטיקייט די קרישטאָלענע כלים, וואָס פֿינקלען, שימערירן אַנטקעגן דער זון מיט אַלערליי פֿאַרבן.

זי פֿילט זיך מיד, דערשעפּט, צעבראָכן, ווי אַלע גלידער וואָלטן איר געווען אַנגעווייטיקט, די פֿיס ברעכן, שטעכן פֿון אַרומלויפֿן אַ גאַנצן טאָג, און דער גאַנצער גוף גאַרט נאָך רו; זי וואָלט גערן זיך אַוועקגעזעצט, אויסגעטאָן פֿון זיך דעם ווייסן אָנגעקראָכמאַליעטן שירץ און וואָלט אַנידער־געפֿאַלן אויף איר בעטל זיך אויסצורוען, און קען ניט. „דאָניאַ מאַריאַ״ גייט איר נאָך, לאָזט זי נישט אָפּ אויף אַ סעקונדע.

אַלע האָבן שוין אָפּגעגעסן. זי וואָלט שוין מוחל געווען דאָס עסן, וואָס די באַלעבאָסטע גרייט איר שטענדיק צו ווען אַלע האָבן שוין אָפּגעגעסן, זי פֿילט בכלל שוין איצטער נישט קיין הונגער; די אַלע ריחות פֿון די מאכלים, די צוגעווירצטע פּאָטראַוועס, די וויינען און ליקערן, די נאָכשפּייזן, די זיסע טאָרטן, אַלע ריחות מישן זיך איר איצט אויס צוזאַמען, נעמען צו ביי איר דעם אַפּעטיט, זי פֿילט זיך ווי פֿאַרטושט פֿון אַלע גערעדערייען, געלעכטערס און פֿון דער נאָגנדיקער מידקייט, וואָס ציט איר פֿאַרמאַטערטן קערפּער, זי לעכצט נאָך רו...

זי זעצט זיך אַוועק אין קיך, קייט אָן טעם די מאכלים, ס׳דוכט זיך איר אויס, אַז אַלץ איז איבערגעשטאַנען, פֿאַריעלעצט, פֿאַרדומפּן און אָן טעם. זי וווּנדערט זיך — ביים דערלאַנגען צום טיש זיינען אַלע געריכטן געווען געשמאַק, באַטעמט, די געסט האָבן זיך נישט געקענט אָפּלויבן פֿון די פֿיין־צוגעגרייטע מאכלים, די „מאַיאָנעסן״, די אויפֿרייצנדיקע פֿאַרשפּייזן, און איצט — שטעלט זיך איר אַלץ אונטערן האַרץ, זי קען קוים אַראָפּ־שלינגען אַ ביסן.

און ווי זי באַווייזט נאָר אָפּצועסן, אויפֿרוימען די קיך, אויסווישן דאָס געשיר און אַוועקשטעלן אַלץ אויף אַן אָרט, הייסט איר די באַלעבאָסטע זיך איבערטאָן; זי נעמט צו ביי איר די ווייסע געפּרעסטע שירץ, וואָס

איז געוואָרן אַביסל פאַרפּלעקט און צעקנייטשט און גיט איר אַ שפּאָגל־נייע, אַ שטייפע און אויסגעפּרעסטע, וואָס פעכלט פון ווייסקייט און אָנגע־קראָכמאַליעטקייט. זי הייסט זי נעמען די קינדער אין פּאַרק. זי איז מיד און קען נישט פאַרטראָגן דעם קינדערשן טומל און געליאַרעם — באַקלאָגט זי זיך פאַרן מיידל, זי דאַרף זיך אויסרוען.

דאָס מיידל טוט אָן, אָן חשק, דעם ווייסן שירץ. די שטייפע אָנגע־קראָכמאַליעטקייט, דער שטאַרקער ריח פון כלאָר־וואַסער, וואָס גייט אויף פון געוואַשענעם שירץ, איז איר איצט אָפּשטויסנדיק און דערווידער, עס ווערט איר איבלדיק פון דעם ווייסן אוניפאָרם, וואָס אונטערשיידט זי פון די אַנדערע... דייטעט אָן איר אַנדערשקייט; אין שטוב, אַז זי גייט אַרום מיטן אוניפאָרם, אַרט זי נישט; די שטוביקע, די פריינד, די געסט, ווייסן שוין אַז זי איז דאָס קליינע דינסטל, אַרויסגענומען פון דער „היים פון פאַרלאָזענע קינדער". זי איז שוין צוגעוווינט און עס אַרט זי נישט.

ערגער איז פאַר איר, אַז זי גייט אויפן גאַס, אָדער אין פּאַרק פאַרשפּילן די קינדער, נעמען זיי אויף פרישע לופט, דאַן באַמערקט זי ווי איר באַלעבאָסטע הייסט איר בכיוון אָנטאָן דעם שירץ, כדי אַלע זאָלן וויסן, אַז די קינדער גייען באַגלייט מיט אַ דינסט, און אַז זי דאַרף זיך האַלטן מיט אַ געוויסער דיסטאַנץ פון זיי... אַז זי טאָר נישט פאַרגעסן ווער זי איז... איר שטאַנד און אַז זי טאָר זיך נישט אויסמישן מיט זיי...

און ס'זעט איר אויס, ווי דער ווייסער שירץ דערנידעריקט זי, באַליידיקט זי, די שטייפע אָנגעקראָכמאַליעטקייט, וואָס גיט אַרויס ביי איר יעדן טראָט אַ סקריפּנדיקן גערויש, שרייט צו אַלע דורכגייער: זעט דאָס קליינע דינסטל, וואָס איז אַרויסגענומען געוואָרן פון דער „היים פון פאַרוואָרלאָזטע קינדער"...

אַריינגייענדיק אין פּאַרק, באַגעגנט זי דער טומלדיקער גערויש פון די קינדערלעך. די פריילעכע אויסגעשרייען, די שפּילערייען פאַרהילכן די לופט; די קינדער וואָס קומען פון די אַרומיקע רייכע הייזער און ווילעס, זיינען גוט אָנגעטאָן און אויסגעפּוצט. די פּנימלעך זיינען אויס־געקעכלט, גוט דערנערט; פון די אייגעלעך שטראַלט אַרויס אַ רואיקע צופרידנקייט, אַ זאַטקייט, אַ זאָרגלאָזיקייט; די קינדערשע שטימעלעך לעבן אויף דעם פּאַרק, פילן אים אָן מיט פרייד, אימפּעט און באַגייסטער־טער אָנטציקונג.

די קינדער צעלויפן זיך אין פאַרשיידענע ריכטונגען, כאַפּן זיך צו צו די הוידלקעס, גליטשן זיך אַראָפּ אין אַ גאַלאָפּ פון די „טאָבאָגאַנס", אָדער נעמען זיך דרייען אין אַ שווינדלדיקן קאַראַהאָד אויף די „טרוזשאַס", די נאָכהענגנדיקע לייטערלעך צעעפענען זיך אַלץ ברייטער, די אייזנס אָנקלאַפּנדיק זיך איינער אין דעם אַנדערן, צעקלימפּערן זיך מיט אַ שטי־פערישן גרילץ, די ראָד צעוויגט זיך אַלץ מער אין אַן אימפּעטדיקן שוווּנג. און די נאָכהענגנדיקע קינדער זעען דאַן אויס, ווי שוועבנדיקע טויבן.

אין מיטן פּאַרק שטייט אַן אייזערנער סקעלעט פון אַ הויכן טורעמל, די קינדער האָבן ליב צו קלעטערן אויף אים, אַרויסווייזן בריהשקייט, קוראַזש און דרייסטקייט... זיי דראַפּען זיך אַרויף אויף די אייזערנע שטאַנגען און אַז זיי דערגרייכן דעם שפּיץ, קוקן זיי אַראָפּ זיגעריש צו די אַנדערע קינדער, די שוואַכערע, די שרעקעוודיקע... וועלכע האַלטן זיך אָן ביי די אונטערשטע טיילן, זייענען געבליבן הינטערשטעליק און האָבן מורא, ציטערן אַרויפצוקריכן אַזוי הויך; די וואָס בלייבן אונטן, קוקן אַרויף מיט קנאה צו די, וואָס האָבן דערגרייכט דעם שפּיץ...

די שענסטע שפּיל, וואָס ציט צו אַלע קינדער, איז אַ גרויסע הוידע, וואָס האָט די פאָרעם פון אַ שיף, מיט פּאָרענטשן פון ביידע זייטן; די זייטיקע טיילן זעען אויס ווי אַנקערס, די שפּיצן — ווי אַרויסשטאַרצנדיקע מאַסטן, אַרויפצוציען פאָנען. און אַז די קינדער זעצן זיך אויס אויף דער לאַנגער באַנק און פאַרמאַכן די ריגלען, די קייטלען, צעוויגט זיך די הוידע אין דער ברייט און זעט אויס פון ווייטן, ווי אַ שיף וואָלט זיך געוויגט אין רוים; די קלענערע קינדערלעך קוקן פאַרחלומט, זייענען צעטומלט, גאַפּן מיט קינדערישער נייגעריקייט און פאַרטראָגנקייט...

די הוידע איז שטענדיק באַלאַגערט פון קינדערלעך, וואָס וואַרטן אויף דער ריי, און אַז זי ווערט פריי, ווערט אַ שטופּעניש, אַ געדראַנג, יעדער איינער וויל פאַרכאַפּן אַ פּלאַץ זיך צו הוידען אויף דער שיף.

דאָס מיידל מיטן ווייסן שירעץ, וואָס איז געקומען מיט די קינדער, שטייט אין מיטן פּאַרק, גיט אַכטונג אויף זיי און קוקט זיך צו צו אַלע שפּילערייען, צו דעם לוסטיק־טומלדיקן געפילדער. זי ווערט מיטגעריסן מיט דער פריילעכקייט און שפּילעוודיקייט פון די קינדער, וועלכע זייענען אַלע פאַרנומען, פאַרשפּילט, פאַרטראָגן. אויף אַ רגע פאַרגעסט זי ווער זי איז, אירע פליכטן, זי פילט זיך ווי איינע פון די קינדער פון פּאַרק,

וואָס רינגלען זי אַרום און זי האָט אַ געוואַלדיקן פאַרלאַנג אַנטייל־נעמען אין די שפּילערייען, אַרויפקריכן אויפן הויכן טורעמל און דער־גרייכן ביזן שפּיץ און אַראָפּקוקן אונטן צו די קינדער, זיך אַראָפּגליטשן פון „טאָבאָגאַן", זיך וויגן אויף די הוידלקעס, שוועבן אין דער לופטן אויף די אייזערנע לייטערלעך פון דער „טריזשאַ". און איבערהויפּט קען זי נישט אָפּרייסן די אויגן פון דער הוידע, וואָס זעט אויס ווי אַ זיך וויגנדיקע שיף. זי וואָלט גערן זיך אַרויפגעכאַפּט אויף איר, פאַרמאַכט די אויגן און זיך געוויגט, זיך געשפּילט ווי אַלע קינדער, געלאַכט אויפן קול, זיך געפרייט מיט זאָרגלאָזער קינדערישקייט.

זי קען אָבער נישט ביישטיין דעם נסיון. און אַז אויף דער גרויסער הוידע ווערט פריי אַ פּלאַץ, קען זי זיך נישט באַהערשן, פאַרגעסט אין אַלץ, אין די קינדער, אין דער באַלעבאָסטע, אין ווייסן שירץ... זי גיט זיך אַ ריס פון איר פּלאַץ, לויפט האַסטיק צו צו דער הוידע און זעצט זיך אַוועק. די קינדער, וואָס זיצן דערנעבן, קוקן זי אָן, פּרובירן זיך אָפּרוקן פון איר... נאָר אַז די אייזערנע ריגלען פאַרמאַכן זיך און די שיף צעוויגט זיך אַלץ שנעלער, פאַרגעסן זיי אין איר... אין מיידלס פּנים בייטן זיך אַלע פאַרבן. די הוידע, ווי אַ זיך וויגנדיקע שיף, דוכט זיך איר, טראָגט זי אין דער לופטן. ס'איז איר אַזוי גרינג, פריי און לייכט. זי פאַרמאַכט די אויגן, און עס דוכט זיך איר, אַז זי זעט אַ וווּנדערלעכן חלום. זי דערווייטערט זיך פון אַלעמען... די וויגנדיקע שיף טראָגט זיך אַלץ העכער אין דער לופטן; אַ ווייכע, אַ צאַרטע כישופדיקע בלויקייט נעמט זי אַרום, טוליעט זי איין. זי אָטעמט פריי, ווערט אויסגעלייזט פון אַלץ... די ווייסע אָנגעקראָכמאַליעטע שירץ, וואָס קרעמפּט זי איין, שאָרכט מיט אַ מאָדנעם פאַרשיקטן גערויש, פאַלט אַראָפּ פון איר, שאַרט זיך אַוועק און דערווייטערט זיך פון איר. זי ווערט פריי, ווי אַלע קינדער וואָס זיינען אין פּאַרק.

אַ פּלוצימדיקער געוויין רייסט זי אויף פון איר חלום. זי דערקענט דאָס געוויין, זי עפנט אירע אויגן. דער איבערגעריסענער חלום, ווי אַ לייכטנדיקער שטערן, פאַלט אַראָפּ ערגעץ ווייט און לעשט זיך אויס...

זי שפּרינגט אַראָפּ פון דער הוידע אַ צעשראָקענע, איינס פון די קינדער, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט, איז אַראָפּגעפאַלן, זיך צעקלאַפּט און וויינט מיט כליפּנדיקע קולות. דאָס מיידל ציטערט, איז צעשראָקן,

צעטומלט, אירע אויגן פינטלען מיט שרעק. זי קוקט אויפן צעקלאַפּטן קינד, זי זעט דעם אויפגעלאָפּענעם בייל אויפן שטערן און פילט זיך אומבאַהאָלפן, פאַרלאָרן... זי נעמט אַרויס אַ טיכעלע, נעצט עס איין און פּרובירט צולייגן אויפן שטערן. דאָס קינד קאָפּעט מיט די פיס, שרייט, ליאַרעמט, מאַכט געוואַלדן און וויינט אָן אויפהער. דאָס מיידל קוקט צעשראָקן אויפן בייל, זיפצט אָפּ, טראַכט ווי אַזוי איר באַלעבאָסטע „דאָניאַ מאַריאַ״, וועט זי אויפנעמען, וואָס פאַר אַ גאָב זי וועט איר דערלאַנגען. זי האָט מורא צוריקצוגיין אין דער ווילע, זי טראַכט, אַז זי איז אַליין שולדיק, צוליב איר האָט דאָס קינד זיך צעקלאַפּט.

זי בויגט זיך אַראָפּ, זי פילט ווי די פיס ברעכן איר. זי קוקט צו דער וויגנדיקער הוידע, וואָס שיפּלט זיך מיט אַ שטילן גאַנג, ווי זי וואָלט געשניטן שטילע וואַסערן. די פריילעכע קינדערלעך, וואָס זיינען אויס־געזעצט אויף דער באַנק, אַרומגענומען, זינגען לידער, זיינען פריילעך, מונטער, צעשפּילט. זי ווערט מיטגעריסן מיט דעם קינדערשן פריילעכן געזאַנג, וויל אַוועקטרייבן אירע אומעטיקע מחשבות פון איר איצטיקן לעבן אין דער ווילע, פון אירע פריערדיקע יאָרן אין דער „היים פון פאַרלאָזענע קינדער״. זי געדענקט בכלל קיינמאָל נישט פון קיין היים... זיין צווישן אייגענע, הערן צערטלעכע רייד פון טאַטע־מאַמע... פילן די אויפמערקזאַמקייט און ליבשאַפט פון נאָענטע... זי געדענקט נאָר, אַז קליינערהייט האָט מען זי דאָרטן געבראַכט און זי איז שוין פאַרבליבן. די אויפזעערינס, אַלטע מוידן מיט פאַרזויערטע פּנימער, באַגייען זיך מיט איר שטרענג. זי דאַרף אַלץ טאָן, ראַמען, וואַשן, רייניקן די גרויסע צימערן, העלפן אין קיך און זיי לאָזן זי קיינמאָל נישט אַרויס.

זי דערמאָנט זיך, אַז אין די יום־טוב־טעג פלעגן צו די אַנדערע קינדער, וואָס זיינען געווען מיט איר, יאָ קומען צו גיין אייגענע, פריינד, משפּחה. מ׳פלעגט זיי ברענגען מתנות, מיטנעמען שפּאַצירן, און אַז זיי פלעגן אַוועקגיין, דער גרויסער „האָל״ פלעגט בלייבן ליידיק, פלעגט זי זיך פילן איינזאַם, פאַרגעסן, מינדערוויכטיק... נאָכקוקן די קינדער מיט פאַר־לאָפענע אויגן און בלייבן זיצן דערדריקט מיט אַ פאַרבענקטן אומעט...

איצט, ווען זי הערט דאָס געזאַנג פון די קינדער, דערווייטערן זיך פון איר די טרויעריקע רעיונות. זי פאַרגעסט אין אַלץ, אין שרייענדיקן קינד, הערט נישט זיין געוויין, זעט נישט זיין צעקלאַפּטן שטערן, דעם

אויפגעלאָפּענעם בייל, וואָס זעט איר אויס משונהדיק גרויס, שרעקט זי, וואָרנט זי... זי קוקט גאַפנדיק אויף דער וויגנדיקער הוידע, אויף די קינדערלעך, הערט זיך צו צו זייערע געזאַנגען... און זי האָט ווידער אַ פאַרלאַנג — צו פאַרמאַכן אירע אויגן און זי זאָל ווידער אַמאָל זען דעם ווונדערלעך שיינעם חלום...

# דער ספר הספרים

דער גרויסער ליכטיקער זאַל מיט די ברייטע פענצטער צום גאַס, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר אויפנאַמעס און פאַמיליען יום־טובים, ווו מען פלעגט פאַרברענגען ביז שפעט אין דער נאַכט, זיך לאָזן וווילגיין מיט די צוגעגרייטע מאכלים און נאַשערייען, און דערנאָך זיך אויסזעצן גרופּעסווייז ביי די טישן, שפּילן אין קאָרטן, אָדער זיך דערציילן צווייַדייטיקע וויצן פון וואָס דער עולם פלעגט אַלע ווײַלע אַרויסכאָכאָטשען מיט הילכיקע געלעכטערס און שפּעטער אָוועקגיין מיט אַ לאַנגווײַליקן געפיל פון פוסט־קייט און נודנעקייט.

דער גרויסער ליכטיקער זאַל מיט די שיינענדיקע בליץ־לאָמפּן און יום־טובדיקע צוגעגרייטע טישן, האָט הייַנט אויסגעזען אַנדערש ווי שטענדיק.

ביי דער זייט, באַלד ביים אַריינגאַנג, שטייט דער „באַר", אַ קליין רונד געשניצט שענקעלע, מיט צוויי טירעלעך און קיילעכדיקע פיסלעך מיט בראָנדזענע באַפּוצונגען, פון וויַיטנס זעט דאָס אויס ווי אַ קליין געשניצט אָרון־קודשל און מ׳קאָן מיינען, אַז אינעווייניק ליגן פאַרבאַהאַלטן הייליקע ספרים; נאָר אַז מ׳עפנט די טירלעך, שפּילט אויף אַ פריילעך מאַרשל, ווי אַ פייערלעכע באַגריסונג צו די אָנקומענדיקע געסט.

פון אינעווייניק קוקן אַרויס פאַרשידענע פלעשער געטראַנקען, וויינען און ליקערן, מיט אַלערליי אויפשריפטן, וואָס ווייזן זייער יחוס, באַשטעטיקן זייערע אייגנשאַפטן און קוואַליטעט. אַ גראָב בייכיקע פלאַש קוקט אַרויס גאוהדיק, די גאָלדענע קערנדלעך פון אינעווייניק בלישטשען אַרויס מיט אַ פינקלדיקן גלאַנץ, ווי קליינע גאָלדענע פישעלעך וואָלטן אַרומגעשווומען אין פלאַש. דאָס האָט געהייסן דער גאָלדענער ליקער און זיין פּלאַץ איז געווען אויבן־אָן.

איצט איז דאָס יחוסדיקע שענקעלע געשטאַנען ווי פאַראיינזאַמט, געפילט זיך געקריוודעט, וואָס קיינער לייגט נישט קיין אַכט אויף דעם, ווי זיי, די פאַרבעטענע געסט, וואָלטן דאָס שענקל מיט די טייערסטע וויינען

און ליקערן געהאַלטן פאַר אַ מינדערוויכטיקע זאַך. מ׳איז כסדר פאַרטיפט אין אַן ערנסטן שמועס.

אויבן־אָן זיצט דער שרייבער יהודה לייב. זיינע אויגן קוקן אויף אַלעמען מיט פרייד און נחת־רוח. ער גלויבט זיך אַליין ניט, די גאַנצע משפחה איז היינט פאַרזאַמלט, געקומען אויסהערן די לעקציע וועגן ספר הספרים. דאָס איז געווען זיין איניציאַטיוו, מ׳זאָל זיך צונויפקומען פון צייט צו צייט און לערנען תנ״ך. ער האָט שטאַרק געליטן וואָס די משפחה איז צעריסן, ס׳הערשט נישט קיין אייניקייט, יעדער איינער מיינט אַז ער איז גערעכט, און ווייל נישט נאָכגעבן דאָס מינדעסטע וואָס איז נוגע אים. ס׳האָט אים פאַרדראָסן און ווי געטאָן, ווייל די גאַנצע משפחה איז געווען גוט איינגעאָרדנט, מיט געשעפטן און פאַבריקן, און דאָך איז מען שטענדיק געווען פאַריאָגט, פאַרטאַראַראַמט; מ׳האָט קיינמאָל קיין צייט נישט געהאַט, ווי ס׳וואָלט אָנגעגאַנגען אַ פאַרמעסט, ווער ס׳וועט וועמען איבערשטייגן, ווער וועט אַרויס דער זיגער.

היינט האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלט. די גאַנצע משפחה איז זיך צונויפ־געקומען צוליב איין ענין, אויסהערן אַ לעקציע וועגן תנ״ך. אַ טיפע פרייד האָט אים אַרומגענומען, ער איז געווען גערירט.

ער האָט אָנגעהויבן שטיל, ווי ער זאָל וועלן ביסלעכווייז אַריינציען דעם עולם. איבערהויפּט האָט ער אין זינען געהאַט די יוגנט. פאַר זיי איז דער גאַנצער ענין געווען ניי, אומבאַקאַנט.

מיטאַמאָל איז זיין קול געוואָרן שטאַרקער. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער און אַלע פאַרזאַמלטע וואָס געפינען זיך אין זאַל, טראָגן זיך אַריבער אין ווייט פאַרגאַנגענע עפּאָכעס פון יידישן עבר, ער שפּאַנט איבערן לאַנגן וועג פון יידישער געשיכטע, פון די ערשטע צייטן אָן, ווען דער יידישער וועלט־באַנעם האָט אויפגעלויכטן איבער גאָר דער וועלט, געוואָרן אַ וועג־ווייזער פאַר די שפּעטערדיקע דורות, פאַר אַלע פעלקער. ער גיט איבער די עיקרים פון תורת־משה, די ווונדערלעכע געזעצן און געבאָטן פון ליבשאַפט און ברידערלעכקייט, פון מענטש צו מענטש, פון פאָלק צו פאָלק. ער מאַכט באַקאַנט מיט די ליכטיקע געשטאַלטן פון די נביאים, זייער געוואַגטקייט און אַנטשלאָסנקייט, זייערע אידייען, זייער קאַמף פאַר יושר און צדק, זייער ברענענדיק וואָרט קעגן די אונטערדריקער און באַצווינגער, קעגן די טויבע הערשער, די פאַרפיר־

טע און פאַרבלאָנדזשעטע, וואָס פילן נישט מיט דעם עלנטן, דעם געפאַלענעם, זייער פאַרויסזאָגן פון די גליקלעכע צייטן וואָס וועלן קומען פאַרן געפּלאָגטן יידישן פאָלק און פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

*

און וואָס מער דער שרייבער יהודה לייב האָט גערעדט, האָבן די געדאַנקען אַלץ מער אים באַהערשט. ער איז איבערגעגאַנגען פון איין טעמע צו דער צווייטער, ס'איז אים שווער געווען זיך אָפּצושטעלן אויף איינצלנע פּרטים, די געדאַנקען האָבן געיאָגט איינע די אַנדערע. ער האָט זיך באַמיט צו געבן צו פאַרשטיין דעם פאַרזאַמלטן עולם, דעם זין פון יידישן זיין, פון יידישן קיום...

דאָס פּנים האָט אים געפלאַמט, זיינע אויגן האָבן אים געלויכטן, דאָס קלינגענדיקע קול זיינס איז זיך צעגאַנגען איבערן זאַל ווי אַ זינגענ־דיקער ניגון, וואָס אַלע האָבן זיך צוגעהערט מיט אַ געוואַלדיקן אינטערעס. דער ניגון האָט אַריינגעצויגן, פאַראייניקט, אויפגעוועקט טיפע סענטימענטן און עמאָציעס.

*

דאָס אויסגעפּוצטע שענקעלע מיט די בראָנדזענע אָרנאַמענטן און אַלערליי געטראַנקען, וואָס איז געשטאַנען ביים אַריינגאַנג, האָט איצט אויסגעזען ווי אַ בייכיקער בעל־גוף, וואָס איז געבליבן באַליידיקט און פאַרשעמט, שטשירעט אויף אַלעמען מיט זיינע גאָלדענע ציין, ווי ער זאָל אויסלאַכן דעם שרייבערס רייד און געדאַנקען, וואָס האָבן צוגעצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט, חוזקט פון דער היינטיקער מסיבה וואָס איז אים נישט צום האַרצן.

דער שרייבער יהודה לייב האָט שוין לאַנג געענדיקט ריידן. אָבער אַלע אין זאַל זיינען געבליבן זיצן פאַרטיפטע אין די רעיונות. קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, ווי זיי זאָלן האָבן אַ פאַרלאַנג ווייטער אויסצוהערן זיינע רייד, זיינע געדאַנקען, וואָס האָט אַלעמען פאַרכאַפּט, מיטגעריסן און באַצויבערט. אַ נייע וועלט האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר זיי אַלעמען — דער ספר הספרים.

# א גוטע נשמה

(דערינערונג)

אין שטאָט הערשט אַ שרעקלעכער הונגער. ס׳איז נישט מעגלעך צו באַקומען קיין שפּייז. מענטשן ווערן געשוואָלן, קראַנק און גייען אויס ווי ליכט. ס׳הויבן אָן בושעווען עפּידעמיעס, וואָס וואַרפן אָן אַ פּחד אויף אַלעמען. איינע פון די שרעקלעכע מגיפית איז דער פלעק־טיפוס. ווען די קראַנקייט האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ שטוב, האָט מען דעם קראַנקן פּולשטענדיק איזאָלירט, אָפּגעזונדערט פון אַלעמען. מ׳האָט מורא געהאַט פאַר די קינדער, אַריינגעגאַנגען זיינען נאָר די עלטערע. מ׳האָט געוווּסט, אַז פאַרן קראַנקן איז נישטאָ קיין רעטונג. שוואַרצע פלעקן גייען אַרויס אויפן קערפּער און דער קראַנקער גייט אויס אין שרעקלעכע יסורים און ווייטיקן.

איך און מיין קלענערער ברודערל זיינען אָנגעשראָקן. מיר כאַפּן אויף די שטילע שעפּטשענדיקע רייד, וואָס טאַטע־מאַמע ריידן צווישן זיך, אין שטאָט איז אַ סומאַטאָכע, אַ פּאַניק, די מגיפה שאַנעוועט קיינעם נישט. אַנדערע פאַרנעמען האַק און פּאַק און ציען זיך איבער אין די אַרומיקע קלענערע שטעטלעך, דאָרטן טרעפן וויניקער פאַלן.

די מאַמע אונדזערע לאָזט אונדז נישט אַרויס אויפן גאַס, ווי אין דרויסן וואָלט די קראַנקייט געהאַט מער שליטה. זי היט אונדז אָפּ. לאָזט אונדז נישט טרינקען קיין רוי וואַסער, עסן רויע פּרוכט און נעמט נישט אַראָפּ די אויגן פון אונדז, ווי אַ קוואָקע וואָס דערשפּירט אַ געפאַר און קוקט צעשראָקן אויף אירע הינדעלעך.

דער טאַטע שטייט אויף גאַנץ פרי, דאַוונט אָפּ און איילט זיך אַוועק־צוגיין. דאָס גייט ער אַלע פרימאָרגן אין די נאָענטע שטעטלעך. ער מאַכט דעם מאַרשרוט הין און צוריק צופוס. אַ סך מאָל געלינגט אים צו באַקומען אַ זאַק קאַרטאָפל, אַ זעקל מעל, רייז. ער טראָגט עס אַריין אין שטוב מיט אַזאַ פרייד, ווי ער וואָלט געבראַכט צו פירן אַ טייערן אוצר. אַ גליק־

לעכע צופרידנקייט שיינט אַראָפּ פון זיין געזיכט. דאָס זעקל שפּייז פאַר־באַהאַלט ער אין אַ פינצטער קעמערל וואָס מיר האָבן אין שטוב, פאַרמאַכט שטיל די טיר, ווי ער זאָל מורא האָבן פאַר אַ גוט אויג.

אונדזער עלטערע שוועסטער טייבל שטייט אויף גאַנץ פרי, גייט אַוועק צו איר אַרבעט אַלס קראַנקן־שוועסטער אין שטאָטישן שפּיטאָל. די מאַמע באַגלייט זי מיט אַ ציטערדיקן גאַנג און זאָרג. זי קושט זי פיל מאָל פאַרן אַוועקגיין. איר פליסטערנדיק קול שעפּטשעט אַ תּפילה, זי זאָל אויסגעהיט ווערן פון אַלדאָס בייז, קיין שום שלעכטס זאָל אויף איר קיין שליטה נישט האָבן. זי קוקט איר לאַנג נאָך מיט טרערנדיקע אויגן.

אונדזער שוועסטער טייבל, זי וואַקסט אויס אין מיינע אויגן ווי אַ העלדין. זי איז אַזאַ מוטיקע און דרייסטע, האָט פאַר קיין זאַך קיין מורא נישט. זי איז אַזאַ גו׳טע און געטרייע, אַדאַנק איר הונגערן מיר נישט. דער געהאַלט וואָס זי באַקומט אַלס קראַנקן־שוועסטער פאַרהיט אונדז פון נויט, פון הונגער. ווען זי גייט אַוועק בלייבט איר צימער פאַר־שלאָסן, די מאַמע האָט מורא מיר זאָלן דאָרטן אַריינגיין. אַ גאַנצן טאָג גייט זי אַרום צווישן קראַנקע, ציטערט זי פאַר דעם. אַז טייבל קומט פון שפּיטאָל, נעמט זי די מאַמע האַרציק אַרום און צעקושט זיך מיט איר. איך מיט מיין ברודערל האָבן אַ פאַרזאָג זיך נישט צו דערנעענטערן. שטייען מיר פון ווייטן. ביי דער מאַמע פינקלען איצט די טרערנדיקע אויגן, זי איז פול מיט דאַנקבאַרקייט צום רבונו־של־עולם, וואָס דאָס טייערע קינד, די גוטע נשמה, איז צוריקגעקומען בשלום.

טייבל ברענגט מיט מיט זיך אַ פּעקעלע, דאָס זיינען אירע מלבושים וואָס זי גייט אָנגעטאָן אין שפּיטאָל. זי גייט אַריין צו זיך אין צימער, לייגט צונויף די זאַכן אין אַ ווינקל, פאַרציט עס מיט אַ פאָרהענגל, ווי זי זאָל דאָס ווען אָפּזונדערן פון אַלעמען.

מיין טאַטע גייט אַרום פאַרזאָרגט, פילט זיך געפאַלן, וואָס ער, דער שפּייזער פון דער פאַמיליע, גייט שוין אַרום אַ לאַנגע צייט ליידיק, פאַר־דינט נישט אויף קיין פּרנסה. טייבל, די גוטע נשמה, פאַרנעמט איצט זיין פּלאַץ, איר לוין האַלט אונדז אויף. אין די פרימאָרגנס קאָן ער שוין נישט שלאָפן, ס׳מאַטערט אים דער געדאַנק, אַז דאָס קינד איז אין אַ סכנה. ער פילט זיך שולדיק אַנטקעגן איר. ער גייט אַוועק אַ סך פריער איידער

טייבל שטייט אויף, ער קאָן נישט זען ווען זי גייט אַוועק אין שפּיטאָל.

*

די עפּידעמיע אין שטאָט האָט אָנגעהאַלטן. אין דער ישיבה האָבן אָנגעהויבן זיך באַוויזן מענער און פרויען מיט אומעטיקע פאַרזאָרגטע פּנימער און פאַרווייַנטע אויגן און געבעטן דעם רבין, אַז די תלמידים זאָלן זאָגן תהילים פאַר אַ קראַנקן, אין זכות פון די תפילות זאָל בטל ווערן דער שלעכטער גזר. ביים אַוועקגיין האָבן זיי דעם רבין איבער־געלאָזט געלט, ער זאָל דאָס צעטיילן די אָרעמע ישיבה־בחורים וואָס נויטיקן זיך.

די קאַפּיטלעך תהילים פלעגן מיר זאָגן מיט האַרץ און כוונה, געבעטן דעם בורא עולם ער זאָל שיקן אַ רפואה שלמה פאַרן קראַנקן. דער רבי האָט אָנגעהויבן זאָגן אַ פּסוק מיט אַ שטיל הכנעהדיק קול און מיר האָבן נאָכגעזאָגט, אַריינטראַכטנדיק זיך בשעת מעשה אין דעם טייטש פון די ווערטער. די קאַפּיטלעך תהילים האָבן מיר זיך געשטעלט זאָגן ביים ענדיקן דעם שיעור, פאַרן דאַווענען. מיר יונגע יינגלעך האָבן זיך דאַן געפילט ווי גרויסע באַיאָרטע יידן. דורך אונדזערע תפילות קען אַ קראַנקער געזונט ווערן, אַ פאַראומערטע היים קען אויפגעריכט ווערן, מיר קאָנען ראַטעווען אַ מענטש פון אַ סכנה...

דעם שיעור האָבן מיר געלערנט זיצנדיק. געהאַלטן די אָפענע גמראָס אויף די לאַנגע טישן און איינגעחזרט איינער מיטן אַנדערן, צוזינגענדיק דערביי דעם געציקלטן געדרייטן ניגון. איינער דעם צווייטן האָט געהאָלפן אַרויסקריכן פון די שווערע פאַרפּלאָנטערטע טוגיאָס. ביים זאָגן די קאַפּיט־לעך תהילים האָבן מיר זיך אַלע אויפגעשטעלט, אַן אומהיימלעכע ערנסט־קייט איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף אַלעמענס פּנימער, ווי מיר וואָלטן געזען פאַר אונדזערע אויגן די פאַרווייַנטע פּנימער פון די קרובים און פריינד, וואָס זיינען געקומען ריידן מיט אונדזער רבין, בעטן אונדזער הילף.

מיין שוועסטער טייבל איז איינמאָל געקומען פון שפּיטאָל אַ פאַר־ענדערטע. דער שטענדיקער שמייכלדיקער פּנים האָט אַראָפּגעקוקט מיט צער און אומבאַהאָלפנקייט. זי איז געגאַנגען מיט וואַקלדיקע טריט, ווי

זי וואָלט געהאַלטןביים פאַלן, אירע באַקן זיינען געווען בלאַס און איינ־געפאַלן, און אַ פיבערדיקער גלאַנץ האָט אַראָפּגעקוקט פון אירע פאַר־שפּיצטע אויגן. זי האָט זיך געמוטשט באַלד לייגן. די מאַמע איז אַרומ־געלאָפן איבערן שטוב. כ'האָב נאָר געהערט איר פאַרשטיקט קול וואָס האָט געהאַלטן אין איין איבערחזרן: „ווײ איז מיר, מיין טייער קינד איז פאַרביי! וואָס טוט מען? וואָס טוט מען?" זי האָט געהאַלטן פאַרבראָכן די הענט און געציטערט. זי איז געווען אינגאַנצן דערשלאָגן, אומבאַהאָלפן, און אַז מיין טאַטע איז געקומען פאַרנאַכט מיט אַ ליידיקן זאַק, איז מיין מאַמע אַרױפּגעפאַלן צו אים אויפן אַקסל און האָט זיך צעכליפּעט אויפן קול.

מ'האָט געבראַכט דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן און זיי האָבן פאַרצווייפלט געשאָקלט מיט די קעפּ און שטרענג פאַרזאָגט, אַז מ'מוז זי גלייך אַוועק־פירן אין שפּיטאָל. מיין מוטער האָט זיך פּרובירט קעגנשטעלן, זי איז נישט אָפּגעטראָטן פון איר בעט. זי האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון טייבלען, וועלכע איז געלעגן פאַרטראָגן מיט גרויסער היץ, האָט גע־קרעכצט פון יסורים און האָט כמעט קיינעם נישט דערקענט.

אַז מ'האָט זי אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל, איז די מאַמע געבליבן ווי פאַרשטאַרט. איר קול איז ווי אָפּגענומען געוואָרן. זי האָט געהאַלטן פאַרריסן די אויגן אין דער הויך און געשעפּטשעט מיט די ליפּן. זי האָט געוואַרט אויף אַ נס.

טייבל, די גוטע נשמה, איז שוין מער נישט צוריקגעקומען. טאַטע־מאַמע זיינען געזעסן שבעה. אויף די קליינע בענקעלעך האָבן זיי אויס־געזען קלענער, איינגעשרומפּענער. מיין פאָטער האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אין וואַנט און געשוויגן, נאָר פון צייט צו צייט האָט ער אַרויסגעזיפצט. מיין מוטער איז געזעסן איינגעבויגן, זי האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַרומגענומען מיטביידע הענט און געוויינט מיט אַ הייזעריק פאַרדומפּן קול. זי האָט אויסגעזען פאַרעלטערט, דערדריקט. איר געזיכט האָט אונדז אויסגעזען פרעמד, ביסטרע. זי האָט פּרובירט אַרויסשרייען אויפן קול, נאָר די הייזעריק כריפּנדיקע קלאַנגען האָבן זיך איבערגעהאַקט. זי איז געבליבן זיצן מיטן אַראָפּגעזונקענעם קאָפּ ווי פאַרגליווערט, ביז ס'פלעגט זיך באַווייזן אַ פריינד, אַ שכן, וואָס איז געקומען מנחם אבל זיין און מיין מאַמע איז ווידער אַרויס מיט אַ יללה. אַ סך מאָל האָט זי אויפ־

געהויבן איר אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ און געקוקט צו אונדז מיט אַ פרעמדן וואַנזיניקן בליק, וואָס האָט אונדז אַלעמען געשראָקן.

*

שוין אַ לאַנגע צייט ווי מיין פאָטער גייט נישט אַרויס פון שטוב, ער וויל אונדז נישט לאָזן אַליין. די מאַמע גייט אַרום ווי אַ שאָטן און קאָן נאָך אַלץ ניט קומען צו זיך. מיט צערטלעכע רייד פרוווט ער ווירקן אויף איר, זי זאָל זיך נעמען אין די הענט, זי דאַרף זיך שטאַרקן, מ׳מוז אָננעמען אַלץ פאַר ליב. ה׳ נתן וה׳ לקח. ס׳איז גאָטס ווילן אַזוי.

מיין מאַמע לאָזט זיך נישט טרייסטן, זי קאָן נישט פאַרגעסן. זי האַלט אין איין וויינען און דערמאָנען: אַזאַ טייער קינד, אַזאַ האַרציקע גוטע נשמה, פאַרוואָס האָט דאָס זי געטראָפן? פאַרוואָס קומט אונדז אַזאַ שטראָף? אַזאַ אומגליק, אַזאַ פסק־דין?

*

אונדזערע רייכע קרובים, די „דאַרמאַנס״, וואָס האָבן פאַרמאָגט אַ סך הייזער און די גרעסטע טאַבאַק־פאַבריק, אויף זיי האָט זיך אויסגעגאָסן איובס צרות. אַזוי קומט מיין טאַטע איינמאָל פון גאַס און גיט איבער די נייס. ער קוקט צו דער מאַמען וואָס גייט אַרום ווי אַ שאָטן איבערן שטוב, ער וויל זי אָפּציִען פון אירע מחשבות. ער דערציילט, אַז די פאַבריק האָט אָפּגעברענט איבער נאַכט, אַלץ איז אַוועק מיטן פייער און זיי זיינען געבליבן אָרעמע לייט, און די עפּידעמיע וואָס בושעוועט אין שטאָט האָט אויך זיי נישט אויסגעמיטן — צוויי פון דער פאַמיליע, די מוטער און אַ טאָכטער, זיינען קראַנק געוואָרן. מ׳האָט געבראַכט די גרעסטע דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן און ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן, זיי זיינען אַוועק.

שפּעטער דערוויסן מיר זיך, אַז לייזער, דער עלטערער זון פון די „דאַרמאַנס״, איז אויך אַוועקגעפאַלן אויף דער קראַנקייט. לייזער, דאָס איז געווען דאָס „שיינדל״ פון דער משפּחה. אַלע האָבן אים ליב געהאַט. איצט איז ער געלעגן שווער קראַנק און זיין לעבן איז געווען אין סכנה, און צוליב דעם וואָס צוויי פון דער פאַמיליע האָט געטראָפן דער אומגליק, האָבן אַלע מורא אַריינצוגיין צו אים. בייטאָג האַלט מען צו אים אַ קראַנקן־שוועסטער וואָס היט אים אָפּ. זיי זוכן אַ מענטש אויף ביינאַכט. מיין

טאַטע האָט זיך גלייך אָנגעבאָטן. לעצטנס הונגערן מיר, די זעקלעך שפּייז. וואָס דער טאַטע האָט די גאַנצע צייט אָנגעגרייט, האָבן זיך געענדיקט און מיט וואָס צו קויפן האָבן מיר נישט.

מיר זיינען געקומען אַביסל צו זיך, מיר ליידן מער נישט קיין הונגער. דער טאַטע וואַכטעוועט די נעכט ביי „לייזערן" און ער באַקומט אַ גוטן לוין. בייטאָג לויפט ער אַרום, זוכט איינצוקויפן פאַר אונדז שפּייז און מיר זיינען שוין נישט אַזוי פאַרשמאַכט.

די מאַמע איז ווידער פאַרזאָרגט. צוליב די קינדער, זאָגט זי שטיל דעם טאַטן, מיר זאָלן נישט הערן. און אַז ער גייט אַוועק אין אָוונט, קאָן זי נישט איינשלאָפן, דרייט זיך אויפן געלעגער און זיפצט אין דער שטיל, ביז ס'הויבט אָן טאָגן און מיין טאַטע באַווייזט זיך אַ מידער, אַ בלאַסער. זיינע אויגן זיינען רויט, אָנגעשוואָלן און פאַרזשמורעט, ווי ס'וואָלט אים געמאַטערט דער שלאָף. ער נעמט אַראָפּ פון זיך די קליידער, מיט וועלכע ער איז אַרומגעגאַנגען אַרום קראַנקן, לייגט זיי אַוועק אין אַ ווינקל, פאַרציט זיי מיט אַ פאָרהענגל, ווי מיין שוועסטער טייבל פלעגט אַמאָל טאָן. ער זאָגט אָן דער מאַמען זי זאָל אונדז אָפּהיטן, זי זאָל אונדז נישט אַריינלאָזן אין צימער און לייגט זיך אַוועק אויסרוען פון דער שווערער נאַכט.

איך דערמאָן מיך אין דער שוועסטער טייבל. דער טאַטע פאַרנעמט איצט איר פּלאַץ. ער איז זיך מוסר נפש פאַר אונדז, מיר זאָלן נישט ליידן קיין הונגער שטעלט ער איין זיין לעבן. איך פיל אים מיט און באַוווּנדער אים, און איך שעפּטשע אין דער שטיל אַ תפילה: „רבונו־של־עולם, היט אויס מיין טאַטן פון אַלדאָס בייז..."

# פאַרגעבונג

נאָך דער קראַנקייט, וואָס מענדל גאָלדפּיין האָט דורכגעמאַכט און דער דאָקטאָר האָט אים שטרענג פאַרזאָגט, אַז ער מוז זיך צוריקציען פון די געשעפטן, לעבן רואיק, האָט ער באַשלאָסן איבערגעבן די פאַבריק די זין. ס'איז שוין נישט געווען פאַר זיינע כוחות און זיין געדולד האָבן צו טאָן מיטן גאַנצן טאַראַראַם, אָנפירן מיטן גאַנצן שטאַב פרעמדע מענטשן.

פאַר דער צייט וואָס די זין האָבן איבערגענומען די פאַבריק, האָט די אונטערנעמונג זיך שטאַרק פאַרגרעסערט. די נייע מאָדערנע מאַשינען וואָס זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט פון אויסלאַנד, וואַרפן אַרויס איבערן מעט־לעת גאַנצע טראַנספּאָרטן סחורות, שאַפן נייע מוסטערן, קאָמבינירן אויס נייע אוזאָרן. די סחורות ווערן שנעל אויספאַרקויפט, צעכאַפּט, האָבן אַ גרויסן אָפּגאַנג.

די זין אַליין גיבן נאָר אַכטונג. גיבן אַרויס פאַראָרדענונגען, באַפעלן, וואָס ווערט אויסגעפירט פון די פרעמדע מענטשן, פונעם גאַנצן שטאַב אָנגעשטעלטע און אַרבעטער.

אַ סך מאָל אַז ער קומט אין פאַבריק און קוקט זיך צו צו זייערע באַפעלערישע פאַראָרדענונגען, ווי אַזוי זיי ריידן גרינגשעצנדיק צו די אַרבעטער, עלטערע מענטשן, דוצן אַלעמען, פאַרדריסט עס אים, ער קען דאָס נישט פאַרטראָגן. ער וויל מיט עפּעס אויסדריקן זיין דערווידערונג, ער נעמט אַליין די פּעקלעך סחורות, הויבט אָן איבערטראָגן, סאָרטירן, איינלייגן אין פּאַליצעס.

די זין ווערן אָנגעצונדן, פילן זיך באַליידיקט, שעמען זיך. זאָגן אים, אַז ער טאָר דאָס נישט טאָן! ס'איז נישט פאַר זיינע כוחות און ס'איז זיי אַ חרפּה פאַר די אַרבעטער...

— גיי זיך בעסער דורך טאַטע. גיי אויף דער פרישער לופט. טאָרסט ניט זיין אין פאַבריק! — זאָגט דער עלטערער זון מיט אַ צערטלעך קול,

וואָס קלינגט אים אָפּ פרעמד און דערווידער, דאָס קול איז אי געטריי און גלייכצייטיק באַפעלעריש...

ער הערט אויף שלעפן די פעקלעך, דרייט זיך אַרום איבער דער פאַבריק און לאַנגווייליקט זיך, פילט זיך איבעריק... זיין אָנוועזנהייט אין פאַבריק זעט אים אויס ווי אַ לאַסט פאַר די קינדער... „כ׳פּלאָנטער זיך דאָ אַרום, מ׳דאַרף מיך דאָ האָבן פונקט ווי אַ פינפטער ראָד צום וואָגן״... טראַכט ער אין זיך. ער גייט אַריין אין ביוראָ, זעצט זיך אַוועק ביי אַ שרייב־טיש, נעמט דעם גרויסן קאָנטע־בוך, ווו ס׳זיינען פאַרשריבן אַלע בעלי־חובות, ער הויבט אָן בלעטערן. דאָס שאָרכן פון די דיקע בלע־טער פון גלאַנציקן פּאַפּיר דערגרייכט איצט צו אים ווי אַ פריילעכער געפּליסטער. שטילע אויפמונטערנדיקע קולות ווימלען אַרום אים... ווילן אים צעשטרייען... ער פאַרטיפט זיך אין די ציפערן, אין די חשבונות.

מיטאַמאָל ווערט זיין פּנים פאַרכמורעט. ער בויגט אַראָפּ דעם קאָפּ, קוקט זיך צו נעענטער ווי ער זאָל זיך נישט וועלן גלויבן. באַקאַנטע נעמען פון קליינע סוחרים, „אַמבולאַנטן״, זיינע געוועזענע קונים, זיינען אויסגע־שטראָכן, פיגורירן מער נישט אַלס בעלי־חובות.

מיטן בוך אין האַנט גייט ער צו צום עלטערן זון און פרעגט מיט אַן איינגעהאַלטן ציטערדיק קול:

— פאַרוואָס פיגורירן נישט אָט די אַלע קונים? פאַרוואָס זיינען זיי אויסגעשטראָכן? מיט זיי האָב איך אָנגעהויבן די פאַבריק, זיי זיינען געווען די ערשטע אָפּנעמער פון די סחורות.

— מיר דאַרפן מער נישט אַזעלכע שנאָרערס, אַמבולאַנטן „מערקאַ־טשיפּלעס״ וואָס פאַרמאָגן נישט קיין סטאַבילע געשעפטן. מיר האָבן זיי אַלע אָפּגעשטעלט דעם קרעדיט. פריער מאַטערן זיי אויס מיט די פרייזן און דערנאָך צאָלן זיי דיר אויס ווי זיי ווילן, טוען דיר אַ טובה. מיר קענען זיך באַגיין אָן זיי.

— דאָס זיינען געווען מיינע ערשטע קונים, די בעסטע אָפּנעמער. מיט זיי האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן. ווי אַזוי נעמט מען און מ׳האַקט זיי אָפּ דעם קרעדיט? זיי זיינען דאָך פאַמיליע־מענטשן און איך קען זיי נאָך פון דער היים.

די זין שמייכלען איינע צו די אַנדערע. דאָס נעמען זיי אויף מיט

ביטול דעם טאַטנס סענטימענטאַליזם, זיין ווייכהאַרציקייט... וואָס איז פאַר זיי פרעמד...

— היינט זיינען אַנדערע צייטן, — רופט זיך אָפּ דער עלטערער זון, ווי ער זאָל וועלן באַרואיקן דעם טאַטן, ווייזן אַז ער פאַרשטייט אים בעסער. — מיר האָבן היינט אַ סך בעסערע קונים ווי אַמאָל. די גרעסטע געשעפטן זיינען אונדזערע אָפּנעמערס. אַמאָל, אַז דו האָסט אָנגעהויבן אַרבעטן, האָסטו געמוזט צו זיי אָנקומען, אויסשטיין פון זיי. היינט בויטיקן מיר זיך נישט אין זיי. סחורה איז היינט מיט גאָלד צוגלייך, רוי־מאַטעריאַלן זיינען נישט בנמצא, ס'קריכן אַרויס די אויגן פון קאָפּ אַז מיר באַקומען „דעוויזן", צו וואָס זאָלן מיר דאָס פאַרטאַכלעווען ?

מענדל גאָלדפיין בלייבט שטיין אָן לשון. פאַרשטייט, אַז אַלע זיינע אַרגומענטן וועלן זיי בשום אופן נישט איבערצייגן און ס'איז אומזיסט זיין קעגן שטעלן זיך, דאָס אויפרעגן.

ס'בלייבט אים אָבער אַ טיפער פאַרדרוס. די גאַנצע פירונג איז אים נישט צום האַרץ... די גרויסע פאַבריק, די ריזיקע געביידע מיט די פאַר־שיידענע אָפּטיילונגען, דער גאַנצער שטאַב פרעמדע מענטשן, דער גאַנצער טאַראַראַם זעט אים אויס איבעריק פרעמד און דערווידער... אַז ער האָט קיין שום שייכות נישט צו דער פאַבריק און דער גרויסער בראַנדזענער שילד מיט זיין נאָמען וואָס הענגט אין סאַמע פראָנט, איז נאָר כדי זיך צו רייצן מיט אים... אַריינלאַכן אים אין פּנים מיט אַ גאָלדיק בליאַסקעדיקן גלאַנץ ווען ער גייט פאַרביי... סיי ווי סיי ווערן זיינע מיינונגען נישט גענומען אין אַכט. אין וועלכער אָפּטיילונג ער זאָל נישט אַריינגיין, מוז ער זיך אויפרעגן. ער נעמט זיך צום האַרץ פון יעדער קלייניקייט און ער גייט דערנאָך אַרום מיט אַ נאַיעניש, וואָס מאַטערט און פייניקט אים... לאָזט אים נישט צורו...

מענדל גאָלדפיין פילט ווי די ראיה טונקלט זיך אים, קליינע פייערדיקע רייפעלעך מיניען זיך פאַר זיינע אויגן, קרייזן אַרום אים, שליסן זיך איינע מיט די אַנדערע ווי אַן אַרומרינגלענדיקע קייט, וואָס וויל אים אַריינ־נעמען אין דער מיט... ער פילט אַ שוואַכקייט אין גאַנצן קערפּער, ווי די קניען וואָלטן זיך אים געבראָכן. די אומצופרידנקייט, דער פאַרדרוס, די מאַטערנדיקע רעיונות לאָזן אים נישט אָפּ.

ער גייט צוריק אַריין אין ביוראָ. שפּאַרט זיך אָן אין אַ שטול און

פרובירט זיך אַוועקזעצן, פאַרוואַרפט דעם קאָפּ הינטערווייַלעכץ. ער פאַר־מאַכט די אויגן ווי ער זאָל זיך אַוועקטראָגן ווייט פון דאַנען... אַ ווייַלע פאַרגעסט ער ווו ער געפינט זיך. ס׳ווערט אים גרינגער, ער ציט אָפּ דעם אָטעם און פילט אַ דערלייכטערונג.

ער דערהערט מיטאַמאָל אַ האַרץ־רייסנדיק געוויין, וואָס מאַכט אים אויפציטערן, ווי אַ קעלט וואָלט אים דורכגענומען. דאָס געוויין פאַרגייט זיך אין אַ שלוכצן, אין אַ פאַרשטיקט העשען.

מענדל גאָלדפיין גיט זיך האַסטיק אַ שטעל אויף, עפנט אויף די טיר פון ביוראָ און בלייבט שטיין מיט אויפגעריסענע פאַרוווּנדערטע אויגן: אַ קליין מענטשל פון נידעריקן וווּקס בייגט זיך אין דרייען, ציטערט מיטן גאַנצן קערפּער און שלוכצט אויפן הויכן קול. ער גייט צו נעענטער און דערקענט אים — דאָס איז זייַנער אַ בן־עיר, איינער פון זייַנע אַמאָליקע קונים. יענער, אַז ער דערזעט אים, צעכליפּעט זיך ווי אַ קליין קינד, כאַפּט אים אָן פאַר די הענט און קלאַמערט זיך אין זיי, ווענדעט זיך איצט נאָר צו אים מיט זיין פאַרצווייפלט וויינענדיק קול:

— מ׳האָט מיך היינט דערהרגעט! געשאָכטן אָן אַ מעסער! צוליבן חוב וואָס איך קום אייך, האָט מען מיר געמאַכט אַן „עמבאַרגאָ”, צוגע־נומען דאָס גאַנצע ביסל סחורה וואָס איך האָב געהאַט, מיך געשטעלט בדיל הדל... מיך געמאַכט אומגליקלעך...

מענדל גאָלדפיין פילט ווי דאָס האַרץ זייַנס הויבט אָן טיאָכקען נאָכאַנאַנד, צאַפּלט זיך פון אויפרעגונג און פאַרדרוס. ער קוקט מיט מיטלייד צום וויינענדיקן מענטש, וואָס שטייט פאַר אים אַ צוזאַמענ־געבראָכענער, ס׳פאַזמירט, שלוכצט אויפן קול און באַשולדיקט זייַנע זין, וואָס האָבן נישט געהאַט אויף אים קיין רחמנות, קיין איינזען...

מענדל גאָלדפיין נעמט אַרום מיט אַ שאַרפן בליק זייַנע קינדער. זיין אַדורכנעמענדיקער בליק פאָדערט אַן ענטפער, אַן אויפקלערונג.

— מיר האָבן אים עטלעכע מאָל געוואָרנט, מתרה געווען ער זאָל דערליידיקן דעם חוב און ער האָט זיך געמאַכט נישט וויסנדיק, דאַרף מען איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָנלערנען, אַז מ׳דאַרף אונדז רעספּעקטירן, נישט מאַכן אונדז צום נאַר — פרובירט דער עלטערער זון זיך פאַר־ענטפערן פאַרן טאַטן.

מענדל גאָלדפיין כאַפּט זיך אָן מיט די הענט פאַרן קאָפּ, ווי ער וואָלט אויפגעשווידערט פון זונס ענטפער.

— ווי אַזוי האָט איר געוואַגט מאַכן אַן „עמבאַרגאָ" אַ מענטש וואָס כ׳קען אַזויפיל יאָרן? אים צודריקן צו דער וואַנט! צונעמען דאָס ביסל סחורה פון וואַנעט ער האָט געצויגן חיונה! — שרייט ער אַרויס די ווערטער מיט אַ ווייטיקלעך קול.

— אין געשעפט מוז מען זיין שטרענג — פּרובירט אַ צווייטער זון באַרעכטיקן — מ׳טאָר נישט האָבן קיין מיטלייד, זיין ווייכהאַרציק... מ׳מוז זיי אָנלערנען, זיי זאָלן צאָלן צו דער צייט! סחורה ברענט אַ פייער...

— שווייגט שוין, שווייגט שוין בעסער! מיר פלאַמט דאָס פּנים פון בושה, דאָס האַרץ ווערט מיר פאַרקלעמט פון צער און איר פּרובירט נאָך באַרעכטיקן... איך שעם מיך אַז מיינע קינדער זאָלן זיך אַזוי אויפפירן... זאָלן נישט האָבן אין זיך קיין שום מענטשלעך געפיל... קיין מיטלייד...

מענדל גאָלדפיין גייט צו צום וויינענדיקן מענטשל, לייגט אַרויף זיין האַנט אויף זיין אַקסל, באַמיט זיך אים צו באַרואיקן, איינשטילן, רעדט צו אים מיט אַ ווייך צערטלעך קול, ווי ער אַליין וואָלט געווען דער שולדיקער און וויל ביי אים בעטן פאַרגעבונג...

דאָס מענטשל וואָס זעט די ווירקונג וואָס ער האָט געמאַכט אויפן פאָטער, צעכליפּעט זיך נאָך שטאַרקער, שווערט זיך מיט אַלע שבועות, אַז ער האָט נישט געקענט צאָלן דעם חוב, בעט זיך ער זאָל אים העלפן ראַטעווען, ווען נישט קומט אים אויס פון בריק אין וואַסער...

מענדל גאָלדפיין פילט ווי די אויגן ווערן אים פאַרגאָסן מיט טרערן, ער באַהערשט זיך, ווייסט, אַז ער טאָר נישט פאַרלירן קיין צייט.

— נו באַרואיקט אייך, באַרואיקט אייך, — בעט ער זיך מיט אַן איינגעמענדיק קול. — איך פאַרזיכער אייך — הויבט ער אויף אַ האַנט אין דער הויך, ווי ער זאָל געבן אַ פייערלעכע שבועה, — אַז קיין איין פאָדעם וועט אייך נישט פעלן. אַלץ וועט אייך ווערן אומגעקערט. קומט מיט מיר — פאַרענדיקט ער מיט אַן אויפמונטערנדיקער שטים.

דאָס וויינענדיקע מענטשל בלייבט שטיל, ווישט זיך אויס די פאַר־טרערטע אויגן, גלייכט זיך אויס און ביידע פאַרלאָזן איילנדיק די פאַבריק.

*

דער באַאַמטער וואָס האָט זיי אויפגענומען, האָט זיך געמאַכט גלייכ־גילטיק און קאַלט. לאַנג געבלעטערט די פּאַפּירן, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן אַ שאַרסטקן רוגזהדיקן געוויש, ווי אַ בייזערנדיקער געמורמל, פאַרזשמורעט מיט אַן אויג און געזאָגט: אַז צו אַנולירן די „עמבאַרגאָ" מוז ווערן איינ־געצאָלט אַזאַ און אַזאַ סומע געלט.

מענדל גאָלדפיין האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, ער נעמט אַלץ אויף זיך, ער וויל, אַז נאָך היינט זאָלן אומגעקערט ווערן די פאַרנומענע סחורות.

און אַז ער האָט איינגעצאָלט די געפאָדערטע סומע געלט, אונטער־געשריבן אַ פּאַפּיר, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון חוב, איז אים אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן... ער איז געגאַנגען פאַרויס מיט שנעלע טריט, האַלטנדיק דאָס פּאַפּיר אין האַנט ווי אַ טייערע ווערטפולע זאַך. איבערגעטראַכט, אַז ער קען נאָך פאַרשפּעטיקן, עפּעס אַ מכשול, קען אונטערקומען אין לעצטן מאָמענט און ער וועט נישט באַוויזן אַרויסנעמען די פאַרנומענע סחורות.

ביים איבערגעבן אַלע פּאַפּירן האָט דער ליציטאַטאָר, שוין אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, זיי ביידן באַטראַכט, אָנגעקוקט מיט כיטרע דורכגעטריבענע בליקן, זיי געהייסן זיך זעצן און לאַנגזאַם גענומען דורכ־קוקן די אונטערגעשריבענע פּאַפּירן.

מענדל גאָלדפיין איז געוואָרן אומגעדולדיק. זיך אויפגעהויבן אַלע ווײַלע פון זיין פּלאַץ, זיך צוריק אַנידערגעזעצט און געקוקט מיט פאַר־דראָס צום ליציטאַטאָר, וואָס מאַכט אַזעלכע לאַנגזאַמע פּראָצעדורן, ציט ביי זיי די עצמות...

שפּעטער, ווען דער ליציטאַטאָר האָט ענדלעך געהייסן אַריינברענגען די פּעק סחורות, וואָס זיינען געווען צונויפגעקנאָדערט, צעקנייטשט, צעוואָרפן. איז מענדל גאָלדפיין אויפגעשפּרונגען פון זיין פּלאַץ, צוגע־האָלפן קאָנטראָלירן, איבערציילן, דערנאָך געטראָגן די שווערע פּעק סחורות מיט אַזאַ רירעוודיקייט, ווי ער וואָלט גאָרנישט געשפּירט די משא און ביים איבערגעבן די פּעקלעך דעם בלאַסן מענטשל, אויסגעמיטן זיך צו טרעפן מיט זיינע בליקן, ווי ער זאָל זיך שעמען אים קוקן אין פּנים אַריין, נאָר געמורמלט שטילע פליסטערנדיקע ווערטער, ווי ער וואָלט געבעטן מחילה פאַר פאַרשאַפן אים אַזויפיל עגמת־נפש...

דער ליציטאַטאָר איז געבליבן שטיין פאַרחידושט. נישט געקענט

באַגרייפן וואָס קומט דאָ פאָר. די גאַנצע האַנדלונג פון איינצאָלן אַלע געריכטס־הוצאות, אָוועקשענקען דעם חוב, העלפן טראָגן די פעק סחורות און דאָס בעטן ביים בעל־חוב פאַרגעבונג, האָט אים אויסגעזען מאָדנע, משונהדיק. און ווען דאָס פאַרוויינטע מענטשל מיט די פעק סחורות איז שוין געהאַט אַוועקגעגאַנגען, האָט ער געפרעגט מיט אַ רוגזהדיק קול וואָס האָט געקלונגען ווי אַ פאָרוואורף.

— איר באַגייט זיך אַזוי מיט אייערע אַלע בעלי־חובות?

— ער איז אַ שוואַכער מענטש, קוים וואָס ער האָט פרנסה. אַז מען וועט אים צודריקן, קען ער נאָך, חלילה, קראַנק ווערן... כ׳וויל נישט האָבן אויף מיין געוויסן... — האָט מענדל גאָלדפיין זיך באַרעכטיקט.

אויף דעם ליציטאַטאָרס שטרענג געזיכט האָט זיך באַוויזן אַן איראָ־נישער שמייכל. אין פאַרלויף פון יאָרן ביי זיין אַמט, איז ער שוין צוגעוווינט צו סצענעס, וואָס די בעלי־חובות מאַכן ביי אַן „עמבאַרגאָ". ער נעמט עס אויף קאַלט און גלייכגילטיק. דאָס וויינען און ליאַרמען, דאָס שרייען און סטראַשען רירט אים אַבסאָלוט נישט. יעדער איינער פאַר־טיידיקט זיינע אינטערעסן מיט וואָס פאַראַ מיטלען ער קען... און דאָ איז עפעס אַזוי אַנדערש, אַזוי אומפאַרשטענדלעך פאַר אים...

— אין געשעפטס־ענינים קען מען אַזוי נישט האַנדלען — האָט ער פּרובירט וואָרענען, — ווען נישט וועלן אַלע אויסנוצן אייער ווייכהאַר־ציקייט, אייער גוטסקייט... אַבי מ׳זאָגט אַז די יידן זיינען פּיפּיקע און געניטע סוחרים... — זיין בליק איז געוואָרן פאַרשפּיצט, שטעכיק, אָנגריי־פעריש, ווי ער זאָל זיך וועלן אָפּרעכענען פאַרן עובר זיין קעגן די געריכטס־נאָרמען...

מענדל גאָלדפיין האָט געפילט דעם „שטאָך". דאָס וועלן אים פאַר־טשעפּען, די אַרויסגעזאָגטע ווערטער, כלומרשטיקע קאָמפּלימענטן — קביילכעלעך גיפט איינגעוויקלטע אין גאָלדענע פּאַפּירעלעך... האָבן זיך געצילעוועט אים צו טרעפן, ווייז צו טאָן... ס׳האָט זיך אים געוואָלט אָפּענטפערן, אַריינזאָגן אים אַזוי אָט דעם ברייטן מגושמדיקן פּאַרשוין מיט די קאַלטע חוצפּהדיקע בליקן, אַז ס׳זאָל אים פאַרגיין אין זיבעטן ריפּ. דערנאָך זיך באַטראַכט, אַז ס׳איז נישט כדאי זיך אָנצוהויבן מיט דעם קאַלטבלוטיקן גזלן... ער וועט אים סייווי נישט פאַרשטיין... זיין מוח וועט נישט אויפנעמען זיינע רייד.

איבעריקנס האָבן זיינע אייגענע קינדער נישט קיין סך בעסער גע־האַנדלט... אָבער פאַרשווייגן אינגאַנצן טאָר מען אויך נישט, מ׳דאַרף נישט נאָכגעבן אַזעלכע ברואים...

— מ׳טאָר נישט אָנפאַלן אויף אַ מענטשן, ווי אַ ווילדע חיה אין וואַלד! צו יעדער צייט דאַרף מען אַרויסווייזן מענטשלעכקייט... מיטלייד, רחמנות... מ׳דאַרף העלפן אַ געפאַלענעם מענטשן... — האָט ער אים געשטורכעט מיט די פינגער אין פּנים — שטעלן אים אויף די פיס און נישט וועלן אים צודעפּטשען, דערשטיקן... מ׳דאַרף אויסשטרעקן אַ האַנט ווען יענער האַלט ביים פאַלן...

ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט, צונויפגעטראָפן מיט די בליקן ווי איינער וואָלט געוואָלט אַריינדרינגען אין צווייטנס וועזן... און אָפּגעטראָטן צוריק, זיך נישט פאַרשטאַנען... איינער דעם אַנדערן האָט נישט געקענט באַגרייפן און כאָטש זיי זיינען געווען אַזוי נאָענט איינער פון צווייטן, איז אויס־געוואַקסן אַן אומזעבאַרע מחיצה צווישן זיי וואָס האָט זייביידן פאַנאַנ־דערגעטיילט, ווי אַ ריזיק גרויסער שטח פון מיילן ווייט...

# דער רבי ר׳ מאירקע

(דערינערונג)

דער ניי־גרינער בית־מדרש איז געווען אַנדערש ווי אַלע בנינים פון אַרום. דאָס איז געווען אַ צוויי־שטאָקיק הויז מיט אַ משופּעדיקן דאַך און לאַנגע פענצטער מיט קליינע שייבעלעך פון אַלערליי קאָלירן. אַז די זון האָט אַריינגעשיינט האָבן זיך אויף די ווענט אָפּגעשפּיגלט אַלערליי פיגורן, צייכענונגען און וואַנט־מאָלערייען. ס׳האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי משונהדיקע געמעלן פון אַ מאָדערנעם קינסטלער.

דער עולם וואָס פלעגט קומען דאַוונען איז באַשטאַנען פון בעלי־מלאכות, האַנטווערקער, קליינהענדלער און סוחרים. די פיינע בעלי בתים, די לומדים און בני־תורה האָבן פאַרנומען דעם אויבן־אָן, דעם מזרח נעבן אָרון־קודש. די האַנטווערקער און קליינהענדלער זיינען שוין גע־שטאַנען אַביסל ווייטער מער אין מיטן, נעבן בעלעמער. די בעלי מלאכות, וואָס האָבן זיך אַריינגעכאַפּט דאַווענען איידער זיי זיינען געגאַנגען צו דער ארבעט האָבן פאַרנומען די הינטערשטע בענק כמעט נעבן אַריינגאַנג.

די סוחרים זיינען געקומען מיט שנעלע איילנדיקע טריט, האָבן גע־קוקט מיט גדלות אַרום זיך ווי זיי וואָלטן געטאָן אַ טובה וואָס זיי קומען אין בית־המדרש, אין דער צייט וואָס די געשעפטן וואַרטן שוין אויף זיי.

די האַנטווערקער און קליינהענדלער זיינען געווען מער מיושבדיקער. זייער גאַנג — שוין מער געלאַסענער. מ׳שטיינס געזאָגט די גרויסע גליקן וואָס זיי שטייט פאָר, וואָס זיי האָבן זיך וואָס צו איילן. זיי האָבן געדאַוונט מיט מער כוונה.

דער דריטער שיכט די אַרבעטער, די טרעגער, זיינען געקומען מיט מידע פאַרשלאָפענע פנימער פול מיט זאָרג וועגן דאגות פּרנסה. זיי האָבן געהאַלטן די פאַרגעלטע סידורים און אַריינגעזיפצט אין זיי אַלע טענות און בקשות צום רבונו־של־עולם.

בין מנחה למעריב פלעגט ר׳ מאירקע, דעם רבי ר׳ נחומקעס זון, לערנען מיטן עולם אַ שיעור, אַ בלאַט גמרא.

כ׳בין נאָך דאַן געווען אַ יונג ייִנגל, געגאַנגען חסידיש געקליידט, און כ׳בין געווען שטאַרק פרום. מיט אַ געוואַלדיקן אינטערעס האָב איך דאַן געשלונגען די מוסר ספרים און דאָס האָט געהאַט אויף מיר אַ גרויסע ווירקונג. און ווייל עס איז געווען ווייט צו גיין אין „שטיבל" ווו מיין טאַטע האָט געדאַוונט, בין איך געגאַנגען אין בית־המדרש. מיין טאַטע, אַ גערער חסיד, איז נישט געווען אויף דעם קיין גרויסער מקפיד, צוליב מיין פרומקייט האָט ער אַלץ פאַרקוקט.

דאָס לערנען פון ר׳ מאירקען אַ בלאַט גמרא פאַר אַן עולם מתנגדים האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס. איך פלעג שטיין אין אַ זייט און זיך איינהערן ווי אַזוי ער לערנט דעם שיעור. ער פלעגט זיצן אינמיטן, נעבן בעלעמער און ביי צוויי לאַנגע טישן פון ביידע זייטן זיינען געזעסן די תלמידים, מערסנטייל שוין עלטערע מענטשן און געשלונגען יעדעס וואָרט, זיך איינגעהערט מיט אויפמערקזאַמקייט און יראת־הכבוד.

זיין צאַרטקייט און הדרת־פנים האָט אַלעמען אימפּאָנירט. ער איז געווען עטוואָס העכער פון מיטעלן וווּקס, מיט אַן איידל ווייס געזיכט, אַרומגעצוימט מיט אַ העלבלאָנדער באָרד און פּאות. מיר האָט זיך דאַן אויסגעוויזן, אַז אַ העלע ליכטיקייט שטראַלט אַרויס פון זיינע גוטמוטיקע מילדע אויגן, פון זיין בנעימותדיק געשטאַלט, ווי די שכינה וואָלט גערוט אויף אים. אַ סך מאָל קוקנדיק אויף אים האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך ווער פאַרבלענדט פון זיין ליכטיק פּנים.

פון זיין לערנען האָט מען אַרויסגעזען זיין שאַרפזיניקייט און בקיאות. מ׳האָט אַ סך מאָל געשמועסט אין בית־מדרש, אַז ער קאָן גאַנץ ש״ס אויף אויסנווייניק, און ער האַלט די גמרא פאַר זיך נאָר פאַר יוצא וועגן, און אויך צוליב דעם מ׳זאָל נישט מיינען אַז ער וויל זיך גרויסן מיט דעם.

פון צייט צו צייט האָט ער אַ זאָג געטאָן צום עולם מיט אַ זינגענדיק קול: זעט זשע רש״י, זעט זשע תוספות, ווי ער זאָל ווייזן אַ באַשטעטיקונג צו זיינע רייד.

נאָכן לערנען האָט מען זיך געשטעלט דאַווענען מעריב.

ער איז געשטאַנען אין מזרח, נעבן אָרון־קודש, און זיין דאַווענען האָט צוגעצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט, כאָטש אין דעם בית־מדרש

זיינען אַלע געווען מתנגדים און עס איז פּאַר זיי געווען פרעמד דער חסידישער ברען און דביקות ביי די תפילות, דאָס שאָקלען זיך און פּאַטשן מיט די הענט, דאָס צוזינגען און צוקלאַפּן מיט די פינגער.

ר׳ מאירקע איז אַלעמאָל מער אַריין אין התלהבות. ווי ער זאָל וועלן מקיים זיין דעם פּסוק „כל עצמותו תאמרנו״. די אויסגעשטרעקטע הענט האָבן מיט ציטערניש זיך געצויגן אין דער הויך, גערופן, געבעטן דעם אַלמעכטיקן חסד און רחמים פאַר זיך, און פאַר כל ישראל. אַ סך מאָל האָט זיין קול געפּאָדערט, געמאָנט, ווי ער וואָלט גענומען אויף זיך די פליכט צו זיין דער מליץ יושר פאַר דער גאַנצער עדה יידן.

איידער ער האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט „אדני״, האָט ער זיך אָנגעהויבן גרייטן ביסלעכווייז, דערנאָך זיך פאַרגיין אין אַזאַ עקסטאַז, אַרויסזאָגן דאָס וואָרט מיט אַ פלאַטערדיקן ציטער און קדושה, זיך בייגן אין דרייען און זינגען מיט אַ דביקותדיקן ניגון, וואָס האָט ביי מיר דאַן אַרויסגערופן אַ הייליקן ציטער.

דאָס זאָגן די תפילה שמונה־עשרה, האָט ביי אים געדויערט מער ווי דאָס גאַנצע דאַוונען. אין בית־מדרש איז אַנטשטאַנען אַן אָפּוואַרטנדיקע שטילקייט. דער גאַנצער עולם האָט זיך איינגעהערט מיט אַן אויפּרודערנ־דיקער התפּעלות פול מיט באַוווּנדערונג און יראת־הכבוד, ווי זייער רבי ר׳ מאירקע בעט צו גאָט. ער זאָגט די תפילות אַנדערש ווי אַלע און רופט אַרויס ביי אַלעמען טיפע געפילן פון פאַרגאַפטקייט און התרוממות הנפש.

ווען ר׳ מאירקע איז אויסגעגאַנגען שמונה־עשרה, געזאָגט שים שלום, האָט מען פאַרענדיקט דאָס דאַוונען. דער גאַנצער עולם האָט ווי אויפ־געוואַכט פון זיין פאַרטיפטקייט.

ר׳ מאירקע האָט אויפגעעפנט זיינע אויגן, וועלכע זיינען נאָך געווען פאַרדימיונט, פאַרדביקהט, ווי זיינע מחשבות און זיין גאַנץ וועזן וואָלטן איצט אַראָפּגענידערט פון אַנדערע וועלטן...

# דער פּאַניעווזשער רב

דער אַלטער פּאַניעווזשער רב האָט די גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט צומאַכן מיט קיין אויג. ער האָט זיך געדרייט אויפן געלעגער און געקרעכצט אויפן קול. דער גאַנצער קערפּער איז אים געווען אָנגעווייטיקט, ווי ער וואָלט געהאַט ווונדן אויפן לייב. ער האָט געשפּירט אַ ווייטיק אין דער לינקער זייט ברוסט, וואָס איז אים דערגאַנגען ביז דער פּלייצע און ס'איז אים שווער געווען אָפּציען דעם אָטעם. דער קאָפּ האָט אים געפייערט, און די אויגן זיינען אַלע ווילע געוואָרן פאַרלאָפן, און וואָס מער די ווייטיקן האָבן אים געפּייניקט און דערקוטשעט, האָט ער אַלץ אָנגענומען באהבה, ווי די אַלע ווייטיקן וואָלטן אים אויסגעזען נישטיק אַנטקעגן דעם, וואָס ער האָט צוגעזען און דורכגעלעבט. זיינע ציטערדיקע ליפּן האָבן כסדר זיך באַוועגט, ווי ער זאָל וועלן קלאָר מאַכן פאַר זיך אַליין אַ זאַך, וואָס איז פאַר אים אומפאַרשטענדלעך. זיין שעפּטשענדיק קול איז געווען דורכגענומען מיט עצבות און צער. נו, דאַרף מען האָבן טענות צום רבונו של עולם? אָט איז ער אַ צעבראָכענער שאַרבן, אַלץ איבערגעלעבט און געבליבן לעבן, זיך געראַטעוועט. אַזויפיל טייערע יידן בני־תורה, לומדים און רבנים, ער־לעכע יידישע קינדערלעך, זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך אַלערליי אַכזריות און נגישות, וואָס דער שונא האָט אויסגעטראַכט צו פאַרפּייניקן און צו דערנידעריקן, און ער, דער קראַנקער און האַרץ־ליידנדער, איז ווי דורך אַ נס געבליבן לעבן, האָט אַלץ צוגעזען און האָט אויסגעהאַלטן. פון וואַנעט האָט זיך גענומען צו אים אַזאַ כוח? וועמענס זכות איז אים ביי־געשטאַנען? ער האָט אַ ציטער געטאָן, געפילט, ווי ס'גייט אים דורך אַ שווידער איבערן גאַנצן קערפּער. זיינע פאַרשפּיצטע אויגן, ווי צוויי שפּיזלען, האָבן געשטאָכן דעם פינצטערן חלל. ער האָט זיך איינגעהערט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, געבליבן געשפּאַנט, אין די אויערן האָבן אים אָפּגעקלונגען קינדישע הילפלאָזע יאָמערייען, ציטערדיקע געוויינען, האַרץ־רייסנדיקע געשרייען און פאַרצווייפלטע הילפס־רופן, וואָס זיינען

געקומען פון אַלע זייטן, אים אַרומגערינגלט, נישט אָפּגעלאָזט, ווי זיי זאָלן וועלן אים באַגלייטן, אים דערמאָנען. ער איז געוואָרן אָפּגעגאָסן מיט אַ קאַלטן שווייס, דאָס האַרץ האָט אים ווייטיקלעך געקלעמט, געציטערט, געוואָרן אַלץ שוואַכער, ווי ס'וואָלט נישט קאָנען אויסהאַלטן די פאַרצווייפלטע געשרייען. ער האָט איינגעגראָבן דאָס פּנים אין קישן און זיך צעוויינט אויף אַ כליפּענדיק הויכן קול, ווי ער זאָל זיך וועלן אויסמישן און פאַראייניקן מיט די אַרומיקע קולות און הילפס־רופן: זיין קול, ווי אַ וויינענדיקער ניגון האָט געמוטיקט און געטרייסט, אַ לאַנגע צייט איז ער געבליבן ליגן אויף זיין געלעגער וואַך און אָנגעשפּיצט.

און אַז די ערשטע מאָרגן־שטראַלן האָבן אָנגעהויבן אַריינשיינען דורכן פענצטער, און אַ ציטערדיקע בלאַסע ליכטיקייט האָט אָנגעהויבן זיך אויסשפּרייטן אויף די ווענט, איז ער אַראָפּ פון בעט, זיך אָנגעטאָן, זיך אַרומגעוואַשן מיט קאַלט וואַסער זיך צו דערפרישן, די ווייטיקן אין גאַנצן קערפּער זיינען געוואָרן שוואַכער, ווי זיי וואָלטן אָפּגעטראָטן מיטן אָנקומען פון פרימאָרגן.

ער האָט אָנגעהויבן אַרומגיין איבערן צימער הין און צוריק מיט פאַרמאַכטע אויגן און זיינע ליפּן האָבן געמורמלט שטיל אַ תּפילה, אַ לויב־געזאַנג צום בורא עולם. און כאָטש ער האָט זיך געפילט שוואַך אָן כּוחות, האָט ער באַשלאָסן היינט גאָרנישט טועם זיין, ער וועט פאַסטן. וואָס פאַראַ גרעסערער טרויער קאָן נאָך זיין, ווי דער הייניקער טאָג, ווען מ'גייט דערמאָנען און פאַראייביקן די 700 יידישע ישובים פון ליטווישע יידן, וואָס זיינען חרוב געוואָרן, טאָ ווי קאָן ער היינט וועלן פון עפּעס געניסן?

זינט ער איז דאָ אין לאַנד, האָט ער נישט גערוט, ווי נאָר ער האָט באַגעגנט אַ פריינד, אַ לאַנדסמאַן, אַן אַמאָליקן תּלמיד, האָט ער געזוכט זייער מיטהילף, געגעבן צו פאַרשטיין, אַז נאָר דאָ, אויף דער הייליקער ערד דאַרפן ווערן פאַראייביקט די חרוב־געוואָרענע יידישע קהילות.

מ'האָט אים פאַרשטאַנען און מיטגעפילט, אונטערגעקומען מיט הילף, קיינער האָט אים נישט אָפּגעזאָגט. יעדער איינער האָט צוגעלייגט אַ האַנט, און היינט וועט מען זיך צונויפזאַמלען לייגן דעם גרונטשטיין. אויף אַ הויכן באַרג אין בני־ברק וועלן שטיין זיבן הונדערט עמודים, אָנדענקמצבות, ווי די צאָל פון די חרוב־געוואָרענע קהילות. אויף יעדער מצבה

וועט זיין אויסגעקריצט דער נאָמען פון דער קהילה, דער דאַטום פון איר אַנטשטייונג, און דער טאָג פון איר אונטערגאַנג. אַ חופה וועט זיך דערהויבן פון באַרג, אַרומנעמען און איינהילן אַלע מצבות, דאָס וועט הייסן דער אוהל הקדושים. אין טאָג פון יאָרצייט פון יעדער קהילה, וועלן זיך צונויפקומען די געראַטעוועטע יידן און לערנען תורה, דאַווענען, זאָגן קדיש, זיך מתיחד זיין מיטן זכרון פון די קדושים, מיט זייערע הייליקע נשמות. אין אוהל הקדושים וועלן אויך געבראַכט ווערן געראַ־טעוועטע ספרי־תורה פון ליטווישע בתי כנסיות און בתי מדרשים, פון דעם אָרון־קודש וועלן פירן טרעפּ צו אַ הייל, דאָס וועט זיין די מערה צו באַהאַלטן די פנקסי הקהילה, וואָס מ'האָט צונויפגעזאַמלט פון אומע־טום. אויך די איכה־מגילה מיט די נעמען פון אַלע אומגעקומענע וועט דאָרט אָפּגעהיט ווערן.

דער פּאָניעווזשער רב האָט אַ לענגערע צייט געשפּאַנט אַזוי איבערן צימער פאַרטיפט אין די געדאַנקען און ס'האָט זיך אים אויסגע־וויזן, אַז ער זעט אַלץ אַזוי קלאָר און דייטלעך. ס'האַרץ האָט אים ווידער פאַרקלעמט מיט אַ מוראדיקן ווייטיק, ער האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ: ווי, ווי, וואָס איז געוואָרן דער כּך־הכּל פון אַזוי פיל יידישע ישובים.

ער האָט מיטאַמאָל דערשפּירט אַ ליכטיקייט, וואָס האָט אָנגעהויבן אַלץ מער אַריינשיינען אין צימער. ס'איז שוין געווען גרויסער טאָג. ער האָט זיך געאיילט גיין אין שול. ער האָט געוווּסט, אַז מ'וואַרט שטענדיק אויף אים מיטן דאַווענען, און ס'האָט אים פאַרדראָסן, וואָס מיט זיין פאַרשפּעטיקן וועט ער אַלעמען מטריח זיין, זיי וועלן וואַרטן אויף אים.

און אַז ער איז אַריין אין שול, האָט אים פאַרכאַפּט דער אָטעם. ס'איז אים אַנטקעגנגעקומען אַן אָפּוואַרטנדיקע שטילקייט פול מיט הכנעה און דרך־ארץ. ער האָט זיך איינגעקוקט אין עולם, די פּנימער פול מיט עצבות, די אויגן פייכטע, פאַרטרערטע, האָבן אָנגעפילט די שול מיט אַ פאַרפרעסטן איינגעהאַלטענעם געוויין.

ער האָט זיך איינגעהילט אין טלית, געזאָגט די ברכות, און דער גאַנצער עולם האָט זיך מיטאַמאָל אַ צעוויג געטאָן און אָנגעהויבן דאַווענען אויפן קול.

ביים ענדיקן דאַווענען, ביים קדיש זאָגן, איז אין שול אויסגעבראָכן

אַ געוויין, אַ געיאָמער, וואָס האָט אַלעמען מיטגעריסן. די איינגעהאַלטענע טרערן זיינען פריי געלאָזן, דער גאַנצער עולם האָט געוויינט און געשלוכצט אויפן קול ווי קליינע קינדער. אַנדערע זיינען זיך פאַרגאַנגען אין אַ ציטערדיקן געכליפּ, וואָס האָט אָנגעפילט דעם חלל מיט עצבות און טרויער.

ווען מ׳האָט געענדיקט דאַווענען, איז דער עולם ביסלעכווייז זיך צעגאַנגען, אַ טייל זיינען געבליבן מיטן רב. זיי האָבן געוווּסט, אַז דער רב פאַסט היינט און זיי האָבן געוואָלט זיין מיט אים. זיין ציטערדיקע שוואַכע שטים און זיין בלאַס אויסגעצערט געזיכט, האָט זיי באַאומרואיקט. מ׳האָט זיך אויסגעזעצט ביי די טישן, זיך פאַרטיפט אין די ספרים, און איבערן בית־המדרש איז געהאָנגען אַ שווערע, אָפּגעזעצטע שטילקייט, וואָס איז געווען דורכגענומען מיט אַ טיפן צער און אבלות.

ווען דער פּאָניעוועזשער רב מיט דער עדה יידן האָבן פאַרלאָזט דעם בית־מדרש, איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבן טאָג. דאָס שטיקל וועג, וואָס זיי האָבן געדאַרפט גיין, איז געווען שווער. ס׳האָט זיך אים געדוכט, אַז די כוחות גייען אים אויס. ס׳האָט אים אויסגעפעלט אָטעם, דאָס אָפּ־געשוואַכטע האַרץ איז אַלע ווײַלע געוואָרן ווי איינגעקלעמט, וואָס האָט אים פאַרשאַפט פּיינלעכע יסורים, און אַז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע, זיינען די ווייטיקן פאַרשוווּנדן. ער האָט זיך געפּרוּווט שטאַרקן, גיין ווייטער, זיך באַמיט צו באַרואיקן די וואָס האָבן אים באַגלייט דעם גאַנצן וועג, אַז ס׳איז אים ל׳ייכטער, ער פילט זיך בעסער, אָט דערנעענטערן זיי זיך צום באַרג.

אַ גרויסער עולם, וואָס איז שוין געווען פאַרזאַמלט, האָט אים אָפּגעוואַרט. ער האָט צוגעלייגט די האַנט צום שטערן צו פאַרשטעלן די שטאַרקע ברענענדיקע זון, וואָס האָט אים געבלענדט די אויגן. ציטערדיקע פלעמלעך האָבן אָנגעהויבן טאַנצן אַרום אים, זיך צעשאָטן אין רויטע פייערדיקע פונקען, וואָס זיינען ביסלעכווייז פאַרשוווּנדן און דערנאָך ווידער אויפגעטויכט פאַר אים. ס׳האָט אים געשווינדלט פאַר די אויגן.

ער האָט זיך איינגעקוקט און געבליבן נשתומם. פון ווייטן זייבען די 700 עמודים געווען באַגאָסן מיט אַ העלן זילבערנעם שיין און ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זיי לייכטן און פינקלען מיט אַן אויסטערליש ליכט. ווי בלישטשענדיקע שטערנדלעך וואָלטן אַראָפּגענידערט פון ערגעץ

ווייט, פינקלען און לייכטן, באַשטראַלן די מצבות, וואָס שטייען איינגעהילטע אין טרויער נאָך די פאַרטיליקטע ישובים מיט די קדושים אומגעקומענע על קידוש־השם...

# א קאַפּיטל תנ״ך

יצחק מאָרגנשטערן, דער שרייבער און תלמיד־חכם, דער גרויסער למדן און תנ״ך־קענער, וואָס איז שוין געוואָרן אַ בן־שמונים — האָט אויסגעזען אַ סך יינגער פון זיינע יאָרן. זיין גלייכער געשטרעקטער גאַנג, זיין יונג געזיכט, זיין הדרת פנים, זיין גוטמוטיקער שיינענדיקער בליק, האָט אויסגעדריקט גוטהאַרציקייט און פריינדלעכקייט. דער יוגנטלעכער גלאַנץ פון זיינע שמייכלענדיקע אויגן האָט אַרויסגעלויכטן מיט לעבנס־לוסטיקייט, וויטאַליטעט און אָפּטימיזם. אַ שלוהדיקע געמיטלעכקייט האָט געהויכט פון זיינע זשעסטן, פון זיינע בנעימותדיקע רייד און געלאַסענעם גאַנג.

יצחק מאָרגנשטערן, וואָס האָט מיט אַ סך יאָרן צוריק געפירט גע־שעפטן, געהאַנדלט, האָט מיטאַמאָל אַלץ איבערגעריסן, פאַרוואָרפן אַלע זיינע מסחרים און זיך אָפּגעגעבן מיט לערנען תורה און אַלגעמיינעם וויסן. געגעבן לעקציעס, געשריבן אין דער פרייער צייט, געלעבט בדחקות און געוועז צופרידן. און וואָס מער ער האָט זיך דערווייטערט פון זיינע געשעפטן, איז געשטיגן אין אים דער דראַנג צום לערנען תורה, יידיש וויסן, וואָס האָט ווי אַ דערפרישנדיקער קוואַל געשטילט זיין דורשט...

אַרום אים זעגען זיינע פרייגד אַין באַקאַנטע געוועז פאַרהאַוועט און פאַריאָגט מיט מסחרים און געשעפטן, קיינמאָל האָבן זיי קיין צייט נישט געהאַט, שטענדיק געוועז פאַרטאַראַראַמט מיט טראַנזאַקציעס, בענק־אָפּעראַציעס, מיט חובות און צאָלונגען, וועקסלען און היפּאָטעקעס, וואָס האָט זיי נישט געלאָזט שלאָפן רואיק די נעכט... מ׳האָט נאָר געוואָלט פאַרלויפן דעם וועג. מ׳האָט נאָר געזוכט אַריינצוכאַפּן... זיי האָבן געבויט הייזער, אַפּאַרטאַמענטן, זיך איינגעשאַפט ווילִיעס, אַנדערע האָבן פאַרלייגט געשעפטן, פאַבריקן, אינדוסטריעס.

די אינפלאַציע האָט זיי אַלעמען צערודערט... זיי זיינען באַהערשט

געוואָרן פון אַ בהלה — אַז דאָס געלט פאַרלירט דעם ווערט און מ׳האָט געזוכט זיך איינשאַפן גיטער, רייכטימער.

ער איז געווען ווייט פון דעם אַלעמען. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געאיילט. שטענדיק געגאַנגען געלאַסן, באַזאָכט. זיינע געדאַנקען זיינען געווען פאַרנומען — וועגן אַ סוזשעט פאַר אַ דערציילונג, וועגן אַ לעקציע, וואָס ער דאַרף צוגרייטן. אָדער קאָנטראָלירן די לערן־פּראָגראַמען פאַר די שול־קינדער, ווו ער, יצחק מאָרגנשטערן, איז געווען אָנפירער, דער דירעקטאָר.

איבערהויפּט האָבן געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג זיינע תנ״ך־לעקציעס, וואָס האָבן צוגעצויגן אַ גרויסן עולם. דאָס אַרויסברענגען פאַר ד׳י צוהערער דעם גרונט־מאָטיוו — פון יידישער עטיק, גייסטיקער דערהויבנקייט... דאָס דערגרונטעווען זיך צו דער נביאים־עפּאָכע, מיט זייער באַגריף פון יושר און גערעכטיקייט, זייער אָפּפערוויליקן קאַמף, זייער פאַרטיידיקן די שוואַכע, די געפּלאָגטע, די אונטערדריקטע, זייער פרייידיקן פריינדשאַפט, ברידערלעכקייט און הומאַניזם, זייער לערע וואָס האָט משפיע געווען איבער אַלע צייטן און דורות... די תנ״ך־לעקציעס האָבן אַלעמען מיטגעריסן און באַגייסטערט.

עס איז געווען פאַרנאַכט בין־השמשות.

יצחק מאָרגנשטערן איז געזעסן ביי זיין שרייב־טיש, אין זיין אַרבעטס־צימער און געשריבן, געווען פאַרטיפט. אַרום אים האָבן די פּאָליצעס ביכער מיט די גאָלד־געליישטע אויפשריפטן, געפינקלט מיטן שפּילנדיקן גלאַנץ פון די לעצטע זון־שטראַלן, וואָס האָבן זיך פאַרהאַלטן אויף די גאָלדענע אויפשריפטן, באַלויכטן דעם האַלב־טונקעלן צימער.

די פרוי איז אַריין מיט שטילע איינגעהאַלטענע טריט. זי האָט נישט געוואָלט מאַכן קיין גערויש, כדי אים נישט צו שטערן אין דער אַרבעט. זי האָט געקוקט צו אים מיט אַ ליבלעך שמייכלדיקן בליק, וואָס האָט אויסגעדריקט איבערגעגעבנקייט און פאַרערונג.

— אפשר וועסטו עפּעס נעמען אין מויל אַריין? שוין פון דערפרי־אָן ווי דו האָסט גאָרנישט פאַרזוכט — האָט זי געזאָגט מיט אַ שטיל פאַרזאָרגט קול.

— באַלד, באַלד, נאָך אַ וויילעטשקע און איך ענדיק שוין.

ער האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ פון ספר, געקוקט צו איר מיט דאַנק־

באַרקייט און זיך ווידער פאַרטיפט. ער האָט נישט געקענט איבעררייסן זיינע געדאַנקען, וועלכע האָבן זיך געוויקלט אַרום דער זעלבער טעמע, ער האָט געמוזט פאַרענדיקן.

און אַז ס׳איז אַריבער אַ שטיקל צייט, איז די פרוי ווידער אַריינגע־קומען אין צימער, איר קול אַן אונטערטעניקס, האָט אָפּגעקלונגען אומ־האפטיק, הכנעהדיק.

— ס׳פעלט דיר נאָך אַ סך צום ענדיקן ?

— כ׳האָב שוין כמעט ווי פאַרענדיקט. — האָט ער אַ צופרידענער געענטפערט. זיין לויטערער בליק האָט געשיינט. די פריילעכע שטימונג האָט אַרויסגעלויכטן פון אים...

— עמיצער פרעגט זיך אויף דיר, וויל דיך זען.

— ווער איז ?

— לעאָן פינקלשטיין, דיין אַמאָליקער שותף.

— לעאָן פינקלשטיין ? — האָט ער איבערגעחזרט דעם נאָמען, ווי ער זאָל זיך וועלן דערמאָנען און ער האָט געפילט, ווי אַ פרעמדע זאַך וואָלט זיך פּלוצלינג אַריינגעריסן אין צימער און געמאַכט אַ מחיצה צווישן אים און די אַלמערס ספרים, אים איבערגעריסן פון זיינע גע־דאַנקען.

— הייס אים צווואַרטן אין צווייטן צימער.

די פרוי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

און אַז ער האָט געענדיקט די לעצטע זאַצן, צונויפגעלייגט די פאַר־שריבענע פּאַפּירן, אַוועקגעשטעלט אויף אַ פּלאַץ די ספרים, וואָס זיינען געלעגן צעעפנטע אויף זיין שרייב־טיש, האָט ער זיך אויפגעשטעלט. איצט, אַז ער האָט פאַרענדיקט די לעקציע, האָט ער זיך ווי דערמאָנט: לעאָן פינקלשטיין זיין אַמאָליקער שותף וואַרט אויף אים אין צווייטן צימער, וואָס קען ער אים דאַרפן האָבן ? די זאַך האָט אים אויסגעזען קשה, אומפאַרשטענדלעך, „זיין געוועזענער שותף". די ווערטער האָבן אים אָפּגעקלונגען פרעמד און ווייט...

ס׳דוכט זיך אים, אַז דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי לאַנג, שוין אפשר מערער ווי דריי צענדליק יאָר.ביידע זיינען דאַן געקומען אין דעם נייעם, פאַר זיי אומבאַקאַנטן לאַנד. ביידע האָבן פאַרמאָגט אַרבעטזאַמקייט, פלייס און אויסדויער, זיינען געווען גרייט אָנצוהויבן בויען אַ ניי לעבן.

זיי זיינען געוואָרן שותפים.

לעאָן פינקלשטיין איז נאָך געווען אַ סוחר פון דער היים, געפירט גרויסע געשעפטן, געשפילט אַן אָנגעזעענע ראָלע אין דער סוחרישער וועלט און מ׳האָט זיך גענומען צו מסחר.

לעאָן פינקעלשטיין האָט זיך געגרייט צו צעפירן די הענט. דער קאָפּ איז ביי אים געפלויגן. כאָטש ער האָט נאָך נישט געקענט די שפּראַך, און ער האָט נישט געוווּסט, ווו איין און ווו אויס, האָט ער שוין געדוכטע־ וועט אַ וועלט. ער האָט זיך איינגעשאַפט אַ שפּאַנישן ווערטער־בוך און געזעסן טאָג און נאַכט און געזוּברעוועט. און ווי ער האָט זיך נאָר אויסגעלערנט אַ ביסל די שפּראַך, האָט ער אָנגעהויבן אימפּאָרטירן פון אויסלאַנד אַלעריי סחורות, מאַנופאַקטור, פאַרשיידענע שטאָפן, שפּייז־ פּראָדוקטן, רויכוואַרג אַרטיקלען, זיי האָבן באַקומען אָנבאָטן פון פאַר־ שיידענע פירמעס פון אויסלאַנד, מוסטערן, קרעדיטן אין די בענק.

דערנאָך האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון שותפות. זייערע וועגן זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. דער גאַנצער טאַראַראַם, די סוחרישע דריידלעך, איז אים נישט געווען צום האַרצן, איז אים געווען דערווידער. ער פלעגט ליב האָבן זיך צו פאַרטיפן אין תלמוד, לערנען אַ בלאַט גמרא, תנ״ך, ער איז געוואָרן באַגייסטערט פון די וווּנדערלעכע נביאים־געשטאַלטן, דעם געטלעכן פונק, וואָס זיי האָבן צעפלאַקערט, פאַנאַנדערגעטראָגן איבער גאָר דער וועלט. האָט אויך ליב געהאַט און פאַרערט די מאָדערנע יידישע ליטע־ ראַטור, אירע קלאַסיקער, געהאַלטן אַז ס׳שוועבט איבער איר דער גייסט פון די נביאים...

ער האָט זיך דאַן געגרייט אָנצושרייבן אַ נאָוועלע פון אַמאָליקן לעבן פון צאַרישן רוסלאַנד. יידישע טיפּן, וועלכע האָבן פאַרבלאָנדזשעט אויף אַנדערע וועגן און דערנאָך געוואָרן בעלי־תשובה... נאָך לאַנגע ראַנגלע־ נישן און גילגולים זיך צוריק אומגעקערט צום אייגענעם שטאַם. ער פלעגט שטיין ביי טאָג מעסטן די סחורות און אין קאָפּ האָט זיך אים געבאָמבלט פראַגמענטן פון זיין בוך. ער איז געווען פאַרטאָן אין צוגרייטן די באַשטעלונגען, און געזען אין זיינע רעיונות — סילועטן און געשטאַלטן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעקערט און דערווייטערט פון יידישן גלויבן, זייערע ליידן, זייער בענקשאַפט און זייער לעכצנדיקן דראַנג, זיך אומצוקערן צוריק צום אייגענעם שורש.

ער האָט איבערגעריסן מיט די עסקים, זיך אָפּגעטיילט פון שותפות און געוואָרן אַ לערער, אַ שרייבער, אַ לעקטאָר, געלעבט באַשיידן און געווען אַ שמח בחלקו. אויפגענומען דאָס שליחות, וואָס איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן, אַז ער דאַרף אויספירן אַ מיסיע אין יידישן לעבן און זיין וועג איז אַן אַנדערער...

שפּעטער האָט ער געהערט, אַז זיין שותף לעאָן פינקלשטיין איז וואָס ווייטער אַלץ מער אַריין אין די פעדערן. ער איז אויפגעקומען, נתעשר געוואָרן, געפירט געהויבענע געשעפטן, און געוואָרן אַלץ רייכער. זיי האָבן זיך שוין ווייניק געטראָפן, די סביבות זיינען געווען גאַנץ אַנדערע, און אַז מ׳האָט זיך באַגעגנט אין גאַס, האָט ער קיינמאָל נישט באַוויזן מיט אים אויסצוריידן אַ וואָרט, שטענדיק איז ער געווען פאַר־גראָטשקעוועט, פאַרטאַראַראַמט, קיינמאָל קיין צייט נישט געהאַט. מ׳פלעגט זיך באַגריסן מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ, און יעדער איינער איז געגאַנגען זיין וועג.

*

יצחק מאָרגנשטערן האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין פּלאַץ, געוואָלט אַריין אין צווייטן צימער און באַמערקט, אַז זיין געוועזענער שותף לעאָן פינקלשטיין גייט אים אַנטקעגן, ער האָט זיך איינגעקוקט אין אים און האָט אים נישט דערקענט. לעאָן פינקלשטיין דער גרויסער גביר, וואָס איז געווען פאַר אים מיט צען יאָר יינגער, האָט אויסגעזען ווי אַ זקן, פון זיין מידן צעשוווּמענעם בליק האָט אַרויסגעקוקט אַ פאַרבאַהאַלטענער צער... ווי אַ טיפע אינערלעכע ווונד וואָלט געראָיעט אין אים, געגריזשעט אים דאָס האַרץ און געפּייניקט...

— איר גרייט זיך צו דער לעקציע? — האָט ער געפרעגט מיט אַ שטיל קול, פול מיט רעספּעקט און יראת־הכבוד. ער האָט זיך אַרומ־געקוקט, דער גאַנצער צימער איז געווען פול מיט אַלמערס ספרים, ביכער, וואָס האָבן פאַרנומען אַלע ווענט.

לעאָן פינקלשטיין האָט זיך געפילט נישטיק און קליין אין דעם גרויסן צימער אַרומגערינגלט מיט אַזוי פיל ביכער און ספרים, וואָס האָבן אַראָפּגעקוקט צו אים מיט וויסן און חכמה, מיט קענטעניש און דערהויבנ־קייט, ווי זיי וואָלטן באַדויערט זיין איצטיקן מצב, זיין שפּלדיקייט...

—יאָ, הײנט האַלט איך אַ לעקציע װעגן תנ״ך, ס׳ציט צו אַ גרױסן עולם.
ער האָט אױפגעכאַפּט דעם ענטפער, װאָס האָט אים אָפּגעצױגן פון זײנע רעיונות. מיטאַמאָל איז געשען אַן אומדערװאַרטעטע זאַך. לעאָן פינקלשטײן האָט זיך געגעבן אַ בױג פאָרױס, װי ער װאָלט געהאַלטן בײם פאַלן, האָט זיך אָנגעכאַפּט און אײנגעקלאַמערט אין זײן אָרעם, אַראָפּ־געבױגן זײן קאָפּ און זיך צעכליפּעט, װי אַ קינד, געשלוכצט אױפן הױכן קול, ער האָט אינגאַנצן געציטערט, זיך נישט געקענט באַרױאיקן.

יצחק מאָרגנשטערן איז געבליבן פאַרבליפט, צעטומלט, זײן צע־בראָכנקײט האָט אים גערירט. זײנע אױגן האָבן אױסגעדריקט שטױנונג און איבעררעשונג.

— כ׳בין אומגליקלעך. מײן גאַנץ לעבן איז געװען אַ מוראדיקער דורכפאַל. כ׳בין באַנקראָט, כ׳קען װײטער אַזױ נישט לעבן. ס׳איז אַן אומזין... — האָט ער אַרױסגעװײנט אױפן הױכן קול.

— אָבער, װאָס האָט פּאַסירט?

האָט ער אים פּרובירט אײנשטילן, אײננעמען, זעענדיק, אַז ער קען זיך ניט באַרױאיקן.

— אפשר קען איך דיר מיט עפּעס העלפן? געבן אַן עצה? — כאָטש אין געלט זאַכן בין איך אַ קנאַפּער מומחה איצט.

— נײן, נײן, נישט װעגן געלט ענינים בין איך געקומען איצט — האָט ער נישט אױפגעהערט כליפּען — כ׳האָב אַװעקגעגעבן מײן גאַנץ לעבן, אָנגעזאַמלט עשירות, גיטער, הײזער, פאַבריקן, כ׳האָב געװאָלט אַלעמען פאַרזאָרגן. איצט זע איך דעם אומזין, דעם טעות, װאָס איך בין באַגאַנגען... די קינדער, די אײדעמס, די שניר, זוכן נאָר צו פאַר־טאַכלעװען מײן פאַרמעגן, זײ װאַרטן נאָר, איך זאָל צומאַכן אַן אױג, דאַן װעלן זײ קענען פאַרהולטײעװען מײן גוטס... אױף דעם האָב איך געדאַרפט אַװעקגעבן מײן גאַנץ לעבן, אַלע מײנע יאָרן?...

יצחק מאָרגנשטערן האָט אָנגעקוקט זײן געװעזענעם שותף מיט רחמנות און באַדױערן. פאַר אים איז איצט געשטאַנען נישט לעאָן פינקל־שטײן, דער גרױסער גביר און אונטערנעמער, דער דערפאָלגרײכער סוחר, נאָר אַ נעבעכדיק צעבראָכן מענטשל, װאָס האָט אױסגעזען פאַרעלטערט פאַר דער צײט, דערשלאָגן, אומגליקלעך...

— נו, באַרואיקט אייך, באַרואיקט אייך, — האָט ער זיך באַמיט אים איינשטילן.

— כ׳בין געקומען צו דיר נאָך אַן עצה — איז לעאָן פינקלשטיין איבערגעגאַנגען אויף „דו״, דערמאָנענדיק זיך, דעם היימיש־פאַמיליאַרן טאָן פון אַמאָל, ווען זיי זיינען געווען שותפים. — כ׳פיל, אַז איך וועל לאַנג שוין נישט אָנהאַלטן. די עגמת־נפשן, די ערגערנישן, האָבן פון מיר געמאַכט אַ תל. כ׳פיל זיך אַלט און קראַנק, כ׳שטיי שוין מיט איין פוס אין קבר... און כ׳האָב באַשלאָסן — אַז אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג, וועל איך ביים לעבן אָוועקגעבן פאַר געזעלשאַפטלעכע צוועקן, קיין איין צע־בראָכענעם סענט וועל איך נישט איבערלאָזן פאַר זיי... — האָט ער אַרויסגעשריגן אויפן קול — דאָס איז מיין לעצטער ווונטש. אַזוי וועל איך וויסן, אַז איך האָב געטאָן אַ נוצלעכע זאַך אין מיין לעבן. ווען ניט, פיל איך, אַז איך וועל עס ניט איבערטראָגן. מיין גאַנץ לעבן האָט ניט קיין זין... — ער האָט זיך ווידער פאַנאַנדערגעכליפעט אויפן הויכן קול.

יצחק מאָרגנשטערן האָט געקוקט מיט מיטגעפיל צו זיין געוועזענעם שותף, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים אַ צוזאַמענגעבראָכענער, אויסגעגאָסן פאַר אים זיין האַרץ און געקומען ביי אים בעטן אַן עצה. ער האָט זיך פאַרטראַכט, ס׳איז אים געקומען אויפן געדאַנק, עטלעכע שורות פון אַ ליד, וואָס ער האָט אַמאָל געלייענט:

„צו וואָס דאַרף איך דעם גאָלדענעם בעכער,
אַז ער איז פול מיט טרערן.
צו וואָס טויג מיר מיין פאַרמעגן,
אַז מיין האַרץ איז פול מיט טרויער״...

ער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף אים און געזאָגט מיט אַן אָנגענעם געלאַסן קול:

— וועגן דער עצה וועלן מיר שמועסן אַן אַנדערש מאָל, דאָס איז אַן ענין צו באַטראַכטן. דערווייל וועל איך דיר עפּעס פאָרלייגן.

— איך בין גרייט צו טאָן, וואָס דו וועסט מיר הייסן! דיין וואָרט איז ביי מיר הייליק, — האָט לעאָן פינקלשטיין זיך אָנגעכאַפּט אין די לעצטע ווערטער, געקוקט אים אין מויל אַריין, געוואַרט, וואָס ער וועט אים זאָגן.

— קום מיט מיר איצט לערנען אַ קאַפּיטל תנ״ך. וועסט זיך אַ ביסל צעשטרייען, באַרואיקן...

— כ׳געדענק שוין נישט די יאָרן, ווען איך האָב גענומען אַ ספר אין האַנט, כ׳בין שטענדיק געווען פאַרנומען מיט די געשעפטן, דער קאָפּ איז מיר נישט געווען דערביי — האָט ער זיך ווי פאַרענטפערט מיט התנצלות.

לעאָן פינקעלשטיינס געזיכט האָט זיך געלייטערט, זיינע פאַרטרערטע אויגן האָבן אַרויפגעקוקט מיט דאַנקבאַרקייט און יראת־הכבוד, ווי אַ תלמיד קוקט אַרויף צו אַ רבין.

יצחק מאָרגנשטערן האָט אים אָנגענומען פאַרן אָרעם און ביידע זיינען אַרויס מיט גיכע טריט פון שטוב. זיי האָבן זיך געאיילט צו דער לעקציע פון תנ״ך.

# דער דיכטער און די פלאַנץ

געווידמעט דעם אָנדענק פון בנימין סקודיצקי

אַ שטילע, רואיקע געגנט ביים ברעג ים. אַרום און אַרום זעט מען ווייסע איין־שטאָקיקע הייזקעס, לוקסוסדיקע ווילֿיעס, מיט משופּעדיקע דעכער און ברייטע פענצטער, וואָס פאַרנעמען די גאַנצע וואַנט, כדי אין אַ יום־טוב־טאָג זאָל מען קענען זען פון דרויסן די גאַנצע לוקסוסדיקע אויסשטאַטונג.

פון ווייטן הערט מען דאָס שטילע פּליעסקען פון די כוואַליעס, וואָס דערנעענטערן זיך צום ברעג מיט אַן איינגעהאַלטענעם געברום, ווי זיי וואָלטן געשטיקט, געטאַמעוועט דאָס מעכטיקע רעווען, וואָס זיי ברענגען מיט מיט זיך פון די ווייטע ים־טיפענישן, פון די אויפגעבראַזטע איינגעווייִדן.

די כוואַליעס דערנעענטערן זיך צום ברעג מיט געצוימטע קלעקטשענדיקע פּליעסקערייען, שטויסן זיך אָן אין די פעלזן, וואָס שטייען פאַרטאַיעטע, אָנגעצויגענע, ווי וואַכזאַמע שומרים, היטן, אַז קיינער זאָל נישט אַריבערגיין די ברעגן, די אָנגעצייכנטע גרענעצן. און עס זעט אויס, ווי די ים־כוואַליעס זאָלן נישט וועלן שטערן די געמיטלעכע רואיקייט פון דער געגנט, פון די שלוהדיקע ווילֿיעס, וואָס זיינען אַרומגערינגלט מיט קילע שאָטנדיקע טעראַסעס, באַלקאָנען, ווערענדעס און זאָרגפעליק־אָפּגעהיטע גערטנדלעך מיט רונדע אַרומגעשווירענע קוסטעס און אויסגעצירטע בלומען־בייטן, וואָס שפּרייטן אַרום זיך רו און געמיטלעכקייט.

אויף איינע פון די שטילע גאַסן פון דער געגנט, אין אַ קליין באַשיידן שטיבל, וווינט דער דיכטער, וואָס געפינט זיך שוין אַ לאַנגע צייט קראַנק, ליגט צו בעט. זיין פּנים איז בלאַס, אָפּגעצערט, שלאָגט אַריין אין אַ גרינלעכן קאָליר. זיינע אויגן קוקן פאַרזשמורעט, האַלב־פאַרמאַכט, ער ליגט פאַרטראַכט, פאַרטראַכט און פאַרדמיונט, ווי ער זאָל וועלן זיך דערווייטערן פון אַלץ, פון זיך אַליין... נישט צוזען זיין נעבעכדיקן מצב,

וואָס ער פאַלט אַנדערע צו לאַסט, פאַרשאַפט זיי ליידן און איז אומ־באַהאָלפן...

עס איז פאַרנאַכט. שקיעה־צייט. דורך די האַלב־אַראָפּגעלאָזטע שטאָרן דרינגט אַריין אַ מאַטע דעמערונגס־ליכט, וואָס שפּרייט זיך אויף די ווענט מיט אַ גרוילעכן אָפּגלאַנץ, ווי אַן אָפּשיין פון אַ זיך אויסלעשנדיקן זשאַר. ביסלעכווייז פאַרגייט די גרוילעכע שיין און דאָס האַלב־טונקעלע ליכט איבערן צימער זעצט זיך אַראָפּ מיט אַ שווערער אומעטיקער בענק־שאַפט. דאָס דערמאָנט, אַז עס דערנעענטערן זיך די אָוונט־שעהן, וואָס ציען זיך שטענדיק אַזוי לאַנג פאַר אים און פאַרגרעסערן זיינע ליידן, זיינע יסורים...

אָוונטצייט. דער דיכטער ליגט וואַך אויף זיין געלעגער. ער קען נישט איינשלאָפן. פון די ווייטיקן זיינען זיינע אויגן טיף איינגעגראָבן אינע־ווייניק, קוקן אַרויס מיט אַ מוטנעם מטושטשדיקן בליק. דאָס אָפּגעשוואַכטע האַרץ קלאַפּט אומרעגלמעסיק, טיאָכקעט נאָכאַנאַנד, שוין לאַנג ווי דער דיכטער איז קראַנק, ליגט צו בעט. זיין פרוי וואַכט איבער אים טאָג און נאַכט, לעבט נאָר מיטן געדאַנק, ווי אַזוי אים צו פאַרגרינגערן זיינע ליידן, לינדערן די ווייטיקן; זי האָט פאַרלוירן דעם באַגריף פון צייט. עס גייען אַריבער טעג, וואָכן, חדשים און זי באַמערקט זיי אַפילו נישט. זי לעבט נאָר מיט די שעהן, מיט די מינוטן, מיט די סעקונדן; אירע רעיונות זיינען פאַרנומען מיטן אָפּוואַרטן די דאָקטוירים, די פראַקטיקאַנטן, אין זינען האָבן ער זאָל נעמען צו דער צייט די רפואות, די איינשפּריי־צונגען. עס קומט אויס, ווי זי וואָלט זיך אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט, און דאָס לעבן פון אַמאָל, די גליקלעכע יאָרן, וואָס זיי האָבן געגאָסן איידער ער איז קראַנק געוואָרן, זעען איר אויס ווי אַ ווייטער שיינער חלום... איצט טראַכט זי נאָר, אַז דעם טאָג ווען ער איז קראַנק געוואָרן, איז אַ ביטערער גזר אויסגעגאָסן געוואָרן אויף זיי, ווי זיי וואָלטן ביידע פאַרמשפּט געוואָרן פון גורל צום ליידן... די פּלוצלינגדיקע קראַנ־קייט זיינע, די שווערע קאָמפּליקאַציעס, וואָס האָט געשטעלט זיין לעבן אין געפאַר, און דאָס אַרויסראַטעווען אים פון סכנה, זעט איר אויס אומגלויבלעך, איבערנאַטירלעך...

וויפל מאָל האָבן דאָקטוירים איר נישט געגעבן קיין האָפענונג, איר געהייסן רעזיגנירן, שלום־מאַכן מיטן גורל, — זי האָט זיך נישט אונטער־

געגעבן, נישט געוואָלט אַפּילו אויפנעמען זייערע רייד און געטאָן אַלץ מעגלעכעס אים צו ראַטעווען, ביז ער איז אַלץ איבערגעקומען און איז אַרויס פון געפאַר, דאַן האָט זי זיך געפילט איבערגליקלעך, ווי זי וואָלט זיך פאַרמאָסטן אין אַ שווערן קאַמף און אָפּגעהאַלטן אַ נצחון.

ער פילט אַ טיפע דאַנקבאַרקייט צו זיין פרוי, אַז ער איז שולדיק אַ גרויסן חוב, און ער וויל איר אויסדריקן זיינע געפילן; ער ווערט דורכגעדרונגען מיט אויפריכטיק־דאַנקבאַרע עמאָציעס, וואָס באַהערשן אים, וועקן זיך אין אים מיט אַ גאַרנדיקער בענקשאַפט און פילט זיך נישט בכוח עס איבערצוגעבן...

די פרוי פילט זיינע נאָכפאָלגנדיקע בליקן, זי גייט צו מיט שטילע רוישלאָזע טריט, בייגט זיך אַריבער איבער אים און קוקט אויף אים מיט אַ גליקלעך־צופרידענעם שמייכל. ער נעמט אָן איר האַנט און פירט זיי צו צו זיינע ליפּן און קוקט צו איר מיט ליבשאַפט און דאַנקבאַרקייט, און אַ פאַרשולדיקטער דינער שמייכל לייכט אַרויס פון זיין קינדיש־אויס־געלייטערט פנים.

*

דעם קראַנקן דיכטער קומען באַזוכן פאַרשיידענע געסט, שרייבער, קינסטלער, חברים און פריינד; פון אַנדערע שטעט, פון ווייטע לענדער, פון פרעמדע מקומות. זיי ווילן אים צעשטרייען, געוואָר־ווערן וואָס ער מאַכט; די געסט ברענגען מיט מיט זיך פריילעכקייט, אויפגעלייגטקייט, פילן אָן דעם צימער מיט אַן אימפּעטדיקן ריטעם פון דער גאַס, פון דער דרויסנדיקער וועלט. דאָס קליינע צימערל ווערט פול מיט גערעדערייען, בענקשאַפטן און טרוימען...

דער קראַנקער דיכטער ווערט מיטגעריסן, אַריינגעצויגן אין די לעב־האַפטיקע געשפּרעכן, נעמט אָנטייל אין די צעהיצטע שמועסן, זאָגט אַרויס זיינע מיינונגען.

נאָך זייער אַוועקגיין, פילט ער זיך באַרוישט, צענומען און צערור־דערט. דאָס דרויסנדיקע לעבן, וואָס רייסט זיך אַריין אין קליינעם צימערל, וועקט אויף אין אים אַ שלל פון געפילן און געדאַנקען, רעפלעקסן און מעדיטאַציעס. ער ווערט אָנגערעגט אַרויסצוברענגען זיינע איינדרוקן, זיינע עמאָציעס. ער זעצט זיך אַוועק, נעמט די פעדער אין דער האַנט און פילט

אַ טיפע אויפקוואַלנדיקע פרייד, פאַרבאָרגענע טענער, קוים־אויפכאַפּנדיקע קלאַנגען וויברירן אין אים מיט אַ שטילן ציטערדיקן אָפּהילך; זיין בלאַס געזיכט ווערט באַגאָסן מיט אַ ראָזלעכער פאַרב, ווי ביי אַ שפּילנדיקן קינד. זיין צעפלאָסענער בליק איז איצט אָנגעשטרענגט און קאָנצענטרירט. ער שרייבט שנעל, האַסטיק, פיבערדיק, ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו פאַרלירן די אָנלויפנדיקע געדאַנקען און אייגדרוקן, וואָס פּילן אים אָן, שטויסן זיך אין אַ ווילדן געדרענג וועלנדיק אַרויסגיין אויף דער פריי, זיך אויסלאָדן, באַפרייען דעם קראַנקן דיכטער...

די געדאַנקען לויפן שנעל, אייליק, די ווערטער קייטלען און באַ־העפטן זיך, עס שאַפן זיך לאַנגע שורות. עס זעט אים אויס, ווי ער וואָלט געגאַנגען אויף אַ גרויס צעאַקערט פעלד, ער שפּרייזט מיט שווערע טריט, שפּרייט די זריעות איבער די אויפגעריסענע גרודעס ערד און עס גייען דערנאָך אויף לאַנגע פאַרפלאַנצטע בייטן.

און אַז ער ענדיקט שרייבן, ציט ער אָפּ דעם אָטעם, ער פילט אַ לייכטע באַרוישנדיקע מידקייט, ער פּרובירט איבערלייענען דאָס גע־שריבענע און בלייבט זיצן אַ פאַרטראַכטער. זיינע אויפלויכטנדיקע בליקן ווערן פאַראומערט, באַטריבט... די פרוי באַמערקט די פאַרענדערונג, זי גייט צו צו אים, פאַרוואַרפט איר האַנט אויף זיינע אַקסלען און זאָגט מיט אַ ליב־לעך קול:

— וואָס ביזטו פּלוצלינג געוואָרן אַזוי אומעטיק, פאַרזאָרגט? — שטייט זי צו צו אים. זי זעט זיין דערשלאָגנקייט און וויל אים צעשטרייען.

— איך ווייס נישט מיט וואָס דאָס צו דערקלערן — ענטפערט ער איר פאַרטראַכט — אַלץ וואָס איך שרייב לעצטנס איז פול מיט אומעט, מיט טרויער, אַלץ ענדיקט זיך ביי מיר מיטן סוף, מיטן טויט...

די פרוי ווערט בלייך, גיט אַ לייכטן ציטער, באַמיט זיך צו פאַרשטעלן איר צערודערטקייט, פּרוווט אַוועקמאַכן זיינע רייד:

— ווייסט פאַרוואָס דאָס איז? — וויל זי אים געבן צו דערקלערן — דו ביזט שטאַרק אָפּגעשוואַכט. די נערוון זיינען ביי דיר אָנגעשטרענגט, די געדאַנקען אַרבעטן ביי דיר, דו וועסט נאָר ווערן קרעפטיקער, קומען צו די כוחות, וועסטו זיך אויסלאַכן פון די משונהדיקע רעיונות, פון די טרויער־מאָטיוון — איר ענערגיש אייפערדיק קול צעטרייבט זיין פאַר־אומערטקייט. זי פאַרציט דעם שמועס אויף אַן אַנדער טעמע, לאָזט אים

נישט טראַכטן און זעט ער זאָל אויך אָנטיילנעמען אין שמועס, אַרויסזאָגן זיין מיינונג וועגן ווייטערדיקע פּלענער, וואָס זיי דאַרפן טאָן, ער זאָל זיך גיך דערהאָלן, קומען צו די כוחות.

*

נאָך דעם ווי אַ פריינד, וואָס איז געווען ביי אים צו באַזוך און האָט אים איבערגעלאָזן אַ מתנה אַ פלאַנץ אין אַן ערדענער וואַזע, וואָס קען וואַקסן אונטער אַ דאַך, איז ער געווען זייער דאַנקבאַר, די קליינע באַשיידענע מתנה האָט פאַרשאַפט דעם דיכטער אַן אומגעהויערע פרייד. די פלאַנץ, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע גרינע שטענגעלעך מיט רויטע בלימעלעך, האָט אויפגעלעבט דעם האַלב־טונקעלן צימער, צו־גענומען די שווערע אומהיימלעכקייט, וואָס האָט געהערשט און געשפּרייט אַרום זיך אַ באַרואיקנדיקע פרישע גרינקייט, וואָס האָט אַראָפּגעשיינט פון די צאַרטע בלעטעלעך, האָט דערמאָנט אין אויפגיין, אין באַנייאונג...

ביים סאַמע שפּיץ האָבן אַרויסגעשיינט די רויטע בלימעלעך. ביים אָפּשיין פון דער זון האָבן די בלימעלעך זיך געצונדן אין אַ פּורפּורדיקן גלאַנץ, די רויטע בעכערלעך האָבן געפלאַקערט מיט אַ פלעמלדיקן שיין און האָבן אָנגעפילט דעם חלל מיט גליענדיקע פאַרבן.

אין דיכטערס האַרץ האָט זיך דערוועקט אַ גרויסע ליבשאַפט צו דער פלאַנץ. שעהן־לאַנג פלעגט ער שטיין און באַטראַכטן יעדעס בלעטעלע, יעדעס שטענגעלע, די גריניקע אָדערלעך, וואָס דורך זיי ציט די פלאַנץ איר יניקה, אירע זאַפטן. אין די זוניקע טעג פלעגט ער די פלאַנץ אַרויס־שטעלן אין דרויסן, זי זאָל זיך אָנגעמען מיט פרישער לופט, מיט זון, מיט וואַרעמקייט, מיט לעבן; ער באַמערקט דאָן, ווי די פלאַנץ גלייכט זיך אויס, שטרעקט זיך מיט דער גאַנצער קראַפט צו דער זון, באַקומט אַנדערע פאַרבן, ווערט באַנייט, לעבט אויף, בליט זיך פאַנאַנדער.

אין די כמורנע טעג קוקט דער דיכטער צו דער פלאַנץ מיט מיטלייד און רחמנות. עס ווייזט זיך אים אויס, אַז אַ בענקשאַפט קוקט אַרויס פון די אַראָפּגעבויגענע בלעטעלעך, די רויטע בלימעלעך פאַרלירן זייער גלי־ענדיקן רייץ, דער פּורפּור־רויטער קאָליר שלאָגט אַריין אין אַ טונקל־וויאָלעט, וואָס דערמאָנט אין וועלקן, אין פאַרגיין...

דער דיכטער האָט ליב געקריגן די פלאַנץ. פלעגט נישט מיד ווערן

צו שטיין שעהן־לאַנג, קוקן, באַטראַכטן, אָפּהיטן און באַגיסן עס אָפּטער און קוקנדיק אויף דעם איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק, — אַז דאָס לעבן פון דער פלאַנץ איז גאָר ענלעך צו זיין אייגן לעבן... און אַז איין גורל פאַרבינדט זייביידן...

פרילינגס־צייט. די פלאַנץ וואַכט אויף. די גרינקייט פון די בלעטעלעך ווערט באַנייט, שלאָגט אַריין אין אַ פרישן גרין, די בלימעלעך צעפלאַקערן זיך מיט אַ צונטערדיקער רויטקייט, גליען ווי פלעמלעך פון אַן אויפגעבלאָזענעם זשאַר. איבערן דיכטערס צימער פאַרשפרייטן זיך פאַרשיכורנדיקע ריחות, וואָס באַרוישן, צעברויזן, רודערן אויף דאָס געמיט און וועקן צו באַנייונג, צום לעבן.

דער דיכטער ווערט דאַן מיטגעריסן מיט דער אויפוואַכונג פון דער פלאַנץ, ווי פאַרבאָרגענע כוחות וואָלטן אויך אויפגעטויכט אין אים און אים גערופן צום לעבן, געוועקט אין אים האָפענונג און מוט.

אַ ליכטיקער פרילינגס־באַגינען. דער דיכטער קען נישט איינשלאָפן, ער ליגט וואַך די גאַנצע נאַכט. זיין געהער איז אָנגעשפּיצט, ער קוקט מיט אַ פיבערדיק־אָנגעשטרענגטן בליק צו דער פלאַנץ, וואָס זעט איצט אויס, ווי אַ גוססדיק וועזן וואָס פאַרגייט זיך אין אָנגסטלעכע יסורים...

פון אָפענעם פענצטער דרינגען אַריין ווונדערלעכע באַרוישנדיקע ריחות, רייצנד־שמעקנדיקע דופטן. עס הערט זיך אַ ווייטער עכאָ פון אויסטערלישע קלאַנגען, אָפּהילכן פון גאַרנדיקער לוסט. דאָס טרינקען די צעעפנטע בעכערלעך פון די בלומען דעם פרימאָרגן־טוי; די פייכטע ים־נעפּלען, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ און הילן איין אַלע פלאַנצן, גראָזן און דעם גאַנצן אַרום, עס הערט זיך אַ יובל־געשורש פון פאַרכלינעטער

פרייד, פון דערקוויקונג און גענוס — — —

די פלאַנץ, וואָס שטייט אין אַ ווינקל אין דיכטערס צימער, ווערט איינגעשרומפּן פון לעכצנדיקער בענקשאַפט... די בלעטלעך טריקענען פון פאַרשמאַכטקייט און דורשט. זי הערט די רופנדיקע געפליסטערייען, די שעפּטשענדיקע וויברירנדיקע מורמלערייען, וואָס טראָגן זיך פון דרויסן און פילן אָן דעם רוים מיט אַ זינגענדיקן ריטם פון לאַשטשענדיקע געזשומערייען. די קלאַנגען וועקן און רופן, שפּילן אויס ווונדערלעכע מעלאָדיעס, וואָס כישופן און פאַרכאַפּן.

אַ גאַנצע נאַכט איז דער דיכטער געווען וואַך. מיטגעפיבערט מיט דער פלאַנץ. מיטגעפילט איר צער... ערשט אין די שפּעטע פרימאָרגן־שעהן איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ שווערן אומרואיקן שלאָף, געזען אויס־מאַטערנדיקע חלומות און קאָשמאַרן, וועלכע האָבן אים געפּייניקט און געשראָקן. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ פאַרציטערטן אויסגעשריי, געפילט דאָס הילכיקע קלאַפּן פון זיין האַרץ, ווי עס וואָלט אויסגעשריגן מיט אַ ליאַרעמדיקן קול, און אַז ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער פלאַנץ, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ פאַרצווייפלטן געיאָמער. פאַרשטעלט מיט ביידע הענט זיין פּנים און געשלוכצט אויפן קול, אַריינגעוויינט אין זיי מיט אַ טרייסטלאָז געוויין. אַ טויטע פאַרוויאַנעטע פלאַנץ איז געשטאַנען אין ווינקל. די גרינע בלעטעלעך זיינען אַראָפּגעהאָנגען צעדריבלטע, צע־טריקנטע, איינגעהילטע אין אַ גרווילעכן קאָליר. די רויטע בלימעלעך האָבן פאַרלאָרן זייער גליענדיקן רייץ, האָבן אַריינגעשלאָגן אין אַ געלב־לעכער פאַרב, ווי אַראָפּגעפאַלענע בלעטער פון דיביימער אין האַרבסט...

דער דיכטער איז אַראָפּ פון בעט. צוגעגאַנגען מיט וואַקלדיקע טריט נענטער, אויסגעשטרעקט זיין האַנט, פּרובירט אָנרירן אַ בלעטל און אָפּגעשפּרונגען מיט שרעק צוריק. עס האָט אים אָנגעהויבן שווינדלען, אַ סקרוך איז אים אַדורך איבערן לייב, ווי עמיצער וואָלט געהויכט איבער אים מיט אַ קאַלטן אָטעם. ס׳האָט זיך אים געדוכט, אַז ער פאַרנעמט די לעצטע גסיסה־ווייען פון דער שטאַרבנדיקער פלאַנץ, וואָס גייט אויס נעבן אים. דאָס האָט אים דערמאָנט, אַז אַ טרייער פריינד איז אויסגע־גאַנגען אין בענקנדיקע יסורים, און אַז איין גורל האָט זיי ביידן פאַר־בונדן... ער האָט געקוקט פאַרשטאַרט אויף דער שטאַרבנדיקער פלאַנץ, אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, זיך אָנגעשפּאַרט אין דער ערדענער וואַזע און געקלערט וועגן אָפּבלי פון זיין אייגן לעבן...

ער האָט זיך דערנענטערט מיט רוישלאָזע טריט צו זיין ביכער־

שראַנק, אויסגעשפּרייט זיינע ביידע אָרעמס, וועלנדיק זיי אַרומנעמען, זיך געזעגענען... זיינע ליפּן האָבן צאַרט באַרירט זייערע טאָוולען. געפילט אַ הייליקן ציטער...

זיין פּנים האָט מיטאַמאָל אויפגעלויכטן. פון צווישן אַלע ביכער האָבן אַרויסגעקוקט זיינע אייגענע ווערק, זיינע שאַפונגען. און ס׳האָט זיך

אים אויסגעדוכט, אַז די אויפשריפטן נידערן אַראָפּ פון די אייגבונדן, דערנעענטערן זיך — מאַכן אַ קרייז אַרום אים, שוועבן פאַרביי אַנט־קעגן אים, ווי טאַנצנדיקע פייערלעך. ער פילט דעם וואַרעמען גלי אויף זיין פּנים, ער הערט זייערע איינרוימענדיקע שורשערייען — וואָס טרייסטן אים... באַרואיקן... דערמאָנען אים, אַז זיינע אַרויסגעגעבענע ווערק, זיינע דערשינענע ביכער, זיינע שאַפונגען — וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן... וועלן אייביק לעבן...

# דער המשך פון זיידן

לייב מאָרגנשטראָל איז געגאַנגען מיט שווערע אָנגעווייטיקטע טריט. די ווייטיקן אין די פיס, וואָס ער ליידט שוין אַ צייט, האָבן אים ביים גיין, פאַרשאַפט געוואַלדיקע יסורים. ביים שטעלן אַ טראָט ווייזט זיך אים אויס, ווי ער וואָלט געגאַנגען אויף שפּיציקע אָנגעגליטע שטיינער. די אַרויסשטאַרצנדיקע שפּיצן בריען און שטעכן אים מוראדיק, ווי מ׳וואָלט צוגערירט אָנגעגליטע שפּיזן צו זיינע פיס. פון יעדן שטאָך פאַרדריקט אים ביים האַרץ, ס׳גייט אים דורך אַ ציטער איבערן גאַנצן קערפּער. דער ווייטיקלעכער ציטער דערגייט ביז די האָר־וואָרצלען פון קאָפּ, וואָס שטעכן אים, ווי אָנגעגליטע נאָדלען, די אויגן ווערן אים פאַרטרערט, ער אָטעמט האַסטיק און שווער, ווי עס וואָלט אים עפּעס געשטיקט אינעווייניק. ער ווערט אָפּגעגאָסן מיט שווייס, ער מוז זיך אָפּשטעלן, הויבט אויף אַ ביסל איין פוס און שפּאַרט זיך אָן אין דער וואַנט, רוט זיך אָפּ אַ ווײַלע, ביז דער ווייטיק גייט אים איבער, פאַרשווינדט, און ער קאָן ווייטער אָנהויבן גיין. אַזוי חזרט זיך איבער דעם גאַנצן וועג, ביז ער דערשלעפּט זיך קוים צו דער ביבליאָטעק, ווו ער טורנעט דריי מאָל אַ וואָך, גיט אַרויס ביכער די חברים און לייענער, וואָס קומען בייטן.

און כאָטש די ווייטיקן אין די פיס דערקוטשען אים שוין אַ צייט און דער דאָקטער האָט אים פאַרזאָגט ער זאָל מערער רוען, אין די אָוונטן איינגאַנצן נישט אַרויסגיין, פאָלגט ער נישט אויס דעם דאָקטערס אָנווייזונגען, האַלט, אַז די ביבליאָטעק איז וויכטיקער און ס׳איז ג׳ישטאָ ווער ס׳זאָל אים פאַרבייטן.

און דווקא ווען די ווייטיקן כאַפּן אים אָן, נעמט ער דאָס אָן פאַר ליב, איז מקבל באהבה, שפּירט אַזאַ ווייטיקלעכע הנאה, ווי דאָס וואָלט

אים זיין לרצון, די יסורים פאַרשאַפן אים אַ מאָדנעם אויסטערלישן געפיל. ער דערמאָנט זיך ווען ער איז געווען אַ קליין ייִנגל און זיין טאַטע, דער אַלעקסאַנדערער חסיד, האָט געדאַרפט דורכמאַכן אַ גאַנץ גרויסע שטרעקע ביז צום שטיבל, ווו ער פלעגט דאַוונען. און אַ סך מאָל האָט ער בכיוון אָנגעלייגט וועג, כדי ער זאָל האָבן שכר הליכה, איצט גייט ער צו דער ביבליאָטעק, כאָטש די יסורים מאַטערן אים, לאָזן אים נישט אָפּ.

ביים דערמאָנען דעם טאַטן, קומט אים אויפן געדאַנק זיין ברודער, וועלכער געפינט זיך אין ישראל, און שרייבט אים אַזעלכע האַרציקע בריוו. ער און דער ברודער זיינען די איינציקע, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון דער גאַנצער פאַרצווייגטער משפחה, ווי צוויי אָרויסגעריסענע צווייגן פון אַן אויסגעקאָרנייעטן בוים. דער בוים איז פאַרטיליקט געוואָרן, דער שטאַם איבערגעהאַקט און פאַרוויסט, די וואָרצלען אויסגעריסן און צעשטערט, נאָר צוויי פאַרבליבענע צווייגן זיינען ווי דורך אַ שטורעם פאַרטראָגן געוואָרן איבער דער וועלט. זיין ברודער, וועלכער לעבט אין אַ קיבוץ, איז גליקלעך און צופרידן. שרייבט אים, אַז נאָר אין קיבוץ קאָן אַ מענטש געפינען אַ זין... אַ תיקון... און ער,

וואָס טוט ער אויף? אמת, ער האָט געהאָלפן צונויפשטעלן די ביבליאָטעק, פאַרשפּרייט ביכער, אָרדנט איין פון צייט צו צייט לעקציעס און ר'עפעראַטן, צונויפקומען מיט חברים, באַמיט זיך צוציען די יוגנט, אָבער איז דאָס גענוג? קאָן ער זיך פאַרגלייכן צו זיין טאַטן, דעם אַלעקסאַנדערער חסיד, וואָס איז כסדר געשטאַנען אויף דער וואַך, אָפּגעהיט און געטאָן יידישקייט?

און אַז ער האָט אָנגעהויבן אַרויפצוגיין אויף די טרעפּ, זיינען אים די ווייטיקן פאַרשוווּנדן. ער האָט דערזען די ביבליאָטעק, די שראַנק מיט ביכער, וועלכע זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט אויף די פּאָליצעס און געדולדיק געוואַרט. די גאָלדענע אויפשריפטן האָבן אים אַריינגעלויכטן אין פּנים, ווי זיי וואָלטן באַגריסט אַן אַלטן גוטן פריינד.

אַז עס קומען לייענער נעמען ביכער, ווערט ער רירעוודיק, הויבט אָן קלעטערן אויפן לייטער, פילט אַפילו נישט די ווייטיקן אין די פיס. ער דערלאַנגט די ביכער מיט אַ הייליקן ציטער, ווי זיין פאָטער, וואָס האָט

אַ קוש געטאָן יעדן ספר, וואָס ער פלעגט נעמען אין האַנט. און אויב ס'איז אַ בוך, וואָס עס געפעלט אים שטאַרק, גיט ער אַ ציערטלעכן פיר מיט דער האַנט איבער די טאָוולען, מיט דעם וויל ער אויסדריקן זיין דרך־ארץ און יראת־הכבוד פאַרן מחבר.

אין אַ שלעכטן וועטער, אָדער ווען ס'איז רעגנדיק און ס'קומט נישט קיינער נעמען קיין ביכער, ווערט ער אומעטיק, די ווייטיקן אין די פיס הויבן אים אָן דערקוטשען און ס'דוכט זיך אים, אַז די פולע ביכער־שראַנקען קוקן אַראָפּ צו אים מיט מיטלייד, פילן מיט זיין צער און ווילן אים טרייסטן... די גאָלדענע אויפשריפטן אויף די רוקנס לייכטן איצט מיט אַ מאַטן קופּערנעם שיין, די גלאַנציקע אותיות זיינען צעגאָסן, זעען אויס מטושטש, דאָס ליכט פון צימער ווערט אַלץ טונקעלער, ווי ס'וואָלט זיך געטוקט, געוואָרן איינגעשרומפּן אין דער אַרומיקער אָנגעצויגענער שטילקייט.

לייב מאָרגנשטראַל האָט זיך אָוועקגעזעצט, זיך גענומען איבערקוקן די קאָרעספּאָנדענץ, בריוו פון פאַרלאַגן וועגן די אַרויסגעשיקטע ביכער, חשבונות, געלייענט מיט צופרידנקייט אַ בריוו פון אויסלאַנד, ווו מ'איז זיי מודיע, אַז אַ חבר וועט זיי אינגיכן באַזוכן, וועט אויפטרעטן מיט אייניקע רעפעראַטן און צום סוף אַ קורץ בריוול, די חברים גיבן אים צו וויסן, אַזוי ווי ער ווערט אינגיכן אַ בן־שישים, האָבן זיי באַשלאָסן אים צו באַערן מיט אַ פייערלעכן באַנקעט פאַר זיין טרייער און איבער־געגעבענער אַרבעט.

ער האָט אָפּגעשאַרט דאָס בריוול פון זיך, אויסגעדריקט מיט דעם זיין נישט איינשטימיקייט, ער וועט פאַר קיין פאַל נישט מסכים זיין. מ'וויל אים פראַווען באַנקעטן, ס'וועט אים לויבן, זאָגן שבחים, האַלטן רעדעס, ער וועט צוריקווייזן זייער באַשלוס.

לייב מאָרגנשטראַל איז געבליבן פאַרטראַכט. אָט זיצט ער איינער אַליין און היט אָפּ די ביבליאָטעק. ער האָט זיך פאַרעקשנט, פונקט ווי זיין טאַטע, דער אַלעקסאַנדערער חסיד, נאָר אויף אַן אַנדער אופן — פאַר־שפּרייטן וויסן, קולטור, צוציען די יוגנט. אָבער עס איז אַזוי אַנדערש ווי אַמאָל, ווו ס'איז געווען איבערגעגעבנקייט, מסירת־נפש, די נויט און די דערשלאָגנקייט ביים יידישן אַרבעטער און פאָלקס־מענטש איז געווען אומגעהויער גרויס, און מ'האָט געדאַרפט אים דערציען, דערהויבן, אָנווייזן

זיין וועג, דער ציל האָט אַלעמען פאַראייניקט, דערנענטערט. און היינט? היינט קוויקט מען זיך מיט זכרונות, רעמיניסענצן פון אַ רייכער פאַר־גאַנגענהייט, פון אַ שיינעם עבר...

אמת, אַלע חברים האַלטן זיך איצט אויך צוזאַמען, ווי איין משפחה. מען קומט זיך צונויף פון צייט צו צייט, מ׳פייערט אַ חברס געבורטסטאָג, אַ יום־טוב, מ׳נעמט אויף אַ גאַסט פון אויסלאַנד, אָבער ס׳איז נישט ווי אַמאָל. פון די אַמאָליקע אַרבעטער און טאָג־לוינער איז כמעט קיינער נישט געבליבן. מ׳האָט זיך איינגעאָרדנט מיט אייגענע פאַבריקן און „טאַזשערן״, געוואָרן אייגנטימער, בעלי־בתים. אַנדערע האָבן פאַרלייגט געשעפטן, זיינען געוואָרן סוחרים. מ׳איז פאַריאָגט, פאַרנומען. מ׳האָט קיינמאָל קיין צייט נישט, ווי זיי זאָלן וועלן אָניאָגן און דערגרייכן אַ זאַך, וואָס זיי האָבן ביז איצט נישט באַוויזן... זיינען מיטגעריסן געוואָרן פון אַ שטאַרקן שטראָם, וואָס טרייבט זיי מיטן גאַנצן אימפּעט אָן אַ ציל, אָן אַ זין...

ווידער האָט ער זיך דערמאָנט אין זיין טאַטן, דעם אַלעקסאַנדערער חסיד, וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן אָפּגעגעבן פאַר זיין אמונה, געלעבט אין נויט און אין דחקות און דאָך שטענדיק געזוכט אַרויסהעלפן אַן עלנטן, אַ נויט־באַדערפטיקן, אַ יתום, אָדער אַ געפאַלענעם. דער נויט־באַדערפטיקער האָט קיינמאָל נישט געוווּסט פון וועמען די הילף איז געקומען. ס׳האָט געהייסן מתן־בסתר, כדי, חלילה, יענעם נישט מבייש צו זיין, נאָר אַרויסהעלפן אַ צווייטן אין אַן עת צרה. זיין טאַטן האָט מען קיינמאָל נישט געפּראַוועט קיין יום־טובים, געזונגען שבחים, און אים גייען די חברים מאַכן אַ באַנקעט. ער האָט אַ נעם געטאָן מיט כעס דאָס קורצע בריוול, אָנגעהויבן דאָס שנעל צו צערייסן, ווי ער זאָל וועלן אויסדריקן מיט דעם זיין נישט איינשטימיקייט. און אַז אין האַנט איז אים געבליבן קליינע שטיקלעך צעריסענע פּאַפּיר, האָט ער זיי אַ וואָרף געטאָן אין בלעכענעם קוישל, וואָס איז געשטאַנען אין אַ זייט, גענומען אַ צייטונג וואָס איז געלעגן אויפן טיש און האָט זיך פאַרטיפט אין לייענען.



לייב מאָרגנשטראַל האָט זיך געמוזט בייגן. די חברים האָבן זיך פאַרעקשנט און ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי זיך אונטערגעבן. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען אין אַ העל־באַלויכ־

טענעם זאַל, מיט געגרייטע טישן, געפייערט דעם יום־טוב, זיין זעכציק־יאָריקן יובילעום.

לייב מאָרגנשטראַל איז געזעסן אויבן־אָן מיט זיין גאַנצער משפּחה און געקוקט אויפן גרויסן עולם, וואָס זיינען געזעסן ביי די טישן, מיט יום־טובדיקע צעשטראַלטע פּנימער, אים באַגריסט, צוגעווונטשן אַלערליי ברכות און ס׳האָט אים געפרייט, וואָס דער זאַל איז איבערפולט. אַזוי פיל חברים און פריינד האָבן זיך היינט צונויפגעזאַמלט.

נאָר, אַז ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די רעדעס, באַגריסונגען, שיטן מיט לויב־געזאַנגען און שבחים, האָט ער נישט געקאָנט איינזיצן, ס׳האָט אים געהויבן פון אָרט, די אַרויסגעזאָגטע לויב־ווערטער אויף זיין חשבון האָבן אים שאָקירט, נישט געווען לרצון. ער האָט דאָס נישט געקאָנט פאַרנעמען. וואָס האָט ער אַזוינס אויפגעטאָן? צוליב וואָס דער גאַנצער טאַראַראַם? פאַרוואָס דאַרף מען אים אַזוי לויבן? וואָס איז דער סך־הכל?

ער האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט אומבאַקוועם, געוואָרן אומגעדולדיק, ווי די אַלע שבחים וואָלטן גאָרנישט געווען פאַר אים. ער האָט זיך פאַרקוקט אויף די בילדער פון יידישע שרייבער און געלערנטע, וואָס זיינען געהאָנגען אויף די ווענט און באַשיינט דעם ליכטיקן אויסגעפּוצטן זאַל. זיי האָבן גוטמוטיק אַראָפּגעקוקט צום עולם, ווי זיי וואָלטן אָנטייל־גענומען אין דער שׂמחה. געפרייט זיך מיטן יום־טוב און פריינדלעך געשמייכלט צו אים, ווי צו אַן אַלטן גוטן פריינד. ער זאָל נישט זיין פאַרצאָרנט און פאַריאושט...

ווידער איז אים אַרויפגעקומען אויפן געדאַנק זיין טאַטע, דער אַלעק־סאַנדערער חסיד, וואָס האָט געמיינט, אַז מיט אים ווערט אַלץ פאַרענדיקט, איבערגעריסן. און ווען ער איז געוואָרן פריי, אָנגעהויבן גיין אויף אַנדערע וועגן, האָט דער טאַטע אים געמוסרט און געוואָרנט, אַז ער וויל זיך אָפּרייסן פון יידישן שטאַם, איבערהאַקן דעם שורש... איצט טראַכט ער דאָס זעלבע וועגן דער יוגנט, וועגן נייעם דור. וועט אפשר קומען אַ צייט און ס׳וועט זיך אויפוועקן ביי זיי די בענקשאַפט צו זייער שורש, צו זייער מקור?

ער איז געבליבן אַזוי פאַרטיפט אין די געדאַנקען, אַז ער האָט כמעט נישט אויפגעכאַפּט די לעצטע רעדעס, די אַפּלאָדיסמענטן, נישט געהערט, ווי מ׳האָט געלייענט די שריפטלעכע באַגריסונגען, וואָס זיינען צוגעשיקט

געוואָרן פון חברים. ווי ער אַליין וואָלט נישט געווען אַנווענזנדיק, און פון דער חברלעכער מסיבה דערגייט נאָר צו אים אַ ווייטער עכאָ.

נאָר ווען אַ יונג מיידעלע מיט לאַכנדיקע חן־גריבעלעך און ערנסטע פּאַרטיפּטע אויגן האָט אָנגעהויבן רעציטירן אַ יידיש ליד, איז ער ווידער אַריינגעצויגן געוואָרן צווישן עולם. ער האָט זיך איינגעהערט מיט אינטערעס און יראת־הכבוד. דאָס מיידל האָט רעציטירט מיט האַרץ און געפיל. דער קלינגענדיקער אַקצענט און אויסשפּראַך, איר אינטאָנאַציע פון די האַרציקע יידישע ווערטער, האָבן אים גערירט, אָפּגעצויגן פון זיינע שווערע מחשבות.

און אַז דער אייגענער זון, וואָס איז געזעסן נעבן אים, האָט זיך אויפגעשטעלט, געבעטן אַז ער וויל זאָגן אַ פּאָר ווערטער, איז לייב מאָרגנשטראַל געוואָרן נייגעריק, געשפּאַנט, זיך איינגעהערט מיט אינ־טערעס. דאָס קול ביים זון האָט געציטערט, זיך געבראָכן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז נאָך אַלע רעדעס און שבחים, וואָס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן, וועלן זיינע רייד זיין איבעריק, די פּערזענלעכע מאָמענטן און איבערלעבונגען וועלן קיינעם נישט אינטערעסירן און ס׳וועט אים זיין שווער צו געפינען די פּאַסנדיקע ווערטער און אויסדרוקן פאַר זיינע טיפע געפילן פאַר זיין טאַטע־מאַמע, זיינע דערציער, וואָס ער האָלט פאַר זיין חוב איצט אויסצודריקן זיין דאַנקבאַרקייט.

ער האָט אָנגעהויבן לייענען פון אַ פּאַפּיר איינדרוקן און שילדערונגען פון זיינע קינדער־יאָרן, די היים, די צוגעבונדקייט פון דער משפּחה, די חברלעכקייט פון טאַטן, וואָס וועלן בלייבן ווי די שענסטע דערינערונגען אויף זיין גאַנץ לעבן, און אַז די גוטע דערציונג, ליבשאַפט און ברייט־דערלעכקייט פון מענטש צו מענטש, פון פאָלק צו פאָלק, דאָס איז זיין טיפער גלויבן... און ער זאָגט צו ווי אַ פייערלעכע שבועה, דאָס ווייטער פאָרזעצן אין לעבן...

לייב מאָרגנשטראַל איז געוואָרן עמאָציאָנירט, פאַרגעסן מיטאַמאָל אַלע ספיקות און גריבלענישן, ס׳האַרץ האָט אים פאַרקלעמט פון אויפרו־דערונג און עקזאַלטאַציע און ער האָט נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט. דעם זונס רייד האָבן אויפגעוועקט ביי אים טיפע געפילן און עמאָציעס.

ער האָט אַ קוק געטאָן צו זיין פרוי, וועלכע איז געזעסן נעבן אים

אַזוי הכנעהדיק. אירע פייכטע אויגן האָבן געשימערט מיט אַ ציטערדיקן שיין, פאַר איר האָט געדאַרפט איינגעאָרדנט ווערן די באַערונג, — האָט ער געטראַכט, — די גוטע נשמה, וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט געקלאָגט, געטראָגן דעם יאָך מיט איר צוזאַמען און אַלץ אָנגענומען פאַר ליב.

ער האָט פאָטערלעך אַרומגענומען דעם זון, אים האַרציק געקושט אין ביידע באַקן און געטראַכט, אַז ס'איז כדאי געווען די מי און דאָס אָפּגעבן אַזוי פיל כוחות, די פרייע צייט איז נישט געגאַנגען לאיבוד... ער לאָזט נישט איבער קיין גיטער, אָדער רייכטימער, מאַטעריעלע אייגנ־טומס, אָבער דאָס, וואָס ער האָט פאַרפלאַנצט, הויבט אָן געבן געזונטע פירות. די ירושה, וואָס ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך פון זיין טאַטן, גייט איבער צו זיין זון, וואָס וועט גיין אין זיינע וועגן. דאָס מאָדערנע אייניקל פון זיין טאַטן, דעם אַלעקסאַנדערער חסיד, ציט ווייטער דעם המשך פון זיידן...

# די ערשטע זריעה־קערנדלעך

נאָך דעם, ווי דער דיכטער יהודה־לייב מאָרגנשטראַל, האָט אין דער מלחמה־צייט דורכגעלעבט שבעה מדורי גיהנום, געוואַלגערט זיך אין די לאַגערן, געליטן הונגער, נויט, פּייניקונגען און דערנידערונגען, אַליין צוגעזען אַ סך מאָל אַזעלכע סצענעס, וואָס האָבן אים אײַנגעגאַנצן דער־שלאָגן, איז ער דערנאָך אַרומגעגאַנגען צעוויטיקט, צעפּייניקט, ווי ער וואָלט געפילט אויף זיך אַליין די אַלע עינויים. די קאָשמאַר־בילדער האָבן אים כסדר באַגלייט, נישט צורו געלאָזן, געמאָנט, געפאָדערט אַ דין־וחשבון פאַר די מעשים תעתועים, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן, פאַר די אַלע מענטשלעכע הייליקייטן, וואָס מ׳האָט פאַרשוועכט, פאַראומרייניקט און מטמא געווען...

ער האָט זיך געראַנגלט מיט אַלע כוחות זיך נישט אונטערצוגעבן.

ס׳זיינען געווען מאָמענטן, ווען ער איז אַרומגעגאַנגען דערדריקט, פאַרצווייפלט און פאַריאושט — אַז אַלץ איז פאַרלוירן. אַרום איז געווען אַזוי פיל רשעות און אכזריות, אַזוי פיל ברוטאַליטעט און שפיכת־דמים. אַלע אינטימסטע מענטשלעכע געפילן און הייליקייטן זיינען פון די רוצחישע הענט געוואָרן פאַראומווערדיקט. דאָס צאַנקנדיקע פייערל פון גלויבן און בטחון — אַז דאָס שלעכטס און טומאה וועלן ענדלעך באַזיגט ווערן, די רוצחים וועלן באַקומען זייער פסק — איז געוואָרן אַלץ קלענער און שוואַכער, זיך געטוקט און געלאָשן אין דער אַרומיקער פינצטערניש. אַן אויפשוידערנדיקער וויי־געשריי האָט כסדר געליאַרעמט אַרום אים — גיב זיך אונטער! נישטאָ קיין אויסוועג! אָנערקען, אַז דו ביסט געשלאָגן, באַזיגט...

ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן.

ער איז אַרויס גאַנץ, געשטאַרקט און געלייטערט, ווי אַ געהיימע האַנט וואָלט אים כסדר אויסגעפּרווט, אַרויסגעראַטעוועט אים פון אַלע

געפאָרן — ער זאָל קענען איבערגעבן זיינע ברידער, אַלץ וואָס ער האָט צוגעזען און דורכגעלעבט. מ׳זאָל אייביק געדענקען און דערמאָנען...

נאָך דער מלחמה, האָבן פריינד און פאַרערער זיך פאַראינטערעסירט מיט אים. מ׳האָט אים אַרויסגעפאָדערט און אַריבערגענומען אין אַ ניי־לאַנד מעבר־לים, ווו אַ נייער יידישער ישוב איז אויסגעוואַקסן.

די ערשטע צייטן האָט ער אויסגעזען ווי אַ סקעלעט. דאַר, אָפּגעצערט, מיט אַ שמאָל אויסגעצויגן פּנים. זיין געזיכט — געל צעמאַרשטשעט, ווי אַלטער אָפּגעריבענער פּאַרמעט, נאָר פון די אויגן האָבן אַרויסגעלויכטן פינקלדיקע פּייערלעך, וואָס האָבן געשפּרייט אַרום זיך אויפבליצנדיקע פונקען, האָבן באַשיינט זיין אויסגעבלייכטן פּנים, ווי מיט אַ שטראַלנדיקן אָרעאָל.

די פינקלדיקע פייערלעך האָבן דערציילט פון קאָשמאַר־איבערלע־בונגען, אומפאַרגעסלעכע גרויל־סצענעס און איבערמענטשלעכע ליידן, פּיין און יסורים, וואָס האָבן אים רואינירט פיזיש, צעבראָכן זיין אויסגעמאַ־טערטן גוף, אָבער נישט זיין לויטערן גייסט, זיין איידעלע נשמה.

און אַז ער איז געקומען אין נייעם לאַנד, האָט ער פריי אָפּגעאָטעמט, ווי איינער, וואָס קומט אַרויס אויף אַן אָפענעם פעלד און דערשפּירט די פרייקייט און רחבותדיקייט פון אַרום. ער האָט זיך געגרייט צו צעפירן די הענט, אויספירן זיין שליחות, וואָס איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן, נאָך די אַלע געטאָ־יאָרן, ווו ער איז געווען געבונדן און געפּענטעט.

יהודה־לייב מאָרגנשטראַל האָט זיך גענומען אַרומקוקן, ווי אַזוי זעט אויס דאָס יידישע לעבן אין דעם נייעם ישוב.

זיין שאַרף אויג האָט באַמערקט אַ דערווידערנדיקע אויפגעבלאָזנקייט, פול מיט אָנשטעל און פוסטער גאווה. דער אויסערלעכער גלאַנץ, די פּאָמפּע פאַרנעמט דעם אויבן־אָן. אַלץ איז געמאַכט פאַרן גלעקל, נישטאָ די באַשיידנקייט און די פּשטות פון עכטן יידישן שטייגער לעבן. איבערהויפּט האָט אים שאָקירט דאָס רייסן זיך צו זיין די אָנפירער פון די ניי־אויפ־געקומענע, אַרויפגעאַרבעטע, זייערע פּרעטענזיעס און השגות. זייער יאָגן זיך נאָך כבוד, נאָך רעקלאַמע, מ׳זאָל זיי לויבן און אָנערקענען. מ׳זאָל זיי חנפענען.

ס׳האָט אים ווייי געטאָן, וואָס דאָס אויפריכטיקע וואָרט פון דעם אינטעליגענט, שרייבער און דערציער ווערט באַטראַכט, ווי די רייד פון

אַ בטלן, אַ לאָ־יוצלח, וואָס האָט נישט באַוויזן צו דערגרייכן אַ פּאָזיציע, אַ העכערן עקאָנאָמישן מצב.

אַממערסטן האָט אים שאַקירט — דאָס געיעג נאָך לוקסוס, דאָס ווילן איבערשטייגן איינער דעם אַנדערן, אַריינכאַפּן וואָס מער מאַטעריעלע רייכטימער, ס'האָט אים אויסגעזען, אַז די מענטשן זיינען באַהערשט פון אַ בהלהדיקער שרעק, פון אַן אומבאַגרייפלעכן פּחד, און ווילן זיך מיט עפּעס פאַרטויבן, באַרוישן.

ער האָט נישט פאַרגעסן: ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָבן מענטשן, וואָס האָבן פאַרמאָגט קאָלאָסאַלע רייכטימער — הייזער, פאַבריקן, געשעפטן, גיטער, — געלאָזט אַלץ אויף הפקר, כדי צו ראַטעווען זיך דאָס לעבן. איבער נאַכט זיינען די גרויסע גבירים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אביונים. אַנטלאָפן, ווי זיי שטייען און גייען און דערנאָך אויסגע־שטרעקט די האַנט, געבעטלט אַ שטיקל ברויט, צו שטילן דעם הונגער — האָבן די מענטשן גאָרנישט געלערנט פון דער פאַרגאַנגענהייט? — האָט ער זיך אַליין געשטעלט די פראַגע.

ס'איז אים געווען פּריקרע צוצוזען די פאַרשווענדערישקייט אויף די אויפנאַמעס, געבורטס־טאָגן, יום־טובים, פאַמיליען־צוזאַמענקונפטן, וואָס האָבן אויסגעזען אַזוי לאַנגווייליק, פּוסט און נודנע, מ'איז נאָר געווען אַריינגעטאָן אין דער אכילה, יעדער איינער האָט געוואָלט אַרויסווייזן זיין בקיאות אין די פאַרשיידענע געטראַנקען, וואָס מ'האָט געזשלאָקעט נאָכ־אַנאַנד. פון צייט צו צייט האָבן אַלע אַרויסגעכאָכעט אויפן הויכן קול, ווען עמיצער האָט דערציילט אַ פּרעכן וויץ, אַ פּיקאַנטן אַנעקדאָט, גלייך־ווערטלעך מיט אַ צווויידייטיקן מיין, כדי אויפצומונטערן דעם עולם. איז דאָס מעגלעך, אַז די מענטשן האָבן שוין אַלץ פאַרגעסן? וויפל פון זיי האָבן פאַרלוירן גאַנצע משפחות, עלטערן, ברידער, שוועסטער, קרובים און פריינד, זיינען געבליבן די איינציקע, וואָס האָבן זיך צופעליק גע־ראַטעוועט, אויסגעמיטן אַלע עינוים פון עמק־הבכה... זיינען זיי שוין געוואָרן אַזוי גלייכגילטיק און פאַרטעמפּט? וואָס ווילן זיך פאַרטויבן, אַנט־לויפן פון זיך אַליין, מאַכן זיך פאַרגעסן, ווי דאָס אַלץ, וואָס איז פאָר־געקומען, וואָלט מער נישט געווען, ווי אַ שלעכטער חלום, וואָס ווילט זיך מער נישט דערמאָנען...

יהודה־לייב מאָרגנשטראַל האָט שטאַרק געליטן. די אַרומיקע פּוסטקייט

און גלייכגילטיקייט האָבן אים געשראָקן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער מוז אויספירן זיין שליחות. ער מוז וועקן דאָס יידישע געוויסן, וואָס איז איינגעדרימלט געוואָרן אין דער אַרומיקער זאַטקייט, ער מוז אויפרודערן דאָס יידישע לעבן, וואָס איז אַוועק אויף פרעמדע וועגן פון לייכטזין, פאַר־שווענדערישקייט און לוקסוס.

יהודה־לייב מאָרגנשטראַל האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיטן גאַנצן ברען פון זיין נשמה. נישט געקוקט אויף זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד, האָט ער געוווסט — אַז ער טאָר נישט אָפּשטיין. ער איז געווען אַנטשלאָסן אויסצופירן זיין מיסיע. זיינע איבערצייגנדיקע אַרטיקלען האָבן געוועקט און געמאָנט, זיינע דיכטערישע שאַפונגען האָבן מיטגעריסן, אָנגערעגט און אויפגעשטורעמט.

ער איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון תלמידים און פאַרערער, וואָס האָבן געקוקט צו אים מיט אָפּשיי און דרך־ארץ. געשלונגען זיינע באַלערנ־דיקע רייד, זיינע טיפע געדאַנקען און אים באַוונדערט, זיך געפילט דערהויבן אין זיין אָנוועזנהייט.

און אַז די ערשטע זריעה־קערנדלעך האָבן אָנגעהויבן אויפצוגיין, איז זיין פרייד געווען אומגעהויער. ס׳האָט אים הנאה געטאָן, וואָס זיין מי איז נישט געגאַנגען לאיבוד, וואָס דער פאַרזיי האָט זיך איינגעגעבן, ס׳האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שפּראָצונגען.

ער האָט זיך אָבער געשפּירט מיד, דערשעפּט, ווי די כוחית וואָלטן אים פאַרלאָזן. די אַמאָליקע קראַנקייט, וואָס ער האָט געירשנט פון די לאַגערן, האָט זיך אים אָפּגערופן, אים דערקוטשעט די נעכט, דאָס אָפּ־געשוואַכטע האַרץ האָט געקלעמט, זיך געקאָרטשעט פון ווייטיק, זיך געצאַפּלט און געוואָרפן ווי אַ געפאַנגען פייגעלע אין אַ שטייגל, וואָס וויל זיך באַפרייען. ער האָט אָבער געטראַכט, אַז ער טאָר נישט אָפּשטיין, זיין מיסיע איז נאָך נישט פאַרענדיקט, ער מוז פאָרזעצן אויספירן זיין שליחות. און אַז ער האָט זיך געפילט אַ ביסל בעסער, האָט ער זיך ווידער אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט.

ער האָט זיך געקליבן צו פאָרן איבער דער פּראָווינץ.

אין די ווייטע, צוואָרפענע און צעשפּרייטע שטעטלעך, האָט ער געטראָפן קליינע יידישע ישובים. פאַרטראָגענע אויף די ווייטע אַרגענטינער „פּאַמפּאַס״, אָפּגעזונדערטע און פאַרבענקטע, האָבן זיי אים אויפגענומען

מיט אַ רירנדיקער האַרציקייט. אויף די צוזאַמענקונפטן, אויף די פּאַרלע־זונגען, וואָס ער האָט פּאַר זיי געהאַלטן, זיינען די זאַלן געווען געפּאַקט. און אַז ער האָט געדאַרפט דורכגיין צו דער בינע, איז געוואָרן אַ געדרענג, פון אַלע זייטן האָבן אויסגעשטרעקטע הענט אים פריינדלעך באַגריסט, צעשטראַלטע פּנימער האָבן אים אַרומגערינגלט מיט האַרציקער ליב־שאַפט, ברידערלעכע נאָענטקייט און אָנערקענונג — אַז זיי האָבן אויפ־גענומען זיין רוף און זיינען גרייט אים נאָכצוגיין, נאָכפאָלגן.

כמעט אַלע תושבים פון די קליינע פאַרוואָרפענע שטעטלעך, פון די ווייטע ישובים, זיינען געקומען צו זיינע פאָרלעזונגען. אין די פולע אָנגע־פּראָפּטע זאַלן, זיינען געזעסן גאַנצע משפחות מיט ווייב און קינדער. קרובים און פריינד זיינען געקומען אָפּנעמען אַ גרוס פון דעם יידישן דיכטער, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון גיהנום...

אַנדערע זיינען געקומען צורייטן אויף פערד, און אַז זיי זיינען אַראָפּ־געשפרונגען, האָט ער זיי באַטראַכט און זיך געחידושט, ס׳איז אים אויס־געקומען מאָדנע זייער גאַנג, הלבשה, זיי האָבן געטראָגן גרויסע שליאַפּעס מיט ברייטע ראַנדן, דער שטערן אַרומגעבונדן מיט ווייסע טיכלעך, ביי דער זייט האָבן זיי געהאַלטן פאַרשטעקט קינזשאַלן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט דראָענדיק. זיי זיינען געגאַנגען מיט שווערע טריט, צוקלינגענדיק מיט די שפּאָרן. זייערע טונקעלע פאַרברוינטע פּנימער מיט די ברייטע געפּאַל־דעוועטע הויזן האָט דערמאָנט דעם עקזאָטישן הילוך פון די אַרגענטינער „גאַוטשאָס”. דאָס זיינען אָבער געווען יידישע קאָלאָניסטישע זין, הי־גע־בוירענע, וואָס זיינען געקומען פון ווייטע שטרעקעס אים אויסהערן.

יהודה־לייב מאַרגנשטראַל האָט געקוקט אויף זיי און געטראַכט: אָט זיינען יידן פאַרטראָגן געוואָרן ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל, אין ווייטן אַרגענטינע, זעען אויס ווי עכטע „קריאָזשאָס” און זיינען דאָך ניט אָפּגע־פרעמדט געוואָרן פון זייער שטאַם. ווייזן אַרויס זייער אָנגעהעריקייט צו זייער שורש. פון זייערע אומעטיקע אויגן קוקט אַרויס אַ מיטפילנדיקער צער ווען ער גיט איבער די טרויעריקע גרוסן. זיין מי איז נישט געווען אומזיסט.

ער האָט באַמערקט אַ טיפע אויפרודערונג ביי זיי, ווי מ׳וועקט אויף

איינעם פון אַ טיפן שלאָף, מ׳גיט אים איבער אַ טרויעריקע בשורה און ער בלייבט דערשיטערט. זיי האָבן נישט געקענט גלויבן — אַז מענטשן זאָלן דורכמאַכן אַזעלכע שרעקלעכע ליידן, אַזעלכע שוידערלעכע עינוים. אַז מ׳איז באַגאַנגען אַזויפיל אכזריות און שפּיכת־דמים קעגן זייערע נאָ־ענטע. ער האָט אָבסערווירט, ווי זיי זיינען געשטאַנען אין האַלב באַלויכ־טענעם זאַל און זייערע אַראָפּגעלאָזטע הענט, די לויזע פויסטן האָבן זיך געשטייפט, אַלע זייערע מוסקולן זיינען געוואָרן אָנגעצויגן, זיך אָנגעגאָסן מיט קראַפט און גבורה, ווי זיי וואָלטן גרייט געווען זיך צו פאַרמעסטן, נעמען נקמה. ווי דער כוח־הדם וואָלט זיך געריסן פון זיי, געפאָדערט אַ דין־וחשבון פאַר די פאַרפייניקטע און דערמאָרדעטע פון זייער פאָלק, וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש־השם...

יהודה־לייב מאָרגנשטראַל איז געפאָרן פון שטעטל צו שטעטל, פון ישוב צו ישוב און אויפגעשטורעמט די אוידיטאָריעס מיט זיין פלאַמיק וואָרט, אַריינגעבראַכט אין די פאַרוואָרפענע יידישע ישובים אַ וועקנדיקן אומרו. ער האָט איבערגעגעבן, ווי אַן עד־ראיה, פון יידישע ליידן און דערשלאָגנקייט און אויך פון העראָיזם און גרענעצלאָזער מסירת־נפש, פון אויסראָטונג און קידוש־השם. ער האָט דערציילט פון פאַרצווייפלטער פאַרלוירנקייט, יאוש און רעזיגנאַציע, פון אַזעלכע, וואָס זיינען באַהערשט געוואָרן פון אַ שרעקלעכער פּאַניק — אַז די פינצטערע מגפה שפּרייט זיך אויס איבער דער וועלט און ס׳איז אומזיסט דאָס אַנטקעגנשטעלן זיך. האָבן פאַרלוירן דעם גלויבן און בטחון, אַז דאָס שלעכטס וועט באַזיגט ווערן.

און אַנדערע וואָס זיינען אַרויס געשטאַרקט און געלייטערט. אין די פאַרצווייפלטע מאָמענטן זיך ניט אונטערגעגעבן, נאָר געמוטיקט און גע־וועקט דעם יידישן גייסט, וואָס וועט איבערלעבן דאָס רשעות, געמונטערט און גערופן צו אחדות, אויסדויער, און אַקטיוון ווידערשטאַנד קעגן שונא.

נאָך די פאַרלעזונגען, האָט ער שטענדיק געהאַט באַראַטונגען מיט אָרטיקע טוער, לערער און דערציער, זיי אָנגעוויזן זייער אחריות, זייערע אויפגאַבן.

יהודה־לייב מאָרגנשטראַל איז אָנגעקומען אין דער הויפּטשטאָט, נאָך אַ לאַנגער רייזע איבער דער פּראָווינץ. ער האָט זיך געפילט שטאַרק מיד, דער גאַנצער קערפּער האָט אים ווי געטאָן, די פיס האָבן זיך אים געבראָכן, זיך נאָכגעשלעפּט, ער האָט נישט געקענט שטעלן קיין טראָט. עס האָט

זיך אים אויסגעוויזן, ווי ער וואָלט געשפּרייזט אויף אַ זאַמדיק אָנגעגליטן באָדן, וואָס שרפעט זיינע טריט און דער אומהאַפּטיקער באָדן גליטשט זיך, זינקט אונטער אים. ביים גיין איז ער געוואָרן אָפּגעגאָסן מיט אַ קאַלטן שוויס, ס׳האָט אים אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן, פייערדיקע רינגעלעך האָבן זיך געפלאָכטן אין אַ ווירבלדיקן קאַראַהאָד, אים פאַר־טונקלט די ראיה. ער האָט אַ סך מאָל געמוזט בלייבן שטיין, זיך אָנגע־שפּאַרט אין אַ וואַנט ער זאָל נישט אומפאַלן.

יהודה־לייב מאַרגנשטראַל איז געבליבן ליגן צו בעט. געבעטן מ׳זאָל רופן אַ באַקאַנטן יידישן דאָקטער, מיט וועלכן ער איז געווען שטאַרק באַפריינדעט. און ווי דער דאָקטער איז נאָר איבערגעטראָטן די שוועל פון זיין צימער און האָט זיך דערנעענטערט צו זיין בעטל, האָט ער גלייך באַמערקט זיין תרעומותדיקן בליק, ווי אַ שטומער פאָרוווּרף, פאַרוואָס ער האָט נישט געקומען אין אַכט זיינע וואָרענונגען, אַז ער טאָר זיך נישט איבערמידן מיט אָנגעשטרענגטער אַרבעט, אַז ער דאַרף אַ סך רו.

דער דאָקטער האָט אים אָנגענומען פאַר דער האַנט, קאָנטראָלירט דעם פּולס, אויסגעהערט דאָס האַרץ, אַריינגעקוקט אים אין די אויגן און געזאָגט מיט אַ באַזאָרגט קול:

— אייער צושטאַנד, מיין ליבער פריינד, איז זייער אַ דעליקאַטער. אייער אַנעמיע האָט זיך ווידער אָפּגערופן. אויב דאָס וועט זיך אַזוי אָפּט איבערחזרן, איז נישט גוט, — האָט ער געקנייטשט פאַרדאגהט מיטן שטערן — דאָס איז אייער אַלטע קראַנקייט, געירשנט פון די לאַגערן, וואָס קען זיך צוריק אומקערן. איר מוזט זיך גלייך אינטערנירן! — האָט ער צוגעגעבן שטרענג מיט אַ פאַרזאָג: — מ׳דאַרף אייך גלייך געבן עט־לעכע בלוט־טראַנספוזיעס, אייך קרעפטיקן, איר זאָלט קומען צו די כוחות, ווען איר זאָלט ווייטער אַזוי אָנגיין, ווי ביז איצט כסדר אַרומפאָרן, זיין אָנגעשטרענגט, זיך נישט אויסרוען, קענט איר חלילה אַוועקפאַלן אין מיטן גאַס —— האָט דער דאָקטער אים געוואָרנט.

אויפן צווייטן טאָג איז דער דיכטער יהודה־לייב מאַרגשטראַל שוין געלעגן אויף זיין בעטל אין שפּיטאָל און געוואַרט מ׳זאָל אים מאַכן די בלוט־טראַנספוזיעס. ער האָט נישט געקענט איינליגן. ס׳האָט אים געהויבן פון אָרט. דאָס ליגן רואיק אויפן בעטל, האָט אים געמאַכט זיך פילן בעסער. ס׳זיינען אים אַוועק אַלע ווייטיקן און ס׳האָט אים באַנג געטאָן, פאַרוואָס

די אָנגעהויבענע אַרבעט איז מיטאַמאָל איבערגעריסן געוואָרן, די ערשטע שפּראָצונגען הויבן זיך אָן צו באַווייזן און מ׳דאַרף ווייטער צעאַקערן דעם באָדן, צוגרייטן פאַר נייע זריעות, האָבן די געדאַנקען אים נישט צורו געלאָזט.

ד׳ ידיעה, אַז דער דיכטער און פּליט יהודה־לייב מאָרגנשטראָל איז מסוכן־קראַנק, אַז זיין לעבן איז אין געפאַר און ער נויטיקט זיך מ׳זאָל אים שענקען בלוט, האָט אויפגערודערט דעם גאַנצן ישוב. די טרויעריקע בשורה האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט אומעטום, האָט אַרויסגערופן מיטגעפיל, צער, און באַזאָרגטקייט. מ׳האָט אָנגעהויבן באַדויערן, פאַרוואָס מ׳האָט דעם געראַטעוועטן דיכטער אַזוי פאַרזען, זיך נישט אַרומגעקוקט אויף אים, נישט אַרויסגעוויזן די נויטיקע אויפמערקזאַמקייט, מ׳האָט זיך געפילט שולדיק אין זיין איצטיקן מצב...

באַלד אין פרימאָרגן, האָבן אָנגעהויבן קומען אין שפּיטאָל פריינד, פאַרערער און תלמידים, וועלכע האָבן זיך אָנגעבאָטן שענקען בלוט פאַרן קראַנקן דיכטער. באַקאַנטע פּנימער האָבן אַרומגערינגלט זיין בעטל, אַרויס־ווייזנדיק זייער באַזאָרגטקייט און אומרואיקייט וועגן אים.

ער האָט אויסגעשטרעקט זיינע בלאַסע הענט, ווי ער זאָל וועלן אַלעמען אַרומנעמען, אויסדריקן זיין דאַנקבאַרקייט, זיין גערירטקייט, פאַר זייער געטריישאַפט צו אים. זיין שוואַך קול האָט אָפּגעקלונגען ווי אַ ציי־טערדיקער ניגון.

— כ׳דאַנק אייך, מיינע ליבע פריינד, פאַר אייער אויפמערקזאַמקייט צו מיר. נאָר זייט נישט באַאומרואיקט — האָט ער זיי געזוכט אויפצומונטערן, זעענדיק זייערע אומעטיקע פּנימער — ס׳איז מיר גאָרנישט, מ׳וועט מיר מאַכן די בלוט־טראַנספוזיעס און ס׳וועט מיר איבערגיין. איך וועל ווידער זיין שטאַרק ווי ס׳שטייט געשריבן, — האָט ער אויסגעזונגען מיט אַ גמרא־ניגון: — „כל המתחיל במצווה אומרים לו גמור״. איך האָב אָנגעהויבן אַ הייליקע אַרבעט, מוז איך זי פאַרענדיקן.

שפּעטער, אַז די פריינד האָבן זיך מיט אים געזעגנט און ער איז געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך אויפן בעטל, זיך נישט געטאָרט רירן, האָט ער זיך פאַרקוקט אויפן אַפּאַראַט, וואָס איז געהאָנגען איבער אים, אויפן גלעזערנעם רערל, פון וועלכן ס׳האָבן גערונען טראָפּנסווייז דאָס בלוט צו אים אין די אָדערן, אין זיין קערפּער, האָט ער דאַן געטראַכט, אַז דאָס

יידישע לעבן אין די תפוצות, איז אויך בלוט־אָרעם, אַנעמיש, אָפּגעשוואַכט. ס׳גייט אָן אַ געיעג, נאָכצומאַכן פרעמדע מנהגים, פרעמדע זיטן און מ׳דערווייטערט זיך אַלץ מער פון אונדזער מקור. אַ סך בלוט האָט דער שונא אָפּגעצאַפּט פון אונדזער פאָלק אין די געטאָס, אין די אויסראָטונגס־לאַגערן און אויסגעטריקנט זיינען די קוואַלן, פון וועלכע מיר פלעגן ציען אונדזער יניקה, יונגע כוחות מוזן אויפקומען, וואָס זאָלן אַריינברענגען אַ רוח־חיים אין אונדזער יידיש לעבן, אַרויפפירן אויפן וועג פון חשבון־הנפש און אחריות צו כלל־ישראל...

און אַז ער האָט זיך דערמאָנט, אַז צווישן די, וואָס זיינען געקומען אים מבקר חולה זיין, זיינען אויך געווען יונגע לערערס און לערערינס הי־געבוירענע, זיינע תלמידים, וואָס האָבן זיך געגרייט צו ווערן די דערציערס פון יונגן דור, איינפלאַנצן דעם יידישן דרך אין די יונגע תלמידים, האָבן זיינע אויגן זיך צעשטראַלט, אַ פלעמלדיקע רויטקייט האָט אַרויסגעשלאָגן אויף זיינע בלאַסע באַקן. ס׳האָט אים אָפּגעקלונגען אין די אויערן דער פערלדיקער יידיש פון די יונגע לערער, געבוירענע אויף דער אַרגענטינער ערד. דאָס יידיש־לשון אַזוי שיין גערעדט דורך זיי, מיט די ווייכע קלינגענדיקע למדן און שאַרפע ריישן, פול מיט ליבשאַפט און התלהבות, האָט אים איצט אָפּגעהילכט ווי אַ זינגענדיקער ניגון, וואָס ער האָט אויפגעכאַפּט מיט אַ נחת־רוחדיקן תענוג, דער וווּנדערלעך צו־ציענדיקער ניגון איז געווען באַגלייט מיט פאָלגנדע ווערטער:

— דאָס פאַרוואָרלאָזטע פעלד, וואָס איך האָב צעאַקערט, איז אויפ־געריכט געוואָרן. דער פאַרזיי האָט זיך געראָטן איינגעגעבן. נייע זריעה־קערנדלעך האָבן זיך באַוויזן, די ערשטע שפּראָצונגען זיינען אויפגעגאַנגען, וואָס זאָגן־אָן באַנייונג, דערוואַכונג און אויפקום.

# דער מורה־דרך

דער דיכטער יצחק שײַנוועלט, וואָס איז אויך געווען דער מנהיג פון דער פּאַרטיי, דער טריבון און וועגווײַזער פון דער באַוועגונג, האָט די לעצטע יאָרן זיך שטאַרק פאַרעלטערט, כאָטש ער איז נישט לאַנג צוריק געוואָרן אַ בן־חמישים.

די געשעענישן און איבערלעבונגען פון די לעצטע יאָרן, האָבן אים דערשיטערט און אַנטוישט... האָבן איבערגעלאָזט טיפע שפּורן, וואָס האָבן צעטרייסלט זײַן גלויבן... זײַנע איבערצײַגונגען... האָבן טיף פאַרווונדיקט זײַן מיטפילנדיק האַרץ, זײַן פײַן פילנדיקע נשמה... ס׳האָט געווייעט פון אים מיט דערדריקטקייט, צעבראָכנקייט און התנצלות...

אין דער יוגנט, האָט ער געשטורעמט וועלטן. די אידייע פון „וועלט־באַפרייאונג״ וואָס וועט אויך ברענגען די ישועה פאַרן יידישן פאָלק, האָט אים אינגאַנצן באַהערשט. ער איז געוואָרן מיטגעריסן, באַגײַסטערט, געגלויבט, אַז ס׳דערנעענטערן זיך די נײַע צײַטן און די מענטשהייט, אַן אויסגעלייזטע, אַ באַפרײַטע, שפּאַנט מיט גיגאַנטישע טריט צום ליכטיקן מאָרגן...

ער פלעגט פאָרן פון שטאָט צו שטאָט, פון ישוב צו ישוב און האַלטן פאָרטראַגן, פאָרלייענען זײַנע שאַפונגען, זײַנע לידער, וואָס האָבן גערופן, געוועקט און געמוטיקט, אָנגעצונדן די מאַסן מיט זײַן גלויבן, מיט זײַן ענטוזיאַזם, אין אַ נײַער אויסגעלייזטער וועלט, ווו ס׳וועט הערשן יושר, גערעכטיקייט, און פרײַנדשאַפט פון מענטש צו מענטש... פון פאָלק צו פאָלק.

אין זײַנע רעדעס, אין זײַנע פאָרלעזונגען, האָט ער געריסן שטיקער פון די, וואָס שטעלן זיך אין וועג... ער האָט אויך נישט געשוינט די פּרו־מאַקעס, די כלי־קודש, די חסידים, אויסגעלאַכט זייער אָפּגעשטאַנענקייט, זייער אומוויסנקייט און פאַנאַטיזם, זייער פאַרגלייבטקייט אין די רביים, די אַלע, וואָס פאַרהאַלטן דעם גאַנג פון דער געשיכטע און וואָס זײַנען פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג...

און ווען מ׳האָט אים אַ מאָל דערציילט: אַז צען טויזנט חסידים האָבן זיך געדרענגט און געשטופּט ביים וואַרשעווער וואָקזאַל, כדי צו קענען האָבן די זכיה — אָפּגעבן שלום־עליכם זייער רבין, וואָס איז געקומען פון אַ וויטער נסיעה. האָט ער דאַן מיט סאַרקאַזם אָפּגעלאַכט פון די „צען טויזנט אידיאָטן״, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן, זייער בלינדער נאָכ־פאָלגעדיקייט, זייער אָבערגלויבן און פאַנאַטיזם...

ווי אַ וויטער חלום, זעט אים אויס יענע צייט. זיינע פּאָרטראַגן, זיינע פאַרגעלייענטע ווערק, זיין באַפליגלט וואָרט, האָט אָנגעצונדן די מאַסן... געמונטערט און געוועקט. אַוו ער איז נאָר געקומען, האָט ער געטראָפן פולע זאַלן, קעפּ אויף קעפּ, וואָס האָבן דורשטיק געשלונגען יעדעס וואָרט. אין די אויגן — גליענדיקע פייערלעך וואָס האָבן נאָכגעפּאָלגט — זיינע געדאַנקען, זיינע מיינונגען — זיינען געווען גרייט צו גיין אויף זיין רוף...

דערנאָך ברעכט אויס די וועלט־מלחמה. שטורעם־טרופּן און סאָלדאַטן פון רשעותדיקן לאַנד אין ברוינע אוניפאָרמען, איינגעאײַבטע אין האַס און שנאה... באַפּאַנצערט מיט שטאָל און אייזן, מאַרשירן פאָרויס, ווי גרויליקע געשפּענסטער אָן אָפּשטעל, שפּרייטן אַרום זיך טויט און פאַר־ניכטונג... לענדער און פעלקער ווערן איבערנאַכט אינוואַדירט, פאַרנומען און צעשטערט און ס׳הייבט זיך אָן די אויסראָטונג פון דער באַפעלקערונג.

דערנאָך קומען אָן גרויליקע ידיעות: אויפגעשטעלטע געטאָס פאַר די יידן, וואָס זאָל זיי אָפּזונדערן פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג. הונגער, קראַנקייטן און עפּידעמיעס. פּייניקונגען און דערנידערונגען... פאַרחת־מעטע צוגן, וואָס פירן זיי צום טויט... סעלעקציעס, אויסראָטונגען, און גאַז־קאַמערן...

ער פלעגט לייענען די שוידערלעכע ידיעות, און פרעגן זיך אַליין: איז דאָס אמת? איז דאָס מעגלעך? קען אַ מענטש זיין אַזוי אַכזריותדיק? אַזוי נידעריק געפאַלן? זיין גלויבן האָט זיך געוואַקלט. זיינע אידייען און זיינע איבערצייגונגען האָבן זיך געבראָכן...

ער איז געוואָרן אַנטמוטיקט און דערשלאָגן, די ספיקות האָבן אים געפּייניקט נאָכאַנאַנד, נישט צורו געלאָזן.

און אַז די מלחמה האָט זיך געענדיקט, איז אים באַפאַלן אַן אומרו, ווי אַ שטים וואָלט גערעדט צו אים, גערופן און אויפגעפאָדערט: דו מוזט זען מיט דיינע אייגענע אויגן, וואָס מיט דיינע ברידער איז געשען! ווי

אַזוי מ׳האָט דיין פֿאָלק דערנידעריקט, פֿאַרפּייניקט און פֿאַרטיליקט... און ער איז געפֿאָרן זען. געפֿאָרן אָנקוקן דעם חורבן, דער בראָך... געפֿאָרן זיך איבערצייגן...

מערסטנטייל פֿלעגט ער זיך באַגעגענען מיט די יידן אין אַ מקום־קדוש, אין אַ האַלב־חרובן בית־מדרש, אין אַ חסידים־שטיבל וואָס איז על פּי נס געבליבן גאַנץ. דאָרטן האָבן די הייפעלעך געראַטעוועטע יידן, די צוריקגעקומענע פֿון די באַהעלטענישן אים דערציילט, איבערגעגעבן אַלץ, וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט... ביז זיי האָבן זיך געראַטעוועט...

ביי אַנדערע האָט ער געזען פֿאַרגליווערטע שרעק אין די אויגן, ווי ס׳וואָלט זיי כסדר באַגלייט די קאָשמאַר־איבערלעבונגען... די פּנימער פֿול מיט אומרו און אַנגסט, די ליפּן פֿול מיט טענות און תרעומות, וואָס פֿאָדערן אַן ענטפֿער... אַ באַשייד...

ער פֿלעגט בלייבן דערשיטערט פֿון די אַלע פּיינלעכע סצענעס, פֿון די גרויל־איבערלעבונגען, וואָס האָבן אים אינגאַנצן צערודערט... ס׳האָט אים אויפֿגעטרייסלט ביז די טיפֿסטע טיפֿענישן פֿון זיין נשמה... ער האָט זיך געפֿילט קליין און נישטיק אַנטקעגן זיי, מיט זייער טרייסטלאָזן צער און פּיין...

ס׳האָט זיך אים געדוכט אַ סך מאָל, אַז אָט ברעכט ער צוזאַמען, פֿאַלט אַנידער קעגן זיי, פֿילט זיך שולדיק און וויל ביי זיי בעטן מחילה... פֿאַרגעבונג...

ער האָט געוווּסט, אַז די עדות יידן, וואָס רינגלען אים אַרום, טוליען זיך צו אים, וואַרטן אויף זיין וואָרט... געדענקען אים אַלס פֿירער און מורה־דרך... ער האָט גערעדט צו זיי, געפּרוּווט זיי טרייסטן, מוטיקן, ברענגענדיק ביישפּילן פֿון אַלע צייטן, אַז די גערעכטיקייט מוז זיגן... ער האָט אָבער נישט געפֿונען די פּאַסיקע ווערטער. זיין קול האָט גע־ציטערט, זיך געבראָכן, אָפּגעקלונגען שלאַבעריק און פֿרעמד...

נאָך די אַלע באַגעגענישן און צוזאַמענטרעפֿן, נאָכן צוזען אַליין, מיט די אייגענע אויגן, דעם טרויעריקן אמת... איז ער באַהערשט געוואָרן פֿון אַן אומרו, וואָס האָט אים נישט אָפּגעלאָזט. די אַלע פּיינלעכע סצע־נעס, די גרויל־איבערלעבונגען, האָבן אים שטענדיק באַגלייט, געמאָנט און געפֿאָדערט דין־וחשבון... ער האָט געפֿילט אַ נויטווענדיקייט צו דער־ציילן, איבערגעבן דעם סך־הכל, וואָס איז געוואָרן פֿון איינגעפֿונדעוועטע

יידישע ישובים, פון גרויסע יידישע קהילות, פאַרצווייגטע יידישע משפחות. ער איז געפאָרן פון לאַנד צו לאַנד, פון שטאָט צו שטאָט, פון ישוב צו ישוב און דערציילט... פון יידישער מי און פראַצע, וואָס איז אַוועק מיטן ווינט... און אויך פון יידישער גרויסקייט און מסירת־נפש... קליינע הייפעלעך איבערגעבליבענע יידן זיינען אַרויסגעטראָטן אין אַן אָפענעם פאַרמעסט קעגן שונא, זיך מקריב געווען פאַר קידוש העם... און קידוש־השם, ווייסנדיק פאָרויס, אַז זיי וועלן פאַלן אין קאַמף... ער האָט דערציילט למען ידעו... מ׳זאָל אייביק געדענקען...

*

יצחק שיינוועלט איז געשטאַנען ביים פאָרענטש פון דער שיף, געהאַלטן דעם בינאָקל אין דער האַנט און געקוקט צו דער פּאַנאָראַמע, וואָס האָט אים אָפּגעצויגן פון זיינע רעיונות, פון זיינע מחשבות.

די שיף האָט זיך אַלץ מער דערנעענטערט צום ברעג. די שטאָט, וואָס איז געלעגן אויף אַ באַרג, האָט אים אויסגעזען, ווי אַ ווונדערלעך געמעל אין רעליעף, מיט כישופדיקע פאַרבן. אַ שלוהדיקע רואיקייט האָט זיך געטראָגן פון דעם אַרום. דער ים איז געווען רואיק, לויטער, דער אויבערפלאַך, ווי געגאָסענער זילבער, האָט געשימערט מיט אַ בלאַסקעדיקן גלאַנץ, געפינקלט און געבלישטשעט, ווי צעשאָטענע פערל. די זון־שטראַלן האָבן זיך געבראָכן, זיך געטוקט אין די קליינע רונצלדיקע וועלן, וואָס האָבן זיך פאָרמירט אין קרייזן, שפּילנדיקע עיגולים, וואָס צעגייען זיך, פאַרשווינדן און טויכן אויף צוריק. ס׳האָט אויסגעזען, ווי מחנות בלישטשענדיקע פייגל מיט זילבערנע פליגל שוועבן אין דער לופטן, טוקן זיך אין וואַסער, שפּילן זיך מיט די גאָלדענע זון־שטראַלן, פּלעסקען זיך אין די רונצלדיקע כוואַליעס, פאַרהילכן דעם אַרום מיט אויסטערלישע טרילערייען פון אַנטציקנדיקער פרייד און פאַרגאַפּטער התפעלות...

פון דער צווייטער זייט, האָבן זיך געזען ווייטע פּירקאַנטיקע הייזעלעך, לוקסוסדיקע ווילעס מיט פאַרפּוצטע גרינע גערטנדלעך — האָבן דערציילט: פון רואיקע געמיטלעכע היימען, איינגעפונדעוועטע אויף אייגענער ערד, זיכערע און באַשיצטע... יצחק שיינוועלט האָט געטראַכט: די ווילעס האָבן געוויס שפּיל־פּלעצער פאַר קינדער, וואָס זאָלן זיי פאַרווײַלן, שווים־באַסיינען, וואָס זאָלן זיי דערפרישן, פאַרשאַפן פרייד, פאַרגעניגן, ס׳איז אינגאַנצן אַזוי אַנדערש וואָס ער האָט צוגעזען דאָרט... ווו מ׳האָט

אַזויפיל יידישע קינדערלעך פאַרפייניקט, אַכזריש דערמאָרדעט, פאַרגאַזט... וואָס פאַראַ קאָנטראַסט! אַן אַנדערע וועלט! די באַפעלקערונג פון דאַנעט האָט גאָרנישט קיין באַגריף, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען דאָרטן... שטעלן זיך נישט פאָר אַפילו אין געדאַנק, אַז מענטשן האָבן געקענט דורכלעבן אַזויפיל פיין און ליידן, צער און יסורים...

יצחק שיינוועלט האָט געקוקט צו דער שטאָט און געטראַכט: אָט פאָרט ער צו אַ נייעם יידישן ישוב, וואָס האָט זיך געשאַפן אין דעם קליינעם לאַנד. דאָס לאַנד איז יונג, די באַפעלקערונג נישט געפּאָקט און נישט געמאָזלט, זייער היסטאָריע ציילט עפּעס מער ווי הונדערט יאָר און דער יידישער ישוב קוים אַ העלפט. אָבער די יידן, וואָס האָבן איינגע־וואַנדערט אַהער, האָבן געבראַכט מיט זיך זייער קולטור־באַגאַזש פון טויזנטער יאָרן, זייער וויסן און אינטעליגענץ, זייער אומרו און זייער שטענדיקער דראַנג צו גערעכטיקייט, צו גייסטיקער שלימות... יושר און צדק... ווערט עס אָנערקענט? ווערט עס אָפּגעשאַצט?...

ער פאָרט פון לאַנד צו לאַנד, פון שטאָט צו שטאָט, פון ישוב צו ישוב, איבערגעבן זיי אַ גרוס, דערציילן. אומעטום וואַרט מען מיט אומ־געדולד אויף זיינע פאָרטראַגן, אויף זיין באַלערנדיק וואָרט. אומעטום קומען אים באַגעגענען פּאַרטיי־חברים, אָנהענגער, פריינד, פאַרערער און אויך אָרטיקע אַרבעטער־טוער. ער באַמיט זיך שטענדיק צו האָבן מיט זיי אַ צוזאַמענקום. ער וויל אויסהערן זייערע מיינונגען, זייער אויפפאַסונג וועגן פאַרשידענע פּראָבלעמען.

אַ סך פּאַרטיי־חברים, וואָס געדענקען אים נאָך פון אַמאָל, אַלס פירער און מורה־דרך, הערן זיינע רעפעראַטן און וווּנדערן זיך — ס׳קלינגט אין זיי אַ נייער טאָן, אַ נייער אינהאַלט. ער דערציילט און רעדט פון יידישן קיום און המשך... פון נצח ישראל... גיט איבער בילדער פון יידישער עלנט און פּיין, פיזישער אויסראָטונג און דערנידערונג... שילדערט אָבער אויך די גרויסקייט פון יידישן גייסט... איבערמענטשלעכער גבורה און מסירת־נפש... פון ווונדערלעכע יידישע געשטאַלטן, וואָס האָבן קיינמאָל נישט פאַרלוירן דעם צלם אלוקים... דעם גלויבן און בטחון... זיינען אַוועק געלייטערט על קידוש־השם...

ביים אַראָפּגיין פון דער שיף, איז ער אָפּגעוואַרט געוואָרן פון אַ גרויסן עולם, וואָס איז אים געקומען באַגעגענען. ס׳איז געוואָרן אַ געדרענג,

העגט האָבן זיך געשטרעקט צו אים פון אַלע זייטן, אים אָפּצוגעבן שלום, זייערע אויגן האָבן געלויכטן, די פּנימער פול מיט התלהבות האָבן אַרויפֿ־געקוקט צו אים מיט יראת־הכבוד, מיט פֿאַרערונג...

דעם ערשטן צוזאַמענקום האָט יצחק שיינוועלט געהאַט מיט די אייגענע פּאַרטיי־חברים. דערנאָך האָט ער אויסגעדריקט זיין פֿאַרלאַנג זיך צו טרעפֿן מיט באַקאַנטע אַרבעטער־פֿירער פון לאַנד.

אין אָוונט, איז יצחק שיינוועלט געזעסן אין דעם גרויסן וואַרטע־זאַל פון דעם פּראָמינענטן דאָקטער, פֿאָרשטייער אין סענאַט, און פֿירער פון דער מעסיקער אַרבעטער־פּאַרטיי אין לאַנד.

די חברים, וואָס האָבן אים באַגלייט, האָבן זיך געפֿילט היימיש, דער דאָקטער האָט זיי שטענדיק אויפֿגענומען ווי פֿריינד, ווי נאָענטע חברים.

יצחק שיינוועלט האָט זיך אַרומגעקוקט — אויף די ווענט פֿולע אָנגעשטאָפּטע פּאָליצעס מיט ביכער, אויף אַ שפּראַך, וואָס איז אים געווען פֿרעמד, נאָר אויף די רוקנס האָבן באַקאַנטע נעמען געשמייכלט צו אים חבריש — קאַרל מאַרקס, קאַוטסקי, וואַנדערוועלדע, לאַסאַל, באַוער. די ביכער האָבן אַראָפּגעקוקט מיט חכמה, מיט וויסן.

ביים דאָקטערס אַריינקומען, האָט יצחק שיינוועלט זיך ספּאָנטאַן אויפֿגעשטעלט, ביידע האָבן זיך האַרציק באַגריסט, ווי אַלטע באַקאַנטע. — דער דאָקטער האָט אים גוטברודעריש געקלאַפּט אין דער פּלייצע — אַ צייכן פֿון פֿריינדשאַפֿט און חברלעכקייט, אויסגעדריקט זיין צופֿרידנ־קייט מיט דעם באַזוך.

דער שמועס, וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן דורך אַ חבר, האָט זיך געפֿירט פֿריי, מ׳איז געשפּרונגען פֿון איין טעמע צו דער צווייטער. דער דאָקטער האָט איבערגעגעבן ווי אַזוי ס׳זעט אויס די לאַגע פֿון די אַרבעט־טער, די געזעצן פֿון לאַנד, די סאָציאַלע פֿאַרזיכערונגען, דערנאָך האָט זיך דער שמועס געצויגן וועגן אַלגעמיינע ענינים. פּאָליטיק, די אומרואיקע לאַגע פֿון דער וועלט, די מלחמה־געפֿאַר...

וועגן יידישע פּראָבלעמען האָט יצחק שיינוועלט געלאָזן צום סוף. דאָס איז געווען ביי אים דער קלימאַקס, פֿון וועלכן ער האָט געבויט זיין אַני־מאמין, זיין געדאַנקען־גאַנג. דער דאָקטער האָט געלויבט די יידישע חברים, זיינע פֿריינד, זייער וויסן און קענטעניש, זייער דערפֿאַרונג, פֿון וועלכער ער האָט אַ סך געלערנט.

— ווי אַזוי באַציט זיך די היגע באַפעלקערונג צו די איינגעוואַנדערטע יידן, וואָס האָבן זיך שוין איינגעבירגערט אין לאַנד? צי זיינען פאַראַן שפורן פון אַנטיסעמיטיזם? — האָט יצחק שיינוועלט געפרעגט, געוואָלט וויסן זיין מיינונג, זיין באַגריף.

אַ קורצע הפסקה.

דער דאָקטער איז געבליבן שטיל אַ ווײַלע, ווי ער זאָל טראַכטן וואָס צו ענטפערן. ער האָט זיך געפילט אין אַ פאַרלעגנהייט פון דער געשטעלטער פראַגע. נישט איין מאָל איז אים אויסגעקומען צו דיסקוטירן מיט די יידישע חברים וועגן דעם, און די מיינונגען זיינען שטענדיק געבליבן צעטיילט, קעגנזעצלעך, אַלס ערלעכער אַרבעטער־פירער, אַלס סאָציאַליסט, דאַרף ער זיין אויפריכטיק, אַרויסזאָגן זיין מיינונג אָפן און פריי...

— אונדזער לאַנד אין פריי, דעמאָקראַטיש — האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ האָפערדיק קול, — אונדזערע געזעצן און טראַדיציעס זיינען פון שטענדיק אָן געווען: טאָלעראַנץ און רעספּעקט צו אַלעמען. אונדזער אינטעליגענץ פאַרמאָגט אויך דעם זעלבן גייסט... ביי אונדז אין לאַנד וועט די גיפטיקע פלאַנץ פון אַנטיסעמיטיזם קיינמאָל נישט האָבן קיין באָדן, קיין אָנהאַלט, אָבער כ׳וויל זיין מיט אייך אויפריכטיק, ווי אַ פריינד צו אַ פריינד, ווי אַ חבר צו אַ חבר, — האָט ער צוגעגעבן.

— די יידן ביי אונדז פאַרנעמען זיך מערסטנטייל מיט מסחר אָדער אינדוסטריע. אין דער מלחמה־צייט, זיינען די יידן רייך געוואָרן, פאַרנעמען וויכטיקע מאַטעריעלע פּאָזיציעס... און דערצו פירן זיי זיך אייגנאַרטיק... לעבן אָפּגעזונדערט אין זייער אָפּגעשלאָסענעם קרייז... ווילן זיך נישט אויסמישן מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג... דאָס שאַפט געוויסע פרעמדקייט, ד׳ערווייטערטקייט... דאָס רופט אַרויס קנאָה־שנאָה... — האָט ער זיך באַמיט צו געבן צו פאַרשטיין דעם גאַסט.

יצחק שיינוועלט האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט דעם ענטפער, די אַרגומענטן, די טענות און געבליבן דערשטוינט. דעם דאָקטערס רייד וועגן יידן, וואָס ווילן זיך נישט אַסימילירן, וואָס לעבן אָפּגעזונדערט... זאַמלען עשירות... דאָס האָט ער שוין אַזויפיל מאָל געהערט, פון אָפענע שונאים און פון כלומרשטע גוטע פריינד... דאָס מאָל אָבער, איז ער געבליבן גע־

פלעפט, צו הערן די זעלבע אַרגומענטן פון דעם באַרימטן אַרבעטער־פירער פון לאַנד, פּאַרטיי־חבר און געלערנטן.

ער האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט פרעמד אין דעם גרויסן ליכטיקן זאַל. דעם דאָקטערס רייד האָבן געשאַפן אַן אומגעהויערע דיסטאַנץ, וואָס האָט זיי אַלץ מער דערווייטערט, זיי אָפּגעטיילט איינעם פון אַנדערן... אַ מחיצה וואָס איז אוממעגלעך אַריבערצושפּרייזן... און אַז מ׳האָט אָנגעהויבן אַריינברענגען כיבוד, האָט יצחק שיינוועלט גאָרנישט געקענט טועם זיין. דער שמועס האָט זיך איבערגעריסן. ער האָט געקוקט אויפן דאָקטער און געטראַכט: אַז מיט זיין גאַנצן וויסן און געלערנטקייט וועט ער קיינמאָל נישט קענען באַגרייפן און פאַרשטיין די יידישע אייגנאַרטיקייט.. די יידישע פּראָבלעמען, וואָס זיינען פאַר אים פרעמד און אומפאַרשטענדלעך...

ווייט און אומבאַקאַנט...

# דער ערדישער גן־עדן

וואָס פאַראַ געוואַלדיקער קאָנטראַסט איז געווען צווישן נאַטאַליאַ ראַשקין, דעם גרויסן אונטערנעמער, אײַנגנט־מער פון אַזויפיל רענט־הײַזער, פלעצער און געבײַדעס, און דעם קליינעם נעבעכדיקן מענטשל, דעם פלוצלינג קראַנק געוואָרענעם נאַטאַליאַ ראַשקין, וואָס איז געזעסן אין אַ וויג־שטול אַ צונויפגעקאָרטשעטער, מיט אַן אומעטיק פאַרזאָרגט פנים און זיך לאַנגזאַם געוויגט. וואָס פאַראַ ענדערונג אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג! זיין גאַנצע האָפערדיקייט, ענערגיע און אימפעט, איז צוגענומען געוואָרן פון אים. ער האָט אויסגעזען נעבעכדיק און צעשראָקן, געהיט זיך נישט צו מאַכן קיין שטאַרקן טראָט, קיין אָנגעשטרענגטע באַוועגונג. ס׳האָט אים אַרומגענומען אַ פחד — אַז זיין גאַנצע עשירות און גוטס, קען אַוועקגיין מיטן ווינט... ווילד פרעמדע ווערלן געניסן פון זיין דעראַבערט פאַרמעגן....

דאָס נעבעכדיקע מענטשל מיטן צעשראָקענעם פנים, וואָס איז געזעסן אין וויג־שטול און זיך לאַנגזאַם געוויגט, האָט אויסגעזען, ווי אַ שאָטן פון דעם אַמאָליקן נאַטאַליאַ ראַשקין.

מיט אייניקע טעג צוריק האָט ער נאָך געמאַכט פּלענער, צוויסן געגעבן זיין אַרכיטעקט, וואָס ער פּראָיעקטירט צו מאַכן: די פרייע שטחים ערד, די ליידיקע פּלעצער, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, האָבן אים נישט געלאָזט רוען: „ס׳איז אַ טויטער קאַפּיטאַל”, ס׳ברענגט אים נישט אַריין קיין איינקונפטן, קיין רווחים, האָט ער געגעבן צו פאַרשטיין דעם אַרכי־טעקט. ווען ער שטעלט אויף אַפּאַרטאַמענט־הייזער, וואָלט זיך פאַרגרע־סערט זייער ווערט און ער וואָלט אַריינבאַקומען מער רענט. צו וואָס זאָל ער לאָזן פּוסטעווען די פרייע שטחים ערד? ס׳איז אַן עבירה פאַר גאָט!

ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ פיבערדיקן פאַרלאַנג — בויען! בויען! דאָס צוקוקן נאָר ווי אַזוי די אַרבעט גייט ביים בויען, האָט אים פאַרשאַפט אַ געוואַלדיקע פרייד. ער פלעגט קומען אַן אויסגעפּוצטער,

אָפּשטיין גאַנצע טעג און נאָר באַטראַכטן ווי די אַרבעט גייט, ווי מ׳לייגט צוערשט דעם פונדאַמענט, פריער מאַכט מען די טיפע גריבער, די אַרבע־טער האַלטן אין איין אַרויסוואַרפן רידלעס ערד פון אינעווייניק, זוכן צו דערגרייכן אַ פעסטן באָדן, און אַז די גריבער זיינען גאָר טיף, זעען אויס די אַרבעטער פון אינעווייניק, ווי פאַרשמייעטע קאַרליקלעך. דערנאָך ווי ס׳ווערן געמאַכט די פילאַרן און ס׳ווערן אויפגעהויבן די ווענט.

ביים לייגן דעם דאַך איז זיין שמחה געווען אין לשער. די גרויסע צאָל אַרבעטער, וואָס מ׳נעמט דאַן צו זיי זאָלן צוהעלפן, באַוועגן זיך שנעל רירעוודיק, לויפן איבער די רושטאָוואַניעס מיט די עמערלעך צע־מענט, זשוויר, ס׳גייט אָן אַ פיבערהאַפטע באַוועגונג, וואָס האַרמאָנירט אַזוי מיט זיין אויפגעהייטערטער שטימונג...

אַמאָל כאַפּט ער אויף פיינטלעכע בליקן פון די אַרבעטער, וואָס קוקן צו אים מיט קנאה, וואָס ער שטייט אַזוי מיט פאַרלייגטע הענט און זיי האָרעווען שווער און ביטער. זיי פאַרגינען אים נישט זיין מערכה... ער לייגט נישט קיין אַכט אויף דעם. זיין פריילעכער געמיט־צושטאַנד, ווי אַ באַשיצנדיקער פּאַנצער, לאָזט נישט צו קיין אַנדערע מחשבות...

זיין פאַרמעגן איז געוואַקסן. זיינע איינקונפטן האָבן זיך פאַרגרעסערט. זיינע רענט־הייזער האָבן זיך פאַרמערט. זיינע רעיונות זיינען שטענדיק געווען פאַרטאָן — וועגן נייע פּלענער, נייע געביידעס, חשבונות און קאָנטראַקטן. ער האָט נאָר געטראַכט וועגן די ליידיקע שטחים ערד, וואָס ער פאַרמאָגט, אַז מ׳דאַרף זען אויפשטעלן רענט־הייזער, וואָס וועט פאַרפילפאַכן זייער ווערט. ביי אַ סכסוך מיטן אונטערנעמער, ווען די אַרבעט פלעגט אָפּגעשטעלט ווערן, איז ער געוואָרן אויסער זיך. געהאַט פאַרדרוס, קרענקונג, וואָס די אַרבעט איז פאַרהאַלטן געוואָרן. אויסגע־רעכנט, אַז יעדער טאָג, וואָס גייט אַריבער, פאַרלירט ער געלט.

ביינאַכט האָט ער נישט געקענט איינשלאָפן. ער פלעגט אַנדרימלט ווערן און זיך באַלד אויפכאַפּן. די אומרואיקע חלומות האָבן אים געשראָקן — ער זעט אַזויפיל געביידעס, זיינע אָנגעהויבענע קאָנסטרוקציעס, אַלע זיינען זיי נישט אַרויסגעענדיקט. אָן טירן, אָן פענצטער, מיט טונקעלע ווענט. ער קוקט אויף זיי און גלויבט נישט זיינע אייגענע אויגן. עס באַפאַלט אים אַ שרעק, די נישט פאַרענדיקטע בנינים, זעען אים אויס ווי משונהדיקע סקעלעטן, וואָס קוקן צו אים מיט אַן אומהיימלעכער פינצ־

טערקייט דורך זייערע אויסגעהוילטע לעכער, וואַרפן אָן אויף אים אַ פּחד... אַ גאַנצן טאָג פלעגט ער אַרומגיין פאַרביטערט, פאַרזאָרגט, פאַרדאגהט. ביז ער איז מיטאַמאָל פאַרשלאַפט געוואָרן, געבליבן ליגן צו בעט, זיך נישט געקענט באַוועגן. ווי אַלע זיינע אברים וואָלטן זיך צעבונטעוועט קעגן אים, אַרויסגעטראָטן אין אַן אָפענעם רעוואָלט, פאַרן צופיל באַלאַסטן זיי מיט אַזויפיל דאגות און אָנשטרענגונג, זאָגן זיך אָפּ אויסצופירן זיינע באַפעלן...

איצט איז ער געזעסן און זיך געוויגט, ווי אַ קליין קינד. געשמייכלט צו זיך אַליין מיט אַ נעבעכדיקן קרענקלעכן שמייכל „אַ שברי כלי, וואָס טויג שוין צו גאָרנישט" — האָט ער געטראַכט וועגן זיך אַליין, אָנגעצויגן צופיל די סטרונע ביז זי האָט געפּלאַצט...

און פונקט ווי פריער, איז ער געוועזן אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן אין „בויען", אויפשטעלן נייע געביידעס, וואָס זאָלן פאַרגרעסערן דעם ווערט פון די ליידיקע פלעצער, האָט ער איצט אַלץ אָפּגעשטויסן פון זיך, ווי ער וואָלט נישט געהאַט קיין שייכות צו די אַלע אונטערנעמונגען און קאָנסטרוקציעס, ווי זיין נאָמען וואָלט גאָר נישט פיגורירט אויף די אַלע פּלענער און קאָנטראַקטן, אַלץ האָט אים אויסגעזען פרעמד און דערווידער...

גאַנצע בערג מיט פּאַפּירן האָבן זיך געהויפנט אויף זיין שרייב־טיש. פּלענער, קאָנטראַקטן, חשבונות, האָבן געוואַרט אויף זיין צושטימונג, אויף זיין אונטערשריפט. ער האָט אַלץ פאַרנאַכלעסיקט. נישט געוואָלט וויסן פון קיינע אונטערנעמונגען און געשעפטן. דאָס האָרעווען זיינס די גאַנצע יאָרן, האָט אים אויסגעזען אַזוי באַריש און זינלאָז... אַלץ האָט זיך איצט פאַרענדיקט מיט אַ מוראדיקן דורכפאַל...

ער איז געזעסן און זיך געוויגט אין דעם אייזערנעם האַמאַק, וואָס איז געשטאַנען אין גאָרטן. ער האָט זיך געפילט מיד און צעבראָכן, אַ קאָפּ־שווינדל האָט אים אָנגעכאַפּט פון צייט צו צייט. ער האָט געוואָלט זיך לייגן אין בעט. ער איז אַריין אינעווייניק אין דער ווילליע. די ווילליע האָט ער געלאָזט אויסבויען, איידער ער איז קראַנק געוואָרן, געבויט מיטן גאַנצן קאָמפאָרט און לוקסוס, דאָס האָט געדאַרפט זיין די זומער־וווינונג און אויך זיין אָפּרו־פּלאַץ אין די יום־טובדיקע טעג.

אין די פרייע טעג, ווען ער איז געקומען אין דער ווילליע, איז ער געבליבן פאַרגאַפט. די שטילקייט פון אַרום, די רחבותדיקע צימערן מיט

די ברייטע פענצטער, דער שמעקנדיקער פאַרפּוצטער גאָרטן מיט די שאָטנדיקע אַלייען — האָבן אים באַרואיקט, דערפרישט, צוגעגעבן נייע כוחות.

איצט איז אים אַלץ געווען דערווידער. פון די געראַומיקע צימערן האָט געווייעט מיט איינזאַמער שטילקייט, מיט אַ פאַרבענקטן אומעט. ער איז געגאַנגען מיט שאַרנדיקע טריט, געאָטעמט שווער, ווי ס'וואָלט אים אויסגעפעלט לופט. זיך אָנגעשטויסן אַלע ווײַלע אין די שווערע שטיקער מעבל, וואָס זיינען אומעטום געווען געשטעלט, האָבן אים נאָכגעקוקט מיט מיטלייד און באַדויערן...

ער איז פאַרבײַגעגאַנגען זיין שרייב־צימער. ס'האָט אים געצויגן, ער זאָל אַרייַנגיין אינעווייניק. ער האָט זיך דערנעענטערט צום שרייב־טיש. אַנטקעגן, אויף דער וואַנט, איז געהאָנגען זיין בילד. ער האָט זיך איינגעקוקט, ווי ער וואָלט זיך אַליין נישט דערקענט. אויפן בילד האָט ער אויסגעזען יונג, מונטער, האָפערדיק. פון ביידע זייטן, זיינען געהאָנגען פאָטאָגראַפיעס פון הויכע פיל־שטאָקיקע געביידעס, לוקסוס־אַפּאַרטאַמענטן מיט די מאָדערנסטע איינריכטונגען, מאַסיווע בנינים, באַפּוצט מיט פאָ־לירטן גראַניט, מיט מאַרמאָר, האָבן אַראָפּגעקוקט פאַרריסן, גדלותדיק... אויפן שרייב־טיש איז געלעגן דער פּלאַן, וואָס ער האָט געלאָזט מאַכן, איידער ער איז קראַנק געוואָרן. ער האָט געהאַט אָפּגעקויפט גרויסע שטחים ערד, וואָס איז אינגאַנצן געווען אומבאַוווינט, וויסט. ער האָט באַשלאָסן אינוועסטירן אין דעם גרויסע געלט־סומעס. אויספלאַסטערן די וועגן, פאַנאַנדערטיילן אין קוואַרטאַלן און גאַסן, אין געגנטן, אַוועקשטעלן איינציקע פּלעצער פאַר פאַרקן, שטאָט־מוזייאומס, פאַר געזעלשאַפטן, וואָס זאָלן אָנהויבן בויען זייערע אַנשטאַלטן, אַזוי אַרום האָט ער אויסגערעכנט, וועט זיך שאַפן אַ שטאָט, וועט זיך אַנטוויקלען אַ ישוב.

אין פּלאַן איז געווען אויסגערעכנט און אָנגעצייכנט אַלע פּרטים און דעטאַלן. די גאַסן, די וועגן, די קוואַרטאַלן, די שטאָט־גערטנער, די פאַרקן, שפּיל־פּלעצער פאַר קינדער און מוזייאומס. „דער ערדישער גן־עדן", האָט ער באַשלאָסן אַ נאָמען געבן דער נייער שטאָט. ער האָט דאַן אויסגערעכנט, אַז יעדעס שטיקל פּלאַץ, וועט שטייגן פּילפּאַכיק, ס'וועט אים אַרייַנברענגען פאַנטאַסטישע רווחים...

ער האָט געהאַלטן דעם פּלאַן אין דער האַנט און געקוקט אויף די

אַנגעצייכנטע ליניעס, די געקייטלטע שטריכן, ווי ער וואָלט אַלץ געזען פאַר זיינע אויגן, אַזוי דייטלעך, אַזוי קלאָר. אַ שטאָט אין מיניאַטור, אַ בייער ישוב, מיט מענטשן, גאַסן, הייזער, און פאַבריקן.

מיט זיין קראַנקייט איז אַלץ, ז׳יבערגעריסן געוואָרן. די געפּלאַנטע שטאָט איז געבליבן נאָר אויפן פּאַפּיר. אַ חלום, וואָס וועט קיינמאָל נישט פאַרווירקלעכט ווערן. נאָר דער נאָמען, דער לאָקנדיקער נאָמען: „דער ערדישער גן־עדן״ איז געבליבן. נישט אָפּגעטראָטן אַ סעקונדע. זיך גערייצט מיט אים... ער האָט אַוועקגעלייגט זיין האַנט אויפן פּאַפּיר און די ווערטער האָבן אויפגעטויכט אויפסניי, אין חלל, אויף די ווענט, אומעטום זיך געפלאָכטן אין אַ קרייז און געטאַנצט אַנטקעגן אים — „דער ערדישער גן־עדן״, דער ערדישער גן־עדן״...

זיינע הענט האָבן אָנגעהויבן ציטערן, טרייסלען, זיינע פינגער זיינען לויז געוואָרן. דער פּלאַן האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון זיינע הענט, אַראָפּ־געפאַלן אויף דער ערד, געבליבן ליגן, ווי אַן אומנוציק שטיקל פּאַפּיר.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול. געאָטעמט שווער, ווי ס׳וואָלט אים אויסגעפּעלט לופט. שטענדיק, ווען ער האָט פּאַרדרוס, עגמת־נפש, הויבט אים אָן שטיקן, ער קען נישט אָטעמען, ער ווערט אָפּגעגאָסן מיט אַ קאַלטן שווייס. דאָס האַרץ ווערט אים צונויפגעדריקט, פאַרקלעמט, טרערן גיסן זיך פון זיינע אויגן פון יסורים, פון ווייטיק, ס׳באַפאַלט אים אַ פּחד, אַ מורא, אַז ס׳דערנעענטערן זיך זיינע לעצטע מינוטן... זיין סוף...

ביז ס׳גייט אים איבער. ער בלייבט דערנאָך זיצן אַ פאַרמאַטערטער, אַ דערשעפּטער, אַ באַגאָסענער מיט שווייס, מיט אַנגסטן, ווי ער וואָלט געפירט אַ שווערן פאַרביטערטן קאַמף מיט עמיצן, זיך געראַנגלט מיט זיינע לעצטע כוחות און זיך נישט אונטערגעגעבן, בייגעקומען...

נאָך דער איבערגעקומענער אַטאַקע, ווערט אים אַזוי גרינג, אַזוי לייכט, ער פאַרגעסט אין אַלע ווייטיקן, וואָס האָבן אים אַזוי דערקוטשעט. ער פאַלט אַריין אין אַ לייכטן דרימל.

איצט, ווען ער האָט זיך אָנגעהויבן שפּירן שלעכט, איז ער געבליבן זיצן אויפן שטול אין אַן אָפּוואַרטנדיקער פּאָזע. מורא געהאַט, אַז די אַטאַקעס, וואָס באַפאַלן אים לעצטנס אַזוי אָפט, קענען זיך איבערחזרן, ער האָט זיך געגרייט, געוואָלט איבערשטאַרקן.

ער האָט דערהערט דאָס קלינגען פון גלעקל, וואָס האָט אים אָפּגע־צויגן פון זיינע רעיונות. דאָס איז געווען דער צייטונגס־טרעגער. אַלע טאָג אין דער זעלבער שעה באַקומט ער די צייטונג. ער לייענט דאַן די ידיעות פון דער וועלט, פון לאַנד, די כראָניקס, דאָס איז דאָס איינ־ציקע, וואָס פאַרבינדט אים מיט דער דרויסנדיקער וועלט. אָן דער צייטונג פילט ער זיך איזאָלירט, אָפּגעזונדערט פון אַלעמען...

ער האָט אָנגעהויבן לייענען, און געבליבן דערשטוינט. ס'האָט זיך אים געוואָרפן אין די אויגן אַ נעקראָלאָג פון זיינעם אַ באַקאַנטן. די פאַ־מיליע מעלדעט: אַז זי איז דערשיטערט פון זיין פּלוצימדיקן טויט, און רופט אַלע פריינד און באַקאַנטע אים קומען אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד.

ער איז געבליבן זיצן געפּלעפט. די צייטונג איז אים אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט. זיינע צעשראָקענע אויגן האָבן אויסגעדריקט פאַרוווּנ־דערונג און איבעראַשונג. ער האָט זיך נישט געקענט גלויבן.

ער האָט אָנגעהויבן רופן זיין פרוי מיט אַ נערוועזן, פאַרשטיקט קול, וואָס האָט געציטערט פון אויפרעגונג און איבעראַשונג.

און אַז די פרוי איז געקומען צולויפן אַ צעשראָקענע, אַ פאַרציטערטע — האָט ער ווייזנדיק מיט דער האַנט אויפן נעקראָלאָג געזאָגט:

— גיב אַ קוק, ווער ס'איז פּלוצלינג געשטאָרבן! אונדזער באַקאַנטער, וואָס איז מיר איינמאָל געקומען מבקר חולה זיין, וואָס האָט שטענדיק אויסגעזעזן אַזאַ געזונטער מענטש, אַזאַ פעסטער דעמב, גיט פּלוצלינג אַ פאַל אַוועק. איך קען זיך דאָס נישט גלויבן — האָט ער זיך געהאַלטן אין איין חידושן — אַזאַ מענטש, מונטער, שטאַרבט אַוועק מיט אַ פריצייטיקן טויט. און איך — זיפצט ער אָפּ — אַזאַ צעבראָכענער שאַרבן, לעב, מאַטער זיך.

— דו ווייסט דאָך, ווי ס'זאָגט אַ שפּריך־וואָרט: — ענטפערט די פרוי און ציט אַרויף אַ שמייכל אויף איר פאַראומערט געזיכט — אַז אַן אָנגעפּלאַצטער שאַרבן, לעבט איבער אַ גאַנצן. אַ שוואַכער מענטש, וואָס היט זיך אָפּ, קען אויסלעבן זיינע יאָרן, מ'דאַרף זיך נאָר נעמען אין די הענט! און אַז זי זעט, אַז אירע רייד ווירקן נישט אויף אים, גיט זי צו: — דאַרפסט זיך נישט איינרעדן, אַז דו ביסט מסוכן קראַנק, אַן איינ־רעדעניש איז ערגער ווי אַ קרענק! דו ביסט נאָר אָפּגעשוואַכט, דו דאַרפסט ווייניקער טראַכטן, נישט צולאָזן צו זיך קיין שלעכטע געדאַנקען, זיך נישט

נעמען צום האַרצן פון יעדער קלייניקייט. וועסטו גיך קומען צו די כוחות, וועסטו זיין געזונט!

ער איז געבליבן זיצן פאַרטראַכט. דערנאָך אויסגעדריקט זיין ווונטש — אַז ער וויל גיין באַגלייטן זיין פריינד דעם לעצטן וועג, ער האַלט עס פאַר זיין חוב. די פרוי האָט געפּרוווט זיך קעגנשטעלן, זיך געבעטן ביי אים:

— טו מיר צוליב, גיי נישט, דיין דעליקאַטער געזונט־צושטאַנד דער־לויבט דאָס נישט. ס׳קען שלעכט ווירקן אויף דיר...

און אַז ער האָט זיך איינגעעקשנט, האָט די פרוי געמוזט נאָכגעבן, נישט געוואָלט אים דערצערענען.

אויפן וועג האָט ער זיך דערמאָנט זיין פרויס ווערטער: „אַ צעבראָכע־נער שאַרבן לעבט איבער אַ גאַנצן". אָט גייט ער אַ שברי־כלי, וואָס זיין לעבן הענגט אויף אַ האָר, ער גייט באַגלייטן זיין פריינד, דעם לעצטן וועג און ער קען זיך נישט גלויבן. זיין פריינד האָט שטענדיק אויסגעזען פעסט, געזונט, שטאַרק ווי אַ דעמב און איז פּלוצים אַוועקגעפאַלן.... זיין אַוועקגיין האָט איבערגעלאָזט אַ טיפע נישט פאַרהיילטע וווּנד ביי זיינע אייגענע... און ער, דער נוטה־למות, וואָס איז אַזוי חרוב... לעבט, זשיפּעט... פאַלט נאָר צו לאַסט אַנדערע...

אַרום אים הערן זיך געוויינען, האַרץ־רייסנדיקע קולות, טרייסטלאָזער געיאָמער, וואָס קען רירן אַ שטיין, און ער איז עפּעס אינגאַנצן קאַלט און גלייכגילטיק... פאַרקערט, ער שפּירט דווקא אַ טיפע צופרידנקייט, וואָס ער באַמיט זיך צו פאַרשטעלן, סימולירן... ער ציט אַרויף אויף זיין פּנים אַ מיטפילנדיקן אויסדרוק... זיין ערנסט געזיכט דריקט אויס מיטלייד און צער, אָבער אינערלעך, איז ער מונטער, פריילעך. אַן אויפגערוימטקייט שרייט אַרויס פון אים — ער לעבט! ער איז מסוכן קראַנק, אָבער ער לעבט! ער קען גיין, קען זיך באַוועגן, קען איינאָטעמען פרישע לופט, זען דעם בלויען הימל, ס׳איז אים אַלץ בעסער ווי זיין פריינד...

און אַז זיי זיינען אַרויף אויפן גוטן אָרט האָט די צופרידנקייט, די מונטערקייט זיך אָפּגעטאָן פון אים. אַן ערנסטע פאַרטראַכטקייט האָט זיך צעלייגט אויף זיין געזיכט. אַ שטילער טרויער האָט אַראָפּגעקוקט פון די מצבות. ס׳האָט זיך אים געדוכט, אַז די קילע לופט איז אָנגעזאַפּט מיט געוויין און געיאָמער, וואָס בלאָנקעט אַרום אין רוים אין חלל, געפינט

נישט קיין מנוחה... קיין טרייסט... פון ווייטן, האָבן די אויסגעקריצטע אותיות אויף די מצבות אויסגעזען ווי פאַרגליווערטע טרערן...

ער האָט אָפּגעזיפצט. זיך אָנגעשפּאַרט אין זיין פרויס אָרעם אוןביידע זיינען געגאַנגען מיט לייכטע פאָרזיכטיקע טריט צווישן די סטעזש־קעס, זיך אָפּגעשטעלט ביי יעדער מצבה, געלייענט די אויפשריפטן, די נעמען, די שבחים, וואָס די אייגענע האָבן געלאָזט אויסקריצן אויף די שטיינער.

ער האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט. איין שטיקל פּלאַץ איז געווען אַרומגעצוימט מיט פיר שמאָלע ברעטלעך, אינעווייניק אויף אַ קליין שילדל איז געווען אויפגעשריבן: „רעזערווירט".

ער האָט אויפגעריסן די אויגן, געקוקט צום שילדל, צו זיין פרוי, ווי ער זאָל זיך נישט וועלן גלויבן, עס האָט זיך אים געוואָלט אַרויספּלאַצן מיט אַ געלעכטער, נאָר ער האָט זיך באַהערשט. זיך געווענדעט צו זיין פרוי:

— ווי געפעלט דיר אַזאַ בעלנות? האָט זיך פאַרזאָרגט ביים לעבן... האָט מורא געהאַט, אַז מ'וועט אים אויסכאַפּן, האָט ער זיך איינגעשאַפּט אַ שטיקל ערד...

— וואָס וווּנדערסטו זיך אַזוי? מסתמא איז ער אַן עלטערער מענטש. ער ווייסט, אַז היינט, מאָרגן וועט קומען זיין סוף... האָט ער זיך פאַר־זאָרגט. אַמאָליקע יאָרן האָבן עלטערע מענטשן זיך פאַרגרייט מיט תכריכים, זיך אויסגעלערנט ווידוי זאָגן...

ער איז געבליבן שטיל. זיך פאַרטראַכט. געקוקט צום שילדל, צו דעם קליינעם שטיקל אַרומגעצוימטער ערד, וואָס האָט אַרויסגערופן ביי אים אומעטיקע אומהיימלעכע מחשבות...

ער האָט פּלוצים באַקומען אַ גרינלעכע מראה. אָנגעהויבן ציטערן, זיך טרייסלען און וואַרפן. ס'האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן, ווי אַ שווידערלעכע קעלט וואָלט דורכגענומען זיין גאַנצן קערפּער. ער האָט זיך אָנגעהויבן שטיקן ווי עס וואָלט אים אויסגעפעלט לופט, געאָטעמט שווער. זיינע אַרויסשטאַרצנדיקע פאַרטרערטע אויגן, האָבן געקוקט הילפלאָז צו זיין פרוי, צו דעם אָרום, ווי ער זאָל זוכן פון ערגעץ הילף... זיין ראיה האָט זיך געטונקלט. אַלץ האָט באַקומען אַ מטושטשדיקן אויסזען.

דאָס קליינע שטיקל אַרומגעצוימטע ערד האָט מיטאַמאָל זיך אָנגעהויבן באַוועגן, זיך דרייען, מאַכנדיק משונהדיקע קרייזן, ווי ס׳זאָל ווערן אַלץ אַריינגעמען, אַריינציען... זיך דערווייטערט, פאַרשווונדן און דערנאָך אויפגעטויכט צוריק.

ער האָט געקוקט מיט שטוינונג, צווישן ווירבלדיקן קרייז פון דעם קליינעם שטיקל אַרומגעצוימטער ערד, זעט ער, דרייט זיך אויך מיט אַ פּאַפּיר. ער דערקענט עס באַלד, דאָס איז דער פּלאַן, וואָס ער האָט געלאָזט מאַכן, איידער ער איז קראַנק געוואָרן. דער געפּלאַנטער פּראָיעקט — אויסבויען אַ נייע שטאָט, אויף די ליידיקע שטחים ערד, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, אַ נייע מאָדערנע שטאָט, וואָס וואָלט געהייסן „דער ערדי־שער גן־עדן" און האָט אים געדאַרפט אַריינברענגען פאַנטאַסטישע רווחים...

ס׳דוכט זיך אים, אַז ער זעט גענוי די געקייטלטע ליניעס, ווו ס׳זיינען אָנגעצייכנט די גאַסן, די פּאַרקן, בולוואַרן, די שטאָטישע געביידעס, די לוקסוס־האָטעלן ביים ברעג ים, ווו ס׳קומען געניסן די טוריסטן, דער פּראָ־יעקט, וואָס צוליב זיין קראַנקייט, געבליבן נאָר אויפן פּאַפּיר...

איצט זעט אים אויס — ווי דער זיך מיטשלעפּנדיקער ווייסער פּאַפּיר, וויל זיך דערווייטערן, אַנטלויפן פון דעם משונהדיקן קרייז, וואָס זעט אויס ווי אַ טיפער אָפּגרונט... וואָס ציט אַלץ אַריין... עס קומט פאָר אַ פאַרביסענער קאַמף צווישן העלן פּאַפּיר, דער פּלאַן פון דער שטאָט „דער ערדישער גן־עדן" מיט אירע גאַסן און בולוואַרן, מיט אירע לוקסוס־געביידעס און האָטעלן, וואָס דאַרף זיך אויסברייטערן, פאַרנעמען אַלץ מער פּלאַץ, מער שטח — מיט דעם קליינעם שטיקל אַרומגעצוימטער ערד, וואָס איז באַגרענעצט, אָפּגעשלאָסן מיט אַ באַשטימטער מאָס... ביז דער קרייז, וואָס דרייט זיך מיט פאַנטאַסטישער שנעלקייט פאַר זיינע אויגן, איז גובר, ציט אַלץ אַריין אין זיך... ווי אַ ווירבלדיקער וואַסער־שטראָם. דער פּלאַן ווערט אַלץ קלענער, איינגעשרומפּענער. די שמאָלע ברעטלעך פון דעם קליינעם שטיקל אַרומגעצוימטער ערד נעמען דאָס אַרום. שליסן דאָס איין מיט אַ הילצערנער פיר־קאַנטיקער ראַם.

די אָנגעצייכנטע ליניעס און שטריכן פאַרשווינדן, דאָס פּאַפּיר באַקומט אַ טונקל־גרויען ערד־קאָליר. נאָר פון מיטן לאַכן אים אַריין אין פּנים די גרויסע אויסגעקריצטע אותיות פון קליינעם שילדל, וואָס שושקען אים אַריין אין אויער, מיט שפּאָט און חוזק: רעזערווירט! רעזערווירט! רעזערווירט!

# דער לייכט־טורעם

(רעפּאָרטאַזש)

אַ לאַנגער פּאַס ערד טיף אין ים און אַ שמאָל בריקל מיט געדרייטע טרעפּ — איז דער וועג, וואָס פירט צום לייכט־טורעם...

פון ווייטן זעט אויס דער שמאָלער בנין, מיט די לאַנגע פענצטער און רונדן טורעמל, ווי אַן אַלטערטימלעכע געביידע, אַ פאַרלאָזענער שלאָס לעבן ברעג ים, אַרומגערינגלט און באַשיצט מיט הויכע פעלדזן.

ביים סאַמע שפּיץ געפינט זיך דער לייכט־טורעם. ביינאַכט זעט מען דאָס בליציקע ליכט פון פּראָזשעקטאָר, וואָס האַלט אין איין אַרומקרייזן. דער שיין־וואַרפער שיקט די ליכט־סיגנאַלן איבערן ים־אויבערפלאַך, באַ־לייכט דעם וועג צום פּאָרט — די פאַרבייפאָרנדיקע שיפן. דאָס ליכט בייט זיך, גרין, ליכטיק העל, און רויט. די גרויע ים־נעפּלען באַקומען צויבערנ־דיקע קאָלירן, זעען אויס ווי ווונדערלעכע מיראַזשן. מיטאַמאָל באַווייזט זיך אַ פייערדיקער סיגנאַל, וואָס וואָרנט פון אַ געפאַר, גיט אַ צייכן פון אַ סכנה...

דערנאָך בליצט אויף אַ העל־גרינע שיין, פאַרפלייצט דעם גאַנצן אַרום מיט אַ כישופדיק ליכט, ווי אַ ליכטיקער וואַסער־פאַל וואָלט כסדר גע־שטראָמט פון הויכן טורעמל.

פון דריי זייט ווערט דער לייכט־טורעם געשיצט מיט הויכע סקאַלעס, וואָס שטייען גרייט ווי טרייע שומרים, זיינען אויף דער וואַך, אָפּצושלאָגן די כסדרדיקע אַטאַקעס פון די ים־שטורעמס, פון די ברויזנדיקע כוואַליעס, וואָס בושעווען דאָ פראַנק און פריי.

בין־השמשות, ווען דער גאַנצער אַרום ווערט באַלויכטן מיט אַ גאָל־דענעם אָפּגלאַנץ פון דער פאַרגייענדיקער זון, דאַן זעען אויס די פעלדזן ווי גרודעס גאָלד הפקרדיק צעלייגט לעבן ברעג ים, וואָס פינקלען מיט אַ שימערירנדיקן גלאַנץ. אַנדערע פעלדזן זעען אויס אין דעמערונג, ווי

משונהדיקע פיגורן, אויסגעהאַקטע פון גראַניט, וואָס אַן אַנאָנימער קינסט־לער האָט אויסגעשטעלט אונטערן פרייען הימל.

אין די יום־טוב־טעג איז דער לייכט־טורעם פול מיט באַזוכער. אַנ־דערע קומען געניסן פון דער פרישער לופט, דערקוויקן זיך מיטן קילן ווינטעלע, וואָס ווייעט דאָ שטענדיק, צערטלט און באַרואיקט, קוקן צו די שיפן, וואָס זעען זיך אין האָריזאָנט, די שיפן זעען אויס פון ווייטן ווי זיי וואָלטן געשוועבט אין דער לופטן, אייגנגעהילטע אין גרויע און בלוילעכע נעפלען, באַוועגן זיי זיך לאַנגזאַם, פאַרזיכטיק, ווי זיי וואָלטן פאַרבלאָנדזשעט און זוכן דעם וועג.

אַ טייל באַזוכער ברענגען מיט זיך ווענדקעס צו כאַפּן פיש און קלו־מיקלעך פאַרוואָרפן אויף זייערע אַקסלען. דאָס נעמען זיי מיט זייערע מכשירים. זיי זעצן זיך אַוועק אויף די פעלדזן ביים סאַמע ברעג, שווייגנ־דיקע, פאַרטיפטע, ווי זיי וואָלטן זיך געגרייט עפּעס טאָן אַ וויכטיקע אַרבעט. זיי נעמען אַרויס זייער גאַנץ קלאַפּער־געצייג, פאַרוואַרפן די ווענדקעס טיף אין ים, קוקן שעהן־לאַנג אויף איין פונקט, פאַרגעסן אין אַלץ, זעען גאָרנישט אַרום זיך.

לעבן די פישערס פליען שטענדיק אַרום טשאַדעס הונגעריקע מע־וועס. זיי מאַכן קרייזן, לאָזן אַרויס פאַרשטיקטע פישטשענדיקע קולות, ווי וויינענדיקע קינדער. זיי האַלטן אין איין אַרומשוועבן און קוקן מיט גירי־קע אויגן אויף די טויטע פישעלעך, וואָס ליגן לעבן די פישערס. אַנדערע לאָזן זיך אַראָפּ אויפן וואַסער, זוכן און נישטערן מיט די שפּיציקע שנאָבלען און אַז זיי כאַפּן אַ פישל, גיבן זיי זיך אַ האַסטיקן הויב אויף, און פליען אַוועק מיטן געכאַפּטן רויב. און אַז זיי ווערן מיד פון אַרומפליען כסדר, זאַמלען זיי זיך צונויף מחנותווייז אויף די פעלדזן, שטייען שעהן־לאַנג אויף איין פלאַץ אומבאַוועגלעכע, זעען אויס, ווי פאַרשטאַרטע, נאָר די אויגן קוקן פאַרדאגהט און פאַרזאָרגט — וואָס צו טאָן אויף צו שטילן דעם הונגער ?

פאַרנאַכט ווערט די געגנט ליידיק פון באַזוכער. די לעצטע, וואָס פאַרלאָזן דעם פלאַץ, זיינען די פישערס. מיט די פאַרוואָרפענע קלומיקלעך אויף די אַקסלען זעען זיי אויס ווי מידע וואַנדערער, וואָס איילן זיך אַנקומען ערגעץ, זיך אויסרוען פון זייער לאַנגן וועג. זיי גייען מיט גיכע טריט. זייערע פּנימער, אָפּגעברענטע פון דער זון, פון דער שאַרפער ים־

לופט, זײַנען פֿאַררוויטיקט, צעפּלאָמט ווי זיי וואָלטן זיך אָנגעטרונקען מיט וויין. זיי באַגריסן זיך פֿרײַנדלעך אײנער מיטן אַנדערן, פֿאַרביַיגדן גע־שפּרעכן. זיי שפּירן אַ דראַנג צו רעדן מיט עמעצן, נאָכדעם ווי זיי זײַנען געזעסן שעהן־לאַנג און געשוויגן.

איינער דערציילט מיט אַ געוואַלדיקער התלהבות, ווי אַזוי אים איז אויסגעקומען איבערקליגן אַ גרויסן פֿיש, וואָס האָט זיך פֿאַרטשעפּעט אין האַטשיק. ווי אַזוי ער האָט געדאַרפֿט קעמפֿן מיט אים אַ לאַנגע צייט. דער פֿיש האָט מיט אַלע כוחות געצויגן די נעץ, געוואָלט אים אַרײַנשלעפּן אין וואַסער, ער האָט געדאַרפֿט כסדר מאַנעווורירן, מאַכנדיק פֿאַרשידענע טריקן, ביז ער האָט אים באַזיגט. ער ווייזט אויפֿן אָנגעפּאַקטן קלומיק, וואָס איז פֿאַרוואָרפֿן אויף זײַנע אַקסלען, ווו עס געפֿינט זיך זיין געלונ־גענער פֿאַנג און שמייכלט האָפֿערדיק.

אַ צווייטער באַקלאָגט זיך מיט אַ געפֿאַלן קול, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין מזל. אויף דעם פּלאַץ, ווו ער האָט אויסגעקליבן, זײַנען נאָר געווען „שנאָרכעלעך" קיי און שפּיי, ס'איז נישט כדאי געווען די גאַנ־צע מי.

אָוונט־צייט, ווען ס'ווערט אינגאַנצן פֿינצטער, קוקט אַראָפּ דער לייכט־טורעם מיט אַ מאַיעסטעטישער גדלות. דאָס בלענדנדיק שאַרפֿע ליכט פֿון די רעפֿלעקטאָרן קרײַזט נאָכאַנאַנד דעם רוים. דאָס רויט־גרינע ליכט שפּיזלט דעם טונקעלן האָריזאָנט, זוכט און פֿאָרשט, מונטערט און וועקט...

דאָס שטראַלנדיקע ליכט אַנטקעגן דער אַרומיקער פֿינצטערניש זעט אויס, ווי אַ פֿייערדיקער שטורקאַץ, וואָס וויל פֿאַריאָגן די טונקלקייט, פֿאַרטרייבן די שאָטנס וואָס באַהאַלטן זיך היגטער די פֿעלדזן, קלייבן זיך מהנותוויז און ווילן אַרומרינגלען דעם לייכט־טורעם פֿון אַלע זייטן...

ס'קומט פֿאָר אַ פֿאַרמעסט, אַ פֿאַרביסענער געראַנגל, ביז דער לייכט־טורעם אַ שטראַלנדיקער, פֿייערט זיין זיג. די אָנגרייפֿנדיקע שאָטנס טרעטן אָפּ, דערשרעקן זיך פֿאַר דער בלענדנדיקער שיין, וואָס פֿאַלט פֿון הויכן טורעמל און ווי אַן אָנגעצונדענער פֿאַקל אויף אַ הויכן באַרג — אַזוי יובלט ער מיט זיין דערגרייכטן נצחון...

